א. ס. טורגעניעוו

# א פריצישער הויף

## ДВОРЯНСКОЕ ГНѢЗДО

ראָמאַן אין פינף און פופציג קאַפיטלען
מיט אַן עפּילאָג.

איבערזעצט פון
ה. ראָזענפעלד

מאַקס נ. מייזעל
אידישער פארלאג פאר ליטעראַטור און וויסענשאַפט
424 גרענד סטריט, ניו יאָרק
1921



# 1.

דער ליכטיגער פריהלינג טאָג האָט אָנגעפאנגען אפצושטאר־
בען. קליינע ראָז־קאָלירטע וואָלקענדלאך זיינען געשטאנען הויך
איבערן הימעל, און עס האָט זיך געדוכט, אז זיי געהען ניט פאר־
ביי, נאָר האָבען זיך אוועקגעלאָזט אין דער סאמע טיעף פון דער
בלויקייט.

נעבען אן אָפענעם פענסטער פון א שעהן הויז, אויף איי־
נער פון די עקסטע גאסען פון דער פראווינציעלער הויפט־שטאָדט
א... (דאָס איז געווען אינ'ם יאָהר 1842), זיינען געזעסען צוויי
פרויען; איינע פון א פופציג יאָהר, די צווייטע שוין אן אלטינ־
קע, פון א יאָהר זיעבעציג.

די ערשטע האָט געהייסען מאריא דמיטריעוונא קאליטינא.
איהר מאן, א געוועזענער גובערנסקי פראָקוראָר, א גאנצער מאכער
אין זיין צייט — אן ענערגישער און ענטשלאָסענער, אן אויפגע־
רעגטער און אן עקשן — איז געשטארבען מיט צעהן יאָהר צוריק.
ער האָט געהאט א וואוילע ערציהונג, געלערענט אין אן אוניווערזי־
טעט, נאָר אזוי ווי ער האָט געשטאמט פון אן ארעמער פאמיליע,
האָט ער נאָך יונגערהייד פארשטאנען אליין זיך אויסלייגען א
וועג און אפשפּאָרען א קערבעל. מאריא דמיטריעוונא האָט מיט
איהם חתונה געהאט אויס ליעבע; ער איז געווען ניט מיאוס, קלוג
און, ווען ער האָט נאָר געוואלט, אויך ליעבליך. מאריא דמיטריעוו־
נא (מיידעל־ווייז האָט מען זי גערופען פעסטאווא) איז געבלי־
בען א יתומה נאָך קינדווייז, האָט פארבראכט עטליכע יאהר אין
מאָסקווא, אין אינסטיטוט, און ווען זי איז צוריקגעקומען פון
דארטען, האָט זי געוואוינט מיט א מוהמע איהרער און מיט איהר
עלטערען ברודער טאקע אין איהר אייגען דאָרף, א ווערסט פופ־
ציג פון דער שטאָדט א... איהר ברודער האָט זיך אין א קורצער
צייט אָרום איבערגעקליבען קיין פעטערבורג אויף א שטעלע, און

האָט געהאַלטען אי די שוועסטער אי די מוהמע אין שפּלות, ביז דער טוידט האָט זיך ניט אַריינגעמישט און זיי ביידע מציל געווען פון זיינע הענט. מאַריא דמיטריעוונא האָט גע'ירש'עט דאָס דאָרף פּאַקראָווסקאָיע, נאָר זי האָט דאָרטען געוואוינט ניט לאַנג; אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך איהר חתונה מיט קאַליטינען, וועלכער האָט אין איינע עטליכע טעג געוואונען איהר האַרץ, האָט מען פּאַקראָווסקאָיע אויסגעביטען אויף אַן אַנדער מאַיאָנטעק, הגם ניט אַזאַ גרויסאַרטיגען און אָהן אַ הויף, אָבער דערפאַר מיט מעהר הכנסה. אין יענער צייט טאַקע האָט קאַליטין געקויפט אַ הויז אין דער שטאָדט אָ., וואו ער האָט זיך באַזעצט מיט'ן ווייב אויף שטענדיג. נעבען הויז איז געווען אַ גרויסער סאָד; פון איין זייט האָט ער זיך אַריינגעשניטען גלייך אין די פעלדער, הינטערן שטאָדט. קאַליטין, וואָס איז ניט געווען קיין גרויסער בעלן אויף דער דאָרפישער שטילקייט, האָט איצטער באַשלאָסען, אַז ס'איז ניטאָ צוליעב וואָס זיך צו שלעפּען אין דאָרף אַריין. מאַריא דמיטריעוונא האָט ניט איינמאָהל זיך פאַרביינקט נאָך איהר שעהנעם מאַיאָנטעק פּאַקראָווסקאָיע, נאָכ'ן פרעהליכען טייכעל, נאָך די ברייטע לאָנקעס און גרינע וועלדלאַך; זי האָט אבער אין קיין זאַך ניט מעיז געווען איהר מאַן, זי פלעגט גרויס דרך־ארץ האָבען פאַר זיין שכל און פאַר זיין קענען די וועלט. און ווען ער איז, מיט פופצעהן יאָהר נאָך דער חתונה, געשטאַרבען, איבערלאָזענדיג דריי יתומים, אַ זוהן און צוויי טעכטער האָט שוין מאַריא דמיטריעוונא זיך אַזוי געהאַט צוגעוועהנט צום הויז און צום שטאָדטיגען לעבען, אַז זי האָט שוין אליין קיין חשק ניט געהאַט פאַרלאָזען די שטאָדט אָ...

אין דער יוגענד האָט מאַריא דמיטריעוונא גע'שם'ט פאַר אַ שעהנינקער בלאָנדינקע, און אפילו איצטער, שוין קרוב צו פופציג יאָהר, ליגט נאָך אויך אויף איהר אַ מין חן, הגם, איהרע שטריכען פונ'ם פּנים זיינען שוין אביסעל אנגעשוואָלען און צושוואומען. זי איז געווען מעהר סענטימענטאַל ווי גוט, און ביז די עלטערע יאָהרען האָט זי זיך ניט געקענט באַפרייען פון די אינסטיטוט־געוועהנהייטען. זי האָט זיך צופּעסטעט, פלעגט גרינג אויפגערייצט ווערען און אפילו וויינען, ווען מען האָט געשטערט איהרע גע־

וועהנהייטען; דערפאר איז זי געווען זיס און ליעבליך, ווען מען האָט איהר ניט וויעדערשפּראָכען און מען האָט ערפילט אַלע איהרע פאָרלאנגען. איהר הויז האָט זיך גערעכענט צווישען די אָנגענעהמסטע אין שטאָדט. אַ פאַרמעגען האָט זי געהאַט אַ גאַנץ פיינעם, צו איהר אייגענער ירושה איז צוגעקומען נאָך אַ גרעסערע, וואס איהר מאַן האָט אָנגעזאמעלט. ביידע טעכטער זיינען געווען מיט איהר צוזאַמען; דער זוהן האָט זיך ערצויגען אין איינעם פון די בעסטע רעגיערונגס־אַנשטאַלטען פון פּעטערבורג.

די אַלטינקע, וואס איז געזעסען מיט מאַריא דמיטריעוונא'ן נעבען פענסטער איז געווען יענע מוהמע, איהר פאָטערס אַ שוועסטער, מיט וועמען זי האָט אמאָל פאַרבראַכט עטליכע איינזאַמע יאָהר אין פּאָקראָווסקאָיע. זי האָט געהייסען מאַרפאַ טימאָפעיעוונא פּעסטאָווא. זי האָט גע'שם'ט פאַר אַביסעל אַ צודרעהטער, געהאַט אַ פעסטען כאַראַקטער, געזאָגט אַלעמען דעם אמת אין די אויגען און כאָטש קיין נגידת'טע איז זי ניט געוועזען, האָט זי זיך געהאַלטען, ווי זי וואָלט געהאַט טויזענדער. דעם פאַרשטאָרבענעם קאַליטינען האָט זי ניט געקענט סובל זיין, און ווי נאָר איהר פּלימעניצע האָט מיט איהם חתונה געהאַט, איז זי אַוועק צו זיך אין דאָרף און האָט דאָרט אָפּגעוואוינט צעהן גאַנצע יאָהר ביי אַ פּויער ערגעץ אין אַ כאַטקע אָהן אַ קוימען. מאַריא דמיטריעוונא פּלעגט אונטערציטערן פאַר איהר. אַ קליינינקע, אַ שוואַרצינקע מיט אַ פאַרשפּיצטען נעזעל פּלעגט מאַרפאַ טימאָפעיעוונא לעבעדיג זיך באַוועגען, שטעהען גלייך ווי אַ סטרונע, רעדען גיך און קלאָר מיט אַ דין קלינגענדיג קול'כעל. שטענדיג האָט זי געטראָגען אַ ווייסע הויב און אַ ווייסע קאָפטע.

— וואס איז? — האָט זי פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן מאַריא דמיטריעוונאַ. — וואָס זיפצסטו עפּעס, מאַמע מיינע?

— אַזוי, האָט יענע אַ זאָג געטאָן. — ס'אַרא וואונדערבאַרע וואָלקענס.

— האָסטו אויף זיי רחמנות, צי וואס?

מאַריא דמיטריעוונא האָט גאָר ניט געענטפערט.

— פאַרוואס קומט עפּעס ניט געדעאָנאָווסקי? — האָט מאַרפאַ טימאָפעיעוונא אַ זאָג געטאָן, און שנעל געדרעהט מיט

די דריטלאך ((זי האָט געשטריקט א גרויסען וואָלענעם שארף).
— ער וואָלט דיר אונטערגעהאָלפען זיפצען — אגיט וואָלט ער אזוי עפּעס אפּגעטאָקט.

— שטענדיג רעדט איהר פון איהם צו בייזען! סערגעי פּעטראָוויטש איז א בכבוד'יגער מענש.

— א בכבוד'יגער — האָט די אַלטינקע איבערגע'חזר'ט מיט א פאָרוואורף.

— ער איז דאָך אזוי געטריי געווען מיין מאַן, עליו השלום!
— האָט מאַריא דמיטריעוונא א זאָג געטאָן. עד היום קען ער נאָך גלייכגילטיג איהם ניט דערמאָנען.

— אודאי! ער האָט דאָך איהם פאר די אויערן פּשוט פון דער בלאָטע ארויסגעשלעפּט, — האָט מארפא טימאָפעיעוונא א בורטשע געטאָן, און די דריטלאך האָבען זיך נאָך שנעלער צו־טאַנצט אין איהרע הענט.

— קוקט אוים ווי א צדיק א גאַנצער, — האָט זי נאָך אמאָל אָנגעפאנגען, — קיין שפּרינקעלע ניטאָ אויף איהם, עפּענט ער אבער דאָס מויל, גליטשט זיך באלד ארוים א ליגען אדער עפּעס א רכילות. און דאָס איז נאָך א שטאַטסקי סאָוועטניק! דערצו נאָך א גלח'ס א זוהן!

— ווער־זשע זינדיגט ניט אויף דער וועלט, מוהמעניו? אמת, ער האָט טאקע אָט די שוואכקייט. סערגעי פּעטראָוויטש האָט קיין ערציהונג ווירקליך ניט געקראָגען, קיין פראנצויזיש קען ער ניט רעדען אבער, ווי איהר ווילט זיך, אן אנגענעהמער מענש איז ער.

— יא, ער לעקט דאָך ביי דיר אַלץ דאָס הענטעל. ער רעדט ניט קיין פראנצויזיש, — אזא'ן אומגליק! איך אליין בין אויך ניט אזא בקי אין דעם לשון. הלואי וואָלט ער בעסער עפּעס אנ־דערש ניט גערעדט: הלואי וואָלט ער ניט געליינט. נאָר אָט איז ער, געווען משיח'ן דערמאָנען, — האָט מארפאַ טימאָפעיעוונא צוגעלעגט, א קוק טוענדיג אין גאַס. — אָט שפּאַנט ער, דיין אנ־גענעהמער מענש. ס'אַרא לאַנגער, ווי א בושעל!

מאַריא דמיטריעוונא האָט אביסעל צוגעקאַמט איהר לאַ־

קען. מארפא טימאָפעיעוונא האָט א קוק געטאָן אויף איהר מיט א שמייכעל.

— וואס איז דאָס דארטען ביי דיר, שוין א גרויע האָר, מאַמע מיינע? זאלסט אָפּגעבען א פּסק דיין פּאלאשקען. וואס טראכט זי זיך?

— שטענדיג זוכט איהר זיך נאָר, מוהמעניו, שטענדיג... — האָט מאַריא דמיטריעוונא א בורטשע געטאָן מיט פּארדרוס און האָט אָנגעפאנגען צו קלאפּען מיט די פינגער איבער דעם פּאַרענטש פון שטוהל.

— סערגעי פּעטראוויטש גערעאָנאוסקי — האָט אויסגעפּישטשעט א רויטינקער קאזאקעל, וואס איז ארויסגעשפּרונגען פון הינטער דער טיר.

## .2

עס איז אריינגעקומען א הויכער מאן אין א נעטען פראַק, מיט קורצינקע, שמאָלינקע הויזען, גרויע זאמשענע הענטשקעס און צוויי שניפּסלאך — איינס א שווארץ פון אויבען, דאָס צווייטע א ווייס פון אונטען. פון אלעם אויף איהם האָט געאָטעמט מיט אנשטענדיגקייט און ארטיגקייט, פון זיין שעהנעם פּנים און גלאַטיג־פּארקאממטען קאָפּ ביז די שטיוועל אָהן קנאפּעל און אָהן סקריפּ. ער האָט זיך פארנייגט פריהער פאר דער באַלעבאָסטע, דערנאָך פאר מארפא טימאָפעיעוונא, און, פּאמעלאך אראָפּציהענדיג די הענטשקעס, האָט ער זיך א לאָז געטאָן צום הענטעל פון מאַריא דמיטריעוונא. א קוש געטאָן דאס מיט דרך־ארץ און צוויי מאָל איינס נאָכ'ן אנדערן, האָט ער זיך אוועקגעזעצט ניט־איילעדיג אויף א שטול, מיט א שמייכעל א רייב געטאָן די סאמע שפּיצען פון די פינגער און א זאָג געטאָן:

— און וואס מאכט עפּעס יעליזאוועטא מיכאילאָוונא, געזונד?

— יא, — האָט מאַריא דמיטריעוונא געענטפערט, — זי איז אין סאָד.

— און יעלענא מיכאילאָוונא?

— לענאטשקא איז אויך אין סאַד. ס'איז דאָ אפשר עפּעס נייס?

— אודאי, אודאי איז דאָ, — האָט דער גאסט געענטפערט און פּאַמעלאך א פּאָר געטאָן מיט די ליפּען אהער און אהין. — הם! אָט האָט איהר א נייס, טאַקע א חדוש'ליכע: פעאָדאָר איוואַנאָוויטש לאַווּרעצקי איז געקומען.

— פעדיאַ? — האָט מארפא טימאָפעיעוונא אויסגעשריען.

— טאָקסטו, טאטע מיינער, דאָ איצטער ניט אָפּ קיין ליגען?

— ניין, איך האָב איהם אליין געזעהן.

— נו, דאס איז נאָך ניט קיין באווייז.

— זיי זיינען זעהר געזונד געוואָרען, — דערצעהלט גע־דעאָנאָווסקי ווייטער, ווי ער האָט כלומר'שט ניט איינגעהערט מארפא טימאָפעיעוונא'ס באמערקונג. — די פּלייצעס זיינען ביי זיי אביסעל ברייטער געוואָרען און דאָס פּנים רויט.

— געזונטער געוואָרען, — האָט מאַריא דמיטריעוונא צוצוי־גען די ווערטער: — פון וואס, מאָלט אייך, האָט ער געקענט גע־זונטער ווערען?

— נו, יאָ, — האָט געדעאָנאָווסקי געענטפערט: — אַן אנ־דערער אויף זיין פּלאַץ וואָלט זיך אפילו געשעמט די נאָז ארויס־צושטעקען.

— פארוואס עפּעס? — האָט מארפא טימאָפעיעוונא אי־בערגעשלאָגען; — וואס איז דאָס פאר אן אונזין? א מענש קומט צוריק א היים — וואוהין דען וואָלט איהר איהם באפוילען אוועק? גלייך ווי ער וואָלט עפּעס א מעשה פארשטופּט!

— דער מאַן, מיט רעספּעקט צו מעלדען, איז שטענדיג שול־דיג, מאדאם, ווען זיין פרוי פיהרט זיך אויף ניט־גוט.

— אָט דאָס, טאטע מיינער, זאָגסטו דערפאר, וואָס דו האָסט קיינמאָל ניט חתונה געהאט. — געדעאָנאָווסקי האָט ניט ווילענ־דיג א שמייכעל געטאָן.

— ענטשולדיגט מיין נייגעריגקייט, — האָט געדעאָנאָווסקי זיך אָנגערופען נאָך א קורצער פּאַוזע, — וועמען איז באשערט אזא זיסינקער שאַרף?

מארפא טימאפעיעוונא האט אויף איהם געווארפען א שנעלען בליק.

— ער איז באשערט דעם, — האט זי געענטפערט: — ווער ס'טרייבט קיינמאל ניט קיין רכילות, וואס ביטרעוועט ניט און ליינט ניט, אויב ס'איז נאר דא אזא מענש אויף דער וועלט. פעדיא'ן קאן איך גוט; שולדיג איז ער נאר דערמיט, וואס ער האט צופיעל צולאזען זיין פרוי. יא, און חתונה געהאט האט ער אויס ליעבע, און פון אט די ליעבעס קומט קיינמאל קיין גוטס ניט ארויס, — האט די אלטינקע צוגעלעגט, א קרומען קוק געטאן אויף מאריא דמיטריעוונא און איז אויפגעשטאנען. — און איצטער, טאטע מיינער, שארף די צייהנדעלאך אויף וועמען דו ווילסט, אפילו אויף מיר אליין; איך געה אוועק און וועל ניט שטערען. — און מארפא טימאפעיעוונא איז אוועק.

— אזוי איז זי שטענדיג, — האט מאריא דמיטריעוונא א זאג געטאן און זי באגלייט מיט די אויגען: — שטענדיג!

— די יאהרען זייערע! וואס קען מען העלפען! — האט געדעאנאווסקי באמערקט. — אט, למשל, האבען זיי געזאגט: ווער עס ביטרעוועט ניט. אבער ווער ביטרעוועט ניט היינטיגע צייטען? איינער א באקאנטער מיינער, א זעהר בכבוד'יגער מענש און, לאם איך אייך זאגען, טאקע א הויכער באאמטער אויך, פלעגט שטענדיג זאגען: היינטיגע צייטען, זאגט ער, רוקט זיך א הון צום קערענדעל, זאגט ער, אויך מיט חכמה — אלע פרואווען צוקומען פון דער זייט. און איהר, מאדאם, האט דאך באמת א מלאך־הארץ; גיט מיר, איך בעט אייך, אייער שנעה־ווייסע הענטעלע.

מאריא דמיטריעוונא האט א שמייכעל געטאן, אויסגעצויגען צו געדעאנאווסקי'ן איהר אנגעבלאזענע האנט, מיט'ן פיפטען פינגערעל אפגעטיילט. ער האט צוגעלעגט זיינע ליפען צו איהר; זי האט אביסעל צוגערוקט איהר שטול צו איהם, זיך קוים־קוים איינגעבויגען און שטיל א פרעג געטאן:

— האט איהר איהם טאקע געזעהן? און זעהט ער טאקע באמת אויס ניש־קשה, געזונד, פרעהלאך?

— פרעהלאך, ניש־קשה, — האט גערעאַנאָוואסקי קוים אַרויס־געשושקעט.

— און איהר האט ניט געהערט וואו זיין ווייב איז איצטער?

— די לעצטע צייט איז זי געוועזן אין פאריז; איצט, זאגט מען, איז זי אפגעפאָרען קיין איטאַליען.

— פעדיא'ס לאגע איז באמת שרעקליך; איך וויים גאר ניט, ווי ער וועט דאָס אַלעם אַריבערטראַגען. ביי יעדען טרעפט א מאָל אַן אומגליק, איהם האט מען אבער פובליקירט איבער גאַנץ אייראָפּאַ.

גערעאַנאָוואסקי האָט א זיפץ געטאָן.

— יא, יא. מען זאָגט דאָך, אז זי האט זיך דארט אַרומגע־פיהרט מיט אַרטיסטען און פיאַניסטען און ווי מען רופט זיי דאָר־טען, מיט לייבען און מיט חיות רעות. גאר די חרפה פאַרלאָרען...

— א רחמנות, א גרוים רחמנות, — האט מאריא דמיטריעוו־נאַ א זאָג געטאָן: — פאַרט א קרוב; ווייסט איהר, סערגעי פעט־ראַוויטש — ער איז דאָך מיינער א גליד־גליד געשוועסטערקינד.

— אודאי, אודאי. ס'הייסט איך'ל ניט וויסען, וואס ס'איז שייך צו אייער פאַמיליע? וואס רעדט איהר?

— ווי מיינט איהר, ער וועט קומען צו אונז?

— ס'קען זיין, און אפשר, זיי קלייבען זיך אפפאָהרען צו זיך אין דאָרף אַריין.

מאריא דמיטריעוונא האט אויפגעהויבען די אויגען צום הי־מעל.

— אך, סערגעי פעטראַוויטש, סערגעי פעטראַוויטש, אז איך דערמאָן זיך, ווי אַזוי מיר, פרויען, דאַרפען זיך פאָרזיכטיג אויפ־פיהרען!

— ניט אַלע פרויען זיינען גלייך, מאריא דמיטריעוונא. צום אומגליק זיינען דאָ אַזעלכע, וואס האָבען ניט קיין פעסטען כאַראַק־טער.. נו אין די יאָהרען; און ווידער, קיין דרך ארץ האָט מען זיי קליינערהייד ניט געלערענט. (סערגעי פעטראַוויטש האָט פון קעשענע אַרויסגענומען א קליין געקעסטעלט טיכעלע און דאָס פאַ־מעלאך צונומען). — אַזעלכע פרויען זיינען, פאַרשטעהט זיך, דאָ. (סערגעי פעטראַוויטש האט צוגעטוליעט א ווינקעל פונ'ם טיכעלע

פריהער צו איין אויג, נאָכדעם צום צווייטען). נאָר אין אַלגע־מיין גערעדט, ווען מען טראַכט זיך אריין, דאָס הייסט... דער שטויב אין שטאָדט איז מסוכן, — האָט ער געענדיגט.

— Maman, Maman, — האָט אַ געשריי געטאָן אַ שעה־גינקע עלף־יאהריגע מיידעלע, אריינלויפענדיג אין צימער: — אַט פאָהרט צו אונז וולאַדימיר ניקאָלאיעוויטש, רייטענדיג פאָהרט ער!

מאריא דמיטריעוונא האָט זיך אויפגעהויבען; סערגעי פּעט־ראוויטש איז אויך אויפגעשטאַנען און האָט זיך פארנייגט. — אַה, יעלענא מיכאילאָוונא, וואס מאַכט איהר עפּעס? — האָט ער אַ זאָג געטאָן, איז אוועק אין אַ ווינקעל, צוליעב דרך־ארץ און דאָרט אָנגעפאנגען צו שנייצען זיין לאַנגען אָפּגעטאָקטען נאָז.

— ס'אַרא טייער פערדעל ער האָט! — האָט דאָס מיידעלע ווייטער גערעדט. — ער איז נאָר וואס געווען ביי דער פּאַרטקע און מיר מיט ליזא'ן געזאָגט, אז ער פאָהרט אונטער צום גאַניקעל!

עס האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון קאָפּיטעס; אַ שלאַנ־קער רייטער אויף אַ שעהנעם ברוינעם פערד האָט זיך באַוויזען אין גאַס און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אָפענעם פענסטער.

## 3.

— אַ גוטען אָוונט, מאריא דמיטריעוונא! — האָט דער רייטער אויסגעשריען מיט אַ קלינגענדיגער, אנגענעהמער שטימע. — ווי געפעלט אייך עפּעס מיין נייע מציאה?

מאריא דמיטריעוונא איז צוגעגאַנגען צום פענסטער.

— אַ גוטען אָוונט וואָלדעמאר! אַך, ס'אַרא פיינער פערד! ביי וועמען האָט איהר איהם געקויפט?

— ביים מיליטערישען פערד־איינברעכער... אַ מטמון מיט גאָלד האָט ער צוגענומען, דער גזלן.

— ווי רופט מען דעם פערד?

— אָרלאַנד... נאָר דאָס איז עפּעס אַ נאַרישער נאָמען. איך וויל איהם איבערבייטען... Eh bien, eh bien, mon garcon. ס'אַרא אונרוהיגער ער איז!

דער פערד האָט געפּאָרסקעט, איבערגעשפּאַנט פון איין פוס אויף דעם צווייטען און געטרייסעלט מיט דער פאַרשווימטער מאָר־דע.

— לענאטשקא, גיט איהם אַ גלעט, האָט קיין מורא ניט...

דאָס מיידעלע האָט אַרויסגעשטעקט איהר הענטעל דורכ'ן פענסטער, נאָר אָרלאַנד האָט זיך פּלוצלונג אַ שטעל געטאָן אויף די הינטערשטע קאָפּיטעס און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אָן אַ זייט. דער רייטער איז דערפון ניט נתפעל געוואָרען; ער האָט איהם אַ ציה געטאָן ביים צוימעל און אַ שמיץ געטאָן מיט'ן בייטשעל איבער'ן האלדז און, ניט קוקענדיג אויפ'ן פערד'ס עקשנות, האָט ער איהם דאָך אוועקגעשטעלט צוריק נעבען פענסטער.

—Prenez garde, Prenez garde,— האָט מאַריא דמיט־ריעוונא געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען.

— טוט איהם אַ גלעט, לענאטשקע, — האָט דער רייטער געענטפערט. — איך'ל איהם ניט לאָזען אייך עפּעס טאָן.

דאָס מיידעלע האָט נאָך אַ מאָל אויסגעשטרעקט די האַנד און שרעקענדיג אַ ריהר געטאָן די ציטערנדע נאָזדרעס פון אָר־לאַנדען, וואס האָט געהאַלטען אין איין ציטערן און אַלץ געריסען דאָס צוימעל.

— בראַוואָ! — האָט מאַריא דמיטריעוונא אַ געשריי גע־טאָן, — און איצט קריכט אַראָפּ פונ'ם פערד און קומט אַריין צו אונז.

דער רייטער האָט וואוילעריש אַ דרעה געטאָן דאָס פערד, איהם אַ דריק געטאָן מיט די שפּאָרען, זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַ דריבנעם גאַלאָפּ איבערן גאַס און אַריין אין הויף. אין אַ מינוט אַרום איז ער אַריינגעלאָפען פונ'ם פאָרצימער אין גאַסט־צימער, פאָכענדיג מיט'ן בייטשעל; אין דער זעלביגער צייט איז דורך אַ צווייטער טיר אַריין אַ שלאַנקע, הויכע, שוואַרץ־חן'עוודיגע מייד־על פון אַ יאָהר נייגצעהן, — מאַריא דמיטריעוונא'ס עלטערע טאָכטער, ליזא.

.4

דער יונגערמאַן, מיט וועמען מיר האָבען נאָר־וואָס באַקאַנט
דעם לעזער, האָט געהייסען וולאַדימיר ניקאָלאַיעוויטש פאַנשין,
ער האָט געדיענט אין פּעטערבורג אין דעם מיניסטעריום פון אינער־
ליכע אַנגעלעגענהייטען, באַשעפטיגט זיך דאָרטען מיט ספּעציעלע
ענינים. אין דער שטאָדט א. . . איז ער געקומען צוליעב א צייט־
ווייליגען רעגיערונגס־אויפטראַג און איז געווען אינ'ם רשות פונ'ם
גובערנאַטאָר, גענעראַל זאָנענבערג, טאַקע זיינער עפּעס א ווייטער
קרוב. פאַנשין'ס פאָטער, א געוועזענער שטאַב־ראַטמיסטער, א
באַוואוסטער קאָרטען־שפּיעלער, א מענש מיט זיסע אויגען, א גע־
קנייטשטען פּנים, מיט א נערוועזער ציטערניש אין די ליפּען, האָט
זיך אַלע זיינע יאָהרען געריבען צווישען די פּני, געווען אַן אָפטער
אַריינגעהער אין די ענגלישע קלובען פוןביידע הויפּט־שטעדט און
האָט גע'שם'ט פאַר א פעהיגען, ניט זעהר קיין געשטעלטען, נאָר
וואוילען חברה־מאַן. מיט אַלע זיינע פעהיגקייטען איז ער, פונ־
דעסטוועגען, שטענדיג געווען אויף צרות, כמעט אַן אָרימאַן; זיין
בן־יחיד האָט ער איבערגעלאָזען א קליינע בעל־הבית'ישקייט, וואָס
האָט זיך געהאַלטען אויף הינערשע פיסלאַך. דערפאַר האָט ער
זעהר פיעל געזאָרגט, לויט זיין השגה, פאַר'ן זוהן'ס ערציהונג:
וולאַדימיר ניקאָלאַיעוויטש אָט זעהר גוט גערעדט פראַנצויזיש,
ניש־קשה'דיג ענגליש און קוים־קוים דייטש. אַזוי דאַרף טאַקע
זיין: לייטישע מענשען שעמען זיך צו קענען ריי־
דען גוט דייטש. אַמאָל, ביי א ציקאַווער געלעגענהייט — מעג מען.
C’est meme tres chick, ווי עס דריקען זיך אויס די פּעטער־
בורגער פראַנצויזען. וולאַדימיר ניקאָלאַיעוויטש האָט שוין ביי
פופצעהן יאָהר געקענט אַריינקומען אין יעדען קלוב, לחלוטין ניט
צוטומעלט ווערען, גאַנץ וואוילעריש אַביסעל זיך אַרומדרעהען און
אַרויסגעהן אין צייט. פאַנשין'ס פאָטער האָט באַזאָרגט זיין זוהן
מיט א ברייטער באַקאַנטשאַפט; צווישען איין קאָן און דעם
צווייטען, ביי די קאָרטען אָדער נאָך א געלונגענעם איינפאַל, האָט
ער קיין איין געלעגענהייט ניט דורכגעלאָזט אַריינצוואַרפען א
גוט וואָרט פאַר זיין „וואָלאָדקען“ צו עפּעס א וויכטיגער פּער־

זענליכקייט, וואָס איז א ליעבהאָבער פון קאָמערציעלע שפּילען. וולאדימיר ניקאָלאיעוויטש האָט זיך אליין באקאנט, בעת ער האָט נאָך געלערענט אין אינווירזיטעט, פון וואנען ער איז ארויס מיט'ן טיטול פון א ווירקליכען סטודענט, מיט עטליכע יונגע מיוחסים און איז געוואָרען אן ארייננעהער אין די פאָרנעהמסטע הייזער. איבעראל האָט מען איהם צופריעדען אויפגענומען; געווען איז ער ניט קיין מיאוסער, א צוגעלאָזענער און א פרעהליכער, שטענדיג געזונד און גרייט אויף אלעם; וואו מען האָט געדאַרפט — א בעל דרך ארץ, וואו מען האָט געקענט א חוצפה'ניק, אן אויסגע־צייכענטער חבר, מיט איין וואָרט ''Un Charmant Garcon'' די הייליגע טויערען האָבען זיך פאר איהם צועפענט. פאנשין האָט שנעל טופס געווען דעם סוד פון דער וועלטליכער וויסענשאפט. עס האָט זיך איהם איינגעגעבען ארייננצוזאפּען אלע איהרע דינים, ער האָט געקענט מיט א האלב־סארקאַסטישען ערנסט זיך באשעפ־טיגען מיט א נעכטיגען טאָג און צייגען דערביי, אז ביי איהם איז אלעס וויכטיגעס באמת א נעכטיגער טאָג. געטאנצט האָט ער אויסגעצייכענט און געקליידט האָט ער זיך ווי אן ענגלענדער. גאָר אין א קורצער צייט איז ער פאר'שם'ט געוואָרען פאר איינעם פון די ליעבליכסטע און פעהיגסטע יונגע לייט אין פּעטערבורג. פאנשין איז ווירקליך געווען זעהר פעהיג, — ניט ערגער פונ'ם פאָטער: נאָר ער איז געווען פיעל מעהר באגאבט. אלעס האָט זיך איהם איינגעגעבען: ער האָט געזונגען זיס און קרעפטיג גע־מאָהלען, געשריעבען ליעדער און גאָר ניט שלעכט געשפּיעלט אויף דער ביהנע. צו אכט־און־צוואנציג יאָהר איז ער שוין געווען א קאַמער־יונקער און האָט שוין געהאט א גאנץ נישקשה'דיגען ראנג. פאנשין האָט שטארק געגלויבט אין זיך, אין זיין חכמה, אין זיין טיעפען און ווייט־ארייננדרינגענדען בליק; ער האָט מארשירט פאָר־ווערטס זיכער און פרעהליך, מיט'ן פולען אימפּעט; זיין לעבען האָט זיך געגליטשט ווי אויף פּוטער. ער האָט זיך איינגעוועהנט אלעמען צו געפעלען, אלט און יונג, און האָט געקלערט, אז ער קען מענשען, ספּעציעל פרויען: ער האָט גרונטליך געוואוסט אלע זייערע געוועהנטליכע שוואכקייטען. אלס א מענש, וועמען קונסט איז ניט פרעמד, האָט ער באזעסען א געוויסע מאָס היץ, ענטוזיאזם,

התפּעלות און דערפאַר האָט ער זיך ערלויבט אביסעל אָפּצואווענ־דען פונ'ם אויסגעטראָטענעם וועג: מאַכען אַ לחיים, זיך באַ־קענען מיט מענשען ניט פון דער „געזעלשאַפט", און, בכלל, האָט ער זיך געהאַלטען פריי און איינפאַך; אין הארצען איז ער אָבער געווען אייז־קאַלט און ביטרע, און אינ'ם סאַמע ברען פון דער טומעלדיגסטער הוליאנקע, האָט זיין קלוג גרוי אויגעל אַלץ גע־וואַכט און נאָכגעשפּירט. אָט דער אומערשראָקענער, אָט דער פרייער אינגעל האָט קיינמאָל זיך ניט געקענט פארגעסען, קיינמאָל ניט געקענט ארייגעשלעפּט ווערען אינ'ם שטראָם פון התפּעלות. צו זיין עהרע מוז מען זאָגען, אַז ער האָט זיך קיינמאָל ניט באַ־ריהמט מיט זיינע נצחונות. מיט דער פאַמיליע פון מאַריאַ דמיט־ריעוונאַ איז ער באַקאַנט געוואָרען באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין דער שטאָדט א..., און איז דאָרט באַלד געוואָרען היימיש. מאַריאַ דמיטריעוונאַ איז אין איהם גאָר פארקאָכט געוואָרען.

פּאַנשין האָט זיך ליעבליך באַגריסט מיט אַלע אַנוועזענדע אין צימער, געדריקט די האַנט אי מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ן אי יעליזאַוועטאַ מיכאַילאָווגאַ'ן, פריינדליך אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע געדעאָנאָווסקי'ן, זיך וואַוילעריש אַ דרעה געטאָן אויף די קנאַ־פּעל, אַ כאַפּ געטאָן לענאָטשקען ביים קעפּעלע, אונטערגעהויבען זי אביסעל און איהר אַ קוש געטאָן אין שטערן.

— און איהר האָט גאָר קיין מורא ניט צו פאָהרען אויף אַזאַ ווילדען פערד? — האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ איהם אַ פרעג געטאָן.

— וואָס רעדט איהר! ער איז דאָך אַ שטילינקער; מורא האָב איך נאָר פאַר איין זאַך: איך האָב מורא צו שפּיעלען פרע־פעראַנס מיט סערגעי פּעטראָוויטשען; נעכטען האָט ער מיך ביי די גאַליצינס אין הויז אינגאַנצען אויסגעבייטעלט.

געדעאָנאָווסקי האָט זיך צולאַכט מיט אַ דריבנינקען און אונטערטעניגען געלעכטערעל: ער האָט זיך גע'חנפ'עט צום יונ־גען גלענצענדען פּעטערבורגער באַאַמטען, דעם גובערנאַטאָר'ס ליעבלינג. אין זיינע געשפּרעכען מיט מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ן פלעגט ער אָפט דערמאָנען פּאַנשין'ס גלענצענדע פעהיגקייטען. סטייטש פארוואָס, האָט ער גע'חקירה'ט, פארוואָס זאָל מען איהם ניט לויבען? דער יונגערמאַן איז אי ערפאָלגרייך אין דער העכסטער

געזעלשאפט, אי ער טוט זיין ארבייט בשלומות, אי ער האט ניט קיין טראפען גאוה. אגב, פאנשינ'ען האט מען אויך אין פעטער־בורג גערעכענט פאר א פעהיגען באאמטען: די ארבייט האט גע־ברענט אונטער זיינע הענט; ער האט גערעדט טאקע וועגען איהר מיט א שפאס, ווי עס פאסט פאר א וועלטליכען מענשען, וואס גיט ניט צו קיין ספעציעלע באדייטונג זיין אייגענער ארבייט, אבער ער איז געווען א „טוער". די באאמטע האבען ליעב אזעלכע ארויסהעלפער. ער אליין האט ניט געצווייפעלט אז ווי באלד איהם וועט זיך נאר פארגלוסטען, וועט ער מיט דער צייט ווערען א מיניסטער.

— איהר האט נאר־וואס באווירדיגט צו זאגען, אז איך האב אייך אויסגעבייטעלט, — האט גערעדאנאווסקי א זאג געטאן: — און ווער האט ביי מיר ערשט יענע וואך געוואונען צוועלף רובעל? און נאך...

— גזלן, גזלן, — האט פאנשין איהם איבערגעשלאגען מיט א ליעבליכער און קוים־קוים באמערקבארער נאכלעסיגקייט, האט אויף איהם אפילו ניט א קוק געטאן און גלייך צוגעגאנגען צו ליזא'ן.

— איך האב דא ניט געקענט געפינען אבערסאן'ס אוווערטיר־רע, — האט ער אנגעפאנגען: — בעליצינא האט זיך נאר באַ־ריהמט, אז ביי איהר איז דא די גאנצע קלאסישע מוזיק, — באמת האט זי גאר ניט אויסער פאלקעס און וואלצען; נאר איך האב שוין געשריבען קיין מאסקווא, און אין א וואך ארום וועט איהר קריגען אט די אוווערטיורע. אגב, — האט ער פארטגעזעצט, — איך האב נעכטען אנגעשריבען א נייעם ראמאנס; די ווערטער זיינען אויך מיינע. אויב איהר ווילט וועל איך דאס פאר אייך איבערזינגען. איך ווייס ניט, צי עס האט זיך מיר איינגעגעבען; בעליצינא זאגט אז דאס איז אויסגעצייכענט, אבער איהרע ווער־טער האבען ניט קיין באדייטונג, — איך וויל וויסען אייער מיינונג. נאר איך טראכט אפשר איז בעסער שפעטער...

— פאר װאס שפעטער? האט זיך מאריא דמיטריעוונא אריינגעמישט: — פאר וואס ניט איצטער?

— איך בין מרוצה, — האט פאנשין א זאג געטאן מיט עפעס א ליכטיג און זיס שמייכעלע, וואס האט זיך באוויזען און פאר־

שוואונדען פלוצלונג — צוגערוקט מיט'ן קניע דאָס פיאַנאָ־בענקעל, זיך אוועקגעזעצט נעבען דער פיאַנאָ, א נעהם געטאָן עטליכע אקאָר־דען און אָנגעפאנגען צו זינגען דעם פאָלגענדען ראָמאַנס, אָפּ־טיילענדיג דייטליך יעדעס וואָרט:

אין הימעל פון אויבען שווימט רוהיג
אויף וואָלקענדלאַך־בלאָס די לבנה.
א כישוף־שטראַהל איהרער באוועגט דאָך
א כוואַליע, וואָס רוישט אין די ימים.

דו ביסט די לבנה פון ימים,
וואָס רוישען אין הארצען אין מיינעם.
דו ברויזט אויף אַליין אין מיר שטענדיג
די פריידען און ליידען פון הארצען.

עס בענקט מיין נשמה נאָך ליעבע,
עס ברויזען דאָרט האָפנונגען שטומע...
נאָר דו ביסט געלאַסען און רוהיג
ווי אויבען די בלאַסע לבנה.

דעם צווייטען פערז האָט פאַנשין דורכגעזונגען מיט נאָר אַן אנדער אויסדרוק און קראַפט; אינ'ם שטורעמדיגען אקאָמפּאַני־מענט האָט מען געקענט הערען דאָס רוישען פון כוואַליעס. נאָך די ווערטער: „עס ברויזען דאָרט...", האָט ער א לייכטען זיפץ געטאָן, אראָפּגעלאָזט די אויגען און געענדערט די שטימע אין א מאָרענדאָ.*) ווען ער האָט געענדיגט, האָט ליזאַ אונטערגעכאַפּט די מעלאָדיע, מאַריאַ דמיטריעוונא האָט א זאָג געטאָן: אויסגע־צייכענט, — און געדעאָנאָווסקי האָט אפילו אויסגעשריען: — ענטציקענד! אי די פּאָעזיע, אי די האַרמאָניע, ביידע ענטצי־קענד! — לענאָטשקאַ האָט מיט א קינדערשען יראת־הכבוד א קוק געטאָן אויף'ן זינגער. מיט איין וואָרט, אַלע אנוועזענדע איז זעהר געפעלען געוואָרען די ארבייט פונ'ם יונגען דילעטאַנט;

*) אַ מין שטילען גוסס'ען.

נאָך הינטער דער טיר פון'ם גאַסט־צימער איז געשטאַנען אַן אַל־טער מאַן, וועמען פּאַנשין'ס ראָמאַנס, הגם אַזאַ זיסינקער, איז ניט געפעלען געוואָרען; דאָס האָט מען געקענט זעהען אויפ'ן אויסדרוק פון זיין אַראָפּגעלאָזטען פּנים און אויף זיין צוקען מיט די אַקסעל. ער האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט, אָפּגעטריי־סעלט דעם שטויב פון זיינע שטיוועל מיט אַ גראָב נאָז־טיכעל, פאַר־בלויזט די אויגען, שטרענג צוזאַמענגעפּרעסט די ליפּען, איינגעבוי־גען זיין, אַזוי אויך סטולעוואַטע פּלייצע, פאַמעלאַך זיך אריינ־געשאַרט אין גאַסט־צימער.

— אַ! כריסטאָפאָר פעדאָריטש, אַ גוטען אָוועגט! האָט פּאַנשין פריהער פאַר אַלעמען אויסגעשריען און האָט זיך שנעל אַ הויב געטאָן פון'ם בענקעל.

— ס'האָט זיך מיר אפילו ניט גע'חלומ'ט, אַז איהר זענט דאָ, — פאַר אייך וואָלט איך בשום אופן ניט געוואַגט צו זינגען מיין ראָמאַנס. איך וויים, איהר זענט אַ קליינער בעלן אויף גרינגע מוזיק.

— יאַ נע סלושיל,* — האָט דער אריינגעקומענער מאַן גע־ענטפערט אין אַ זעהר שלעכטען רוסיש, פאַרנייגט זיך פאַר אַלע־מען און איז עפּעס אומגעשיקט געבליבען שטעהן אין מיטען צי־מער.

— מוסיע לעמם, האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ אַ זאָג געטאָן, — איהר זענט געקומען געבען אַ מוזיק־לעקציע ליזאַ'ן?

— ניין, ניט ליסאַפּעט מיכאַילאָוונאַ'ן, נאָר עלען מיכאַי־לאָוונען.

— אַ! נו — זעהר גוט. לענאָטשקאַ, געה ארויף מיט'ן הער לעממ.

דער אַלטער האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָכ'ן מיידעלע, נאָר פּאַנ־שין האָט איהם אָפּגעשטעלט.

— כריסטאָפאָר פעדאָריטש, געהט ניט אוועק נאָך דער לעק־ציע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — איך מיט יעליזאַוועטאַ מיכאַי־לאָוונאַ'ן וועלען שפּיעלען בעטהאָווענס סאָנאַטאַ אין פיער הענט.

---

*) איך האָב ניט געהערט.

דער אַלטער האָט עפּעס אַ וואָרטשע געטאָן זיך אונטערן נאָז, און פאַנשין האָט ווייטער גערעדט, שוין אויף דייטש, זעהר שלעכט ארויסרעדענדיג די ווערטער:

— יעליזאַוועטא מיכאַילאָוונאַ האָט מיר געוויזען די היילִיגע קאַנטאַטע, וואָס איהר האָט איהר געשענקט, — אַ גלענצענדע שטיקעל ארבייט! איך בעט אייך, מיינט ניט, אַז איך קען ניט אָפּשאַצען קיין ערנסטע מוזיק, — אדרבא: זי איז אַ מאָל אומעטיג, נאָר זעהר נוצליך.

דער אַלטער איז רויט געווארען איבער די אויערן, אַ וואָרף געטאָן אַ קרומען קוק אויף ליזאַ'ן און איז שנעל ארויס פון צימער.

מאַריאַ דמיטריעוונאַ האָט געבעטען פאַנשינען נאָך אַמאָל איבערזינגען זיין ראָמאַנס; נאָר ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל ניט באַלעסטיגען דעם געלערנטען דייטש און האָט געבעטען ליזאַ'ן, אַז זי זאָל אָנפאַנגען בעטכאָווענס סאָנאַטאַ. דעמאָלט האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ אַ זיפץ געטאָן און געבעטען געדעאָנאָווסקי'ן אַביסעל זיך דורכגעהן מיט איהר אין סאָד. — איך וויל, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, — מיט אייך זיך אַביסעל דורכרעדען און זיך אויס'עצה'ן אַביסעל מכח אונזער אומגליקליכען פעדיאַ'ן. — געדעאָנאָווסקי האָט נאַריש אַ שמייכעל געטאָן, זיך פארנייגט, האָט אַ נעם געטאָן צווישען צוויי פינגער זיין הוט מיט זיינע הענטשקעס, וואָס זיינען זארגפעלטיג געלעגען אויפ'ן ראַנד, און איז ארויסגעגאַנגען צוזאַמען מיט מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ן. אין צימער זיינען געבליבען פאַנשין און ליזאַ: זי האָט אַפּגעזוכט די סאָנאַטאַ און זי אַוועקגעשטעלט אויפ'ן פּיאַנאַ; ביידע האָבען אָהן ווערטער זיך אַוועקגעזעצט נעבען דער פּיאַנאַ. פונ'ם צווייטען עטאַזש האָבען זיך דערטראַגען די שוואַכע קלאַנגען פון די גאַממען, וואָס לענאָטשקעס אומגעאיבטע האַנט האָט אויפגעשפּיעלט.

## 5.

כריסטאָפאָר טעאָדאָר גאָטליעב לעמם איז געבאָרען געוואָרען אינ'ם יאָהר 1786, אין דעם סאַקסאָנער פירשטענטום, אין דער

שטאָדט בעמניץ ביי אָרעמע כלי־זמר. זיין פאָטער האָט גע־שפּיעלט אויף קופּערנע כלים, זיין מוטער — אויף א האַרפע. צו אכט יאָהר איז ער געבליבען א יתום, און פון צעהן יאָהר אָן האָט ער שוין אָנגעפאנגען צו פאַרדיענען זיין שטיקעל ברויט דורך זיין קונסט. א לאַנגע צייט האָט ער זיך ארומגעשלעפּט, גע־שפּיעלט אומעטום — אין טראַקטירען, אויף ירידים, אויף פויער־שע חתונות און אויף בעלער; ענדליך איז ער אריין אין אן אָרקעסטער און האָט געשטיגען אלץ העכער און העכער ביז ער איז געוואָרען דער קאפּעלמייסטער. א שפּיעלער איז ער געווען א גאַנץ שלעכטער, אבער נאָטען האָט ער געקענט גרונטליך. צו אכט־און־צוואנציג יאָהר האָט ער זיך איבערגעקליבען קיין רוסלאַנד. אריבער געבראַכט האָט איהם א גרויסער פּריץ, וואָס האָט אליין קיין מוזיק ניט געקענט סובל זיין, נאָר האָט דאָך אויפגעהאלטען אן אָרקעסטער צוליעב באַריהמעריי. זיבען יאָהר האָט לעמם ביי איהם אפּגעלעבט אלס קאַפּעלמייסטער, און איז נאָכדעם פון איהם אוועק מיט די ליידיגע הענט; דער פּריץ איז רואינירט געוואָרען דורך שאַרלאַטאַנסטווא, געוואָלט אין אָנפאַנג איהם געבען א וועק־סעל נאָר שפּעטער האָט ער דאָס אויך ניט געטאָן, — מיט איין וואָרט, ער האָט איהם אפילו קיין גראָשען ניט באַצאָהלט. מען האָט איהם געראטען אבפאָהרען צוריק אהיים, האָט ער אבער ניט געוואָלט קומען קיין קבצן פון רוסלאַנד, פון דער גרויסער רוסלאַנד, וואָס איז א גאָלד־קוואַל פאַר אלע ארטיסטען; ער האָט באַשלאָ־סען צו בלייבען און ווייטער פּרובירען זיין מזל. צוואַנציג יאָהר נאָכדעם האָט דער אָרעמער דייטש אלץ פּרובירט זיין מזל; גע־דיענט ביי פאַרשיעדענע פּריצים, געוואוינט אין מאָסקווא, אין פּראָ־ווינציעלע הויפּט־שטעדט, געליטען און איבערגעטראָגען מכות אכזריות, פאַרזוכט דעם טעם פון אָרעמקייט און זיך געוואָרפען ווי א פיש אויפ'ן ברעג; נאָר דער געדאַנק זיך אומצוקעהרען אהיים האָט איהם שטענדיג געוואַרעמט אין אָט דער ביטערער קעלט; נאָר אָט דער געדאנק האָט איהם צוגעגעבען חיות אלעם אריבערצוטראָ־גען. ווייזט אויס, אז זיין מזל האָט איהם ניט געוואָלט דערפרעהען אפילו מיט אָט דעם גליק אויך: צו פופציג יאָהר, קראַנק און, פאַר דער צייט פאַרעלטערט, איז ער פאַרקראַכען אין דער שטאָדט א...

און שוין דאָרט אויף שטענדיג פאַרבליבען, אָהן האָפנונג ווען ס'ניט איז אַרויסרייסען זיך פון דער פאַרפלוכטער רוסלאַנד און קוים־קוים אונטערגעהאַלטען זיין עלענדע עקזיסטענץ מיט'ן פאַרדיענסט פון מוזיק־לעקציעס. לעמם'ס אויסזעהען איז ניט געווען אַנציהענד. ער איז געווען אַ ניעדעריגער און סטולעוואַטער, מיט קרום־אַרויסגעשטאַרצטע לאָפּעטקעס, מיט אַן איינגעצויגענעם בויך, מיט גרויסע פלאַכע פיס־טריט, מיט בלאַס־בלויע נעגעל אויף די פאַר־קליאַקנעטע פון די, מיט אָדערען אָנגעצויגענע, הענט; דער פּנים איז ביי איהם געווען געקנייטשט, די באַקען איינגעפאַלען, מיט די צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּען האָט ער אַלע מאָל באַוועגט, אָפּט זיי געביסען, דערצו איז ער נאָך געווען אַ שווייגער בנאַטור; דאָס האָט נאָך דעם איינדרוק פאַרערגערט. זיינע גרויע קאַלטענעוואַטע האָר האָבען איהם אַריבערגעהאַנגען איבער'ן שטערען; ווי נאָר־וואָס אָבגעגאָסענע הייסע קוילען, האָבען זיינע קליינע אומבאַוועג־ליכע אויגען שטום געצאַנקט; שפּאַנען פלעגט ער שווער, אויף יעדען טריט ווי איבערוואַרפען זיין אומגעשיקטען קערפּער. מאַנ־כע באַוועגונגען זיינע האָבען דערמאָנט דאָס אומגעלומפּערטע פּוצען זיך פון אַ סאָווע אין אַ שטייגעל, בעת זי פיהלט, אַז מען קוקט אויף איהר און אַליין קען זי קוים קוקען מיט איהרע גרויסע, געלע, שרע־קעדיגע אויגען, וואָס קלעפּען זיך פון שלאָף. דער פאַרעלטערטער אומדערבאַרעמדיקער וועהטאָג האָט אַרויפגעלעגט זיין בולט'ן שטעמפּעל אויפ'ן אָרעמען כלי־זמר, האָט איהם צוקרימט און העס־ליך געמאַכט זיין, אַזוי אויך צוהרעהטע, פיגור; נאָר דער, וואָס האָט זיך ניט אָבגעשטעלט אויף די ערשטע איינדריקען, האָט גע־קענט זעהן עפּעס גוטעס, אָרענטליכעס און אויסערגעוועהנליכעס אַרויסקוקען פון אָט דעם האַלב־צושטערטען נפש. אַן אַנהענגער פון באַך און הענדעל, אַ קענער אין זיין פאַך, באַגאַבט מיט אַ לע־בעדיגער איינבילדונגס־קראַפט און מיט יענער דרייסטקייט פון גע־דאַנק, מיט וועלכער נאָר גערמאַנען זיינען באַשאָנקען, וואָלט לעמם מיט דער צייט — ווער ווייסט? — אפשר געוואָרען איינער פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרס פון זיין פאַטערלאַנד, ווען דאָס לעבען וואָלט איהם געווען געפיהרט אויף אַן אַנדער וועג; נאָר ער האָט געהאַט אַ זעהר ביטער מזל! אין זיין לעבען האָט ער אַ סך גע־

שריבען — איהם איז אבער ניט געלונגען ארויסצוגעבען אפילו איין זאך; ער האט ניט געוואוסט ווי זיך א נעהם טאן צו א זאך ווי עס באדארף צו זיין, זיך פארנייגען ווען מען דארף, צו־ארבייטען אין צייט. עפּעס האט א מאל זיינער א פארעהרער און פריינד, אויך א דייטש און א קבצן, אויף זיין אייגענעם חשבון ארויסגעגע־בען לעממ׳ס צוויי סאנאטא׳ס — זיינען זיי אבער עד היום פאר־בליבען אין די קעלערען פון די מוזיק־קראמען; שטום און אהן א רושם זיינען זיי פארפאלען געווארען, אקוראט ווי עמיצער וואלט זיי אין טייך אריין אריינגעווארפען. לעמם האט ענדליך אויף אלעס א מאך געטאן מיט דער האנד; דערצו האט די צייט געטאן איהרס: ער איז פארהארטעוועט געווארען, פארהילצערט געווארען אקוראט ווי זיינע פינגער. אליין, מיט אן אלטער קעכין, וואס ער האט ער־גענץ געקראגען אין א הקדש (ער האט ניט חתונה געהאט), האט ער זיך אזוי געלעבט אין א קליינער שטיבעלע, ניט ווייט פון דעם קאליטין־הויז, אין דער שטאדט א...; ער פלעגט א סך שפּאצי־רען, לייענען די ביבעל און א פראטעסטאנטישע זאמלונג פון תהילים, שעקספּיער׳ס ווערק אין שלעגעל׳ס איבערזעצונג. ער האט שוין לאנג אליין גאר ניט פארפאסט; נאר, ווייזט אויס, ליזא, זיין בעסטע שילערין, האט איהם אביסעל צוטרייסעלט: ער האט פאר איהר אנגעשריבען א קאנטאטע, וועגען וועלכער פאנשין האט נאר־וואס גערעדט. די ווערטער צו דער קאנטאטע האט ער ענטנומען פון זיין תהילים־זאמלונג; אייניגע ליעדער האט ער אליין צו־געשריבען; די קאנטאטע האבען געזונגען צוויי כארען, — א כאר פון גליקליכע און א כאר פון אומגליקליכע; ביים סוף האבען זיי זיך פאראייניגעט און געזונגען צוזאמען: „גאר דערבארעמדיגער! דערבארעם זיך איבער אונז זינדיגע און פארטרייב פון אונז אלע מחשבות רעות און ערדישע האפנונגען“. אויפ׳ן שער־בלעטעל איז זעהר זארגפעלטיג געווען אנגעשריבען און אפילו צוגעצאצקעט: „נאר צדיקים זיינען גערעכט“. „א הייליגע קאנטאטע“. „פאר־פאסט און געווידמעט פריילין יעליזאוועטא קאליטינא, מיין ליעבער שילערין פון איהר לעהרער כ. ט. ג. לעמם“. די ווערטער: „נאר צדיקים זיינען גערעכט“ און „יעליזאוועטא קאליטינא“ זיינען געווען ארומגערינגעלט מיט שטראהלען. אונטען איז געווען צוגעג־

שריבען: „פאר איך אַליין, ‚‚Fur sie Allein." דערפאר טאַקע איז לעמם רויט געווארען און אזא קרומען בליק געווארפען אויף ליזא'ן; עס האָט איהם פארקלעהמט ביים הארצען ווען פאַנשין האָט איהם אין די אויגען אנגעפאנגען צו ריידען וועגען זיין קאנ־טאַטע.

## 6.

פאַנשין האָט הויך און ענטשלאסען א נעהם געטאָן די ערשטע אַקאָרדען פון דער סאָנאַטע (ער האָט געשפּיעלט די צווייטע האנט), נאָר ליזא האָט נאָך ניט געהאט אנגעפאנגען איהר אבטיילונג. ער האָט זיך אבגעשטעלט און א קוק געטאָן אויף איהר. ליזא'ס אויגען, וואָס זיינען געווען געריכטעט גלייך אויף איהם, האָבען אויסגע־דריקט אונצופריעדענהייט; איהרע ליפּען האָבען ניט געשמייכעלט, דאָס פּנים איז געווען שטרענג, כמעט פאַרטרויערט.

— וואָס איז אייך? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— פארוואָס האָט איהר ניט געהאַלטען אייער וואָרט? — האָט זי געזאָגט. — איך האָב אייך געצייגט כריסטאָפאָר פעדראָ־ווישעס קאַנטאַטע אונטער דער באַדינגונג, אַז איהר זאָלט מיט איהם וועגען דעם ניט רעדען.

— חטאתי, ליזאַוועטאַ מיכאַילאָוונאַ, ס'איז גראַד געקומען צו רייד.

— איהר האָט איהם מצער געווען און — מיך אויך. איצט וועט ער שוין צו מיר אויך קיין צוטרויען ניט האָבען.

— וואָס זאָל איך טאָן, יעליזאַוועטאַ מיכאַילאָוונאַ! פון די וויקעלאַך אָן קען איך ניט קוקען גלייכגילטיג אויף א דייטש: — עס טראַגט מיך פּשוט אונטער איהם א רייץ צו טאָן.

— וואָס רעדט איהר, וולאַדימיר ניקאָלאַיעוויטש! אָט דער־דייטש איז אן אָרעמער, עלענדער, דערשלאָגענער מענש — און איהר האָט אויף איהם גאַר קיין רחמנות ניט? איך גלוסט זיך איהם רייצען?

פאַנשין איז צומומעלט געוואָרען.

— איהר זייט גערעכט ליזאַוועטאַ מיכאַילאָוונאַ, — האָט ער

אזאג געטאָן. — שולדיג אין דעם איז מיין שטענדיגע אומבאַ־טראַכטקייט. ניין, חקירה'ט ניט מיט מיר; איך קען זיך גוט. אָט די אומבאַטראַכטקייט האָט מיר א סך שלעכטס געטאָן. צוליעב איהר גנעדיגקייט בין איך פארשם'ט געווארען אלס עגאָאיסט.

פאנשין איז אנשוויגען געווארען. פון וואס ער זאל ניט אנ־פאנגען א געשפּרעך, פלעגט ער איהם, געוועהנליך, ענדיגען וועגען זיך גופא און אויסגעקומען איז דאָס אזוי, ליעב וויך, הארציג, אזוי ווי דאס וואלט געוועןו אומגערן.

— אָט נעהמט, למשל, אייער פאמיליע, — האָט ער ווייטער גערעדט: — ביי אייער מאמאשי האָב איך געפונען חן — זי איז דאָך אזא גוטע; ביי אייך... נאָר אייער מיינונג וועגען זיך ווייס איך ניט; דערפאר אבער קען מיך אייער מוהמעניו פשוט ניט סובל זיין. איך האָב זי מן הסתם אויך באליידיגט מיט עפּעס א נאַריש אומבאַטראכט ווארט. זי האָט מיך דאָך פיינט, ניט אמת?

— יא, — האָט ליזא ארויסגערעדט, אביסעל שטאמלענדיג. איהר געפעלט איהר ניט.

פאנשין האָט שנעל א פיהר געטאָן מיט די פינגער איבער די פיאנאָ־ביינדלאך; א קוים באמערקבארער שפּאָט האָט זיך אראָב־געגליטשט פון זיינע ליפּען.

— נו, און איהר? — האָט ער א זאָג געטאָן: — איהר קוקט אויך אויף מיר ווי אויף אן עגאָאיסט?

— איך קען אייך נאָך זעהר ווינציג, — האָט ליזא געענט־פערט, — נאָר איך קלער ניט, אז איהר זייט אן עגאָאיסט; אדרבא, איך דארף אייך גאר דאנקבאר זיין...

— איך ווייס, איך ווייס, וואס איהר ווילט זאגען, — האָט איהר פאנשין איבערגעשלאגען, און נאכאמאהל א לויף געטאָן מיט די פינגער איבער די פיאנאָ־ביינדלעך: — פאר די נאָטען, פאר די ביכער, וואס איך ברייננג אייך, פאר די שלעכטע צייכנונגען מיט וועלכע איך באַציער אייער אלבום, א. ז. וו., א. ז. וו. איך מעג דאָס אלץ טאָן און דאָך זיין א עגאָאסט. איך וואג האָפען, אז אייך איז ניט אומעטיג מיט מיר, און, אז איהר האלט מיך ניט פאר קיין העסליכען מענשען; נאָר, פונדעסטוועגען, קלערט איהר,

אַז איך בין, ווי זאָל איך זיך אויסדריקען ? — צוליעב אַ שעהן וואָרט וועל איך מפקיר זיין אַ טאַטע־מאַמע, אַ גוטע פריינד.

— איהר זייט צושטרויט און פאַרגעסליך, ווי אַלע וועלטליכע מענשען, — האָט ליזאַ אַ זאָג געטאָן, — און מעהר ניט.

פאַנשין האָט זיך אביסעל פאַרוואָלקענט.

— הערט אויס, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — לאָמיר מעהר וועגען מיר ניט רעדען; לאָמיר בעסער אָנפאַנגען צו שפּיעלען די סאָנאַטע. איין זאַך נאָר בעט איך אייך, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, אויסגלעטענדיג די בלעטער פון׳ם מוזיק־בוך, וואָס איז געלעגען אויפ׳ן מוזיק־טישעל, — קלערט וועגען מיר וואָס איהר ווילט, רופט מיך אפילו עגאָאיסט — זאָל זיין אַזוי! נאָר רופט מיך ניט וועלטליכער מענש, אָט דעם צו־נאָמען קען איך ניט מוכל זיין... Anchro sono pittore איך בין אויך אַן אַרטיסט, הגם, אַ שלעכ־טער, און דאס און אפשר טאַקע נאָר דאס לעצטע וועל איך באַלד באַווייזען אין דער ווירקליכקייט. לאָמיר־זשע אנפאַנגען.

— גוט, לאָמיר אנפאַנגען, — האָט ליזאַ געזאָגט.

די ערשטע adagio איז אריבער ניט שלעכט, הגם, פאַנשין האָט זיך ניט איינמאָהל פאַרפּלאָנטערט: זיין אייגענס און וואס ער האָט איינגעלערענט האָט ער געשפּיעלט גאַנץ זיס, אָבער אַזוי האָט ער שלעכט געקענט לעזען און צוזאַמענשטעלען די נאָטען. דערפאַר האָט זיך די צווייטע טהייל פון דער סאָנאַטע, די גאַנץ רוישענדע אַללעגראָ, לכתחילה ניט איינגעגעבען: אויפ׳ן צוואַנ־ציגסטען טאַקט האָט פאַנשין, וואס איז געבליעבען הינטערשטעליג מיט צוויי טאַקטען, מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען און, מיט אַ געלעכטער, אָבגערוקט זיין שטוהל.

— ניין! — האָט ער אויסגעשריען, — איך קען היינט ניט שפּיעלען; גוט וואס לעמם האָט אונז ניט געהערט, ער וואָלט גע־פאַלען חלשות.

ליזאַ איז אויפגעשטאַנען, פאַרמאַכט די פּיאַנאָ און האָט זיך אומגעדרעהט צו פאַנשינען.

— וואָס־זשע וועלען מיר טאָן? — האָט זי געפרעגט.

— אין אָט דער פראַגע דערקען איך אייך! איהר קענט בשום אופן ניט זיצען מיט צונויפגעלעגטע הענט. מילא, אויב

איהר ווילט, לאמיר צייכענען איידער ס'ווערט פינסטער. אפשר וועט די צווייטע מוזע — די מוזע פון צייכענען — ווי רופט מען זי? איך האָב שוין פארגעסען... אפשר וועט זי זיין צו מיר מילדער. וואו איז אייער אלבאָם? מיר דאכט, אז דאָרט איז מיין לאנדשאפט ניט פארענדיגט.

ליזא איז אוועק אין צווייטען צימער נאָכ'ן אלבאָם. פאנשין איז אליין דערווייל געבליעבען, האָט ארויסגענומען א באטיסטען טיכעלע, ארומגעווישט זיינע נעגעל און א קוק געטאָן אויף זיינע הענט פון דער זייט. זעהר שעהנע ווייסע הענט זיינען זיי געווען; אויפ'ן מיטעלסטען פינגער פון דער לינקער האנט האָט ער געטראָגען א שרויפען־פארמיג גילדען פינגערל. ליזא איז צוריק געקומען; פאנשין האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען פענסטער און אויפגעעפענט דעם אלבאם.

— אהא! — האָט ער אויסגעשריהען, — איך זעה, איהר האָט אָנגעפאנגען נאָכצוצייכענען מיין לאנדשאפט — און טאקע שעהן. זעהר גוט! אָט דאָ נאָר — גיט מיר נאָר דאס בליישטיפט — זיינען ניט גענוג אנזיכטיג די שאָטענס. זעהט.

און פאנשין האָט ברייטליך דורכגעפיהרט עטליכע לאנגע שטריכען. שטענדיג האָט ער געצייכענט איינעם און דעם זעלבען לאנדשאפט: אויפ'ן פאדערגרונד עטליכע גרויסע שטארק באַבלעטערטע בוימער, אביסעל ווייטער א טאָהל, און שפיציגע בערג ביים האָריזאָנט. ליזא האָט דורך זיין פלייצע אראָבגעקוקט אויף זיין ארבייט.

— אין א צייכנונג, און בכלל אין לעבען, — האָט פאנשין גערעדט, ווענדענדיג זיין קאָפּ אלע מאהל אָט רעכטס, אָט לינקס, — איז די הויפט זאַך פלינקייט און געוואגטקייט.

אין דער מינוט איז אין צימער אריין לעמם, טרוקען זיך פארנייגט און געוואָלט אוועקגעהן; נאָר פאנשין האָט א וואָרף געטאָן א זייט דעם אלבאָם און בליישטיפט און איהם פארשטעלט דעם וועג.

— וואוהין־זשע געהט איהר כריסטאָפאָר פעדאָריטש? איהר שטעלט זיך דאָ ניט אָב אויף טעה?

— איך דאַרף אהיים, — האָט לעמם געזאגט מיט א בייזער, די קאָפּ טוהט וועה.

— וויים איך וואס איהר רעדט, — בלייבט איבער. מיר'ן אביסעל זיך פּלפּול'ן וועגען שעקספּיער'ן.

— דער קאָפּ טוהט וועה, — האָט דער אלטער ווידער געזאָגט.

— און מיר האָבען זיך דאָ אָהן אייך א נעהם געטוהן צו שפּיעלען בעטכאָוועג'ס סאָנאטא, — האָט פּאנשין אלץ גערעדט און איהם אזוי ליעבליך אנגענומען ביי דער טאַליע און זיס געשמייכעלט: — ס'האָט זיך אבער ניט אנגעהויבען צו קלעפּען. שטעלט אייך פאָר, קיין צוויי נאָטען האָב איך ניט געקענט צוזאמענשטעלען ריכטיג.

— שפּילען זי בעסער איהר ראמאנצע נאכמאל איבער, — האָט לעמם געענטפערט, אבגעשפּארט פּאנשינען אביסעל די הענט און איז ארויס פון הויז.

ליזא איז איהם נאָכגעלאפען. זי האָט איהם דעריאָגט אויפ'ן גאניקעל.

— כריסטאָפאָר פעדאריטש, הערט נאָר, — האָט זי איהם געזאגט אין דייטש און איהם באגלייט ביז'ן טויער איבער'ן גרינעם נידעריגען גראז פונ'ם הויף: — איך האָב געזינדיגט געגען אייך, זייט מיר מוחל.

לעמם האָט גאר ניט געענטפערט.

— איך האָב געוויזען וולאַדימיר ניקאָלאיעוויטשען אייער קאנטאטע; איך האָב מיעף געגלויבט, אז ער וועט זי אבשעצען, — און זי איז איהם טאקע געפעלען.

לעמם האָט זיך אבגעשטעלט.

— ס'מאכט ניט, — האָט ער א זאג געטאָן אויף רוסיש, און דערנאָך צוגעלעגט אויף זיין מוטער־שפּראַך: — נאָר ער קאָן גאָר ניט פארשטעהן; ווי אזוי זעהט איהר דאס ניט? ער איז א דילעטאנט און א סוף!

— איהר זייט פּארטייאיש צו איהם, — האָט ליזא געזאגט, — ער פארשטעהט אלץ און קען כמעט אלץ אליין טאָן.

יא, אלץ פון צווייטען גראד, טאנדענטנע סחורה, אויפגע־

שטשאַבעט, און אראָב פון מארק. דאָס געפעלט אלעמען, און ער געפעלט, אליין איז ער אויך דערמיט צופריעדען — נו, בלייבט אונז איבער נאָר צו אפּלאָדירען. איך בין אויף אייך ניט ברוגז; אָט די קאנטאטע און איך — זיינען ביידע אלט און נאריש; מיר איז טאקע אביסעל א חרפּה, נאָר דאָס איז ניט קיין גוואלד.

— ענטשולדיגט מיר, כריסטאָפאָר פעדאָריטש, — האָט ליזא נאָך אמאָל א זאָג געטאָן.

— עט, מילא, — האָט ער ווידער געזאגט, — איהר זייט א ווארילע פריילין... אָט געהט גאָר עמיצער צו אייך. זייט געזונד. איהר זייט זעהר א ווארילע פריילין.

און לעמם איז אוועק מיט פארשנעלערטע טריט צום טויער, דורך וועלכען עס איז אריינגעקומען עפּעס אן אומבאקאנטער מענש אין א גרויען ראָק און א ברייטען שטרויענעם הוט. לעמם האָט זיך העפליך פארנייגט פאר איהם (אזוי האָט ער זיך נוהג געווען מיט אלע נייע מענשען אין דער שטאָדט א..., פון באקאנטע פלעגט ער זיך אבדרעהען אין גאַס — אָט אזא מנהג איז שוין ביי איהם געווען), איז פארבייגעגאנגען און פארשוואונדען אויף יענער זייט פּארקען. דער אומבאקאנטער האָט מיט פארוואונדערונג איהם נאָכגעקוקט און איינקוקענדיג זיך אין ליזא'ן איז ער גלייך צוגע־גאנגען צו איהר.

## 7.

— איהר דערקענט מיר ניט, — האָט ער א זאָג געטאָן, אראָב־נעהמענדיג זיין הוט, — און איך האָב אייך דערקענט, כאָטש אכט יאָהר זיינען שוין אוועק זינט איך האָב אייך דעם לעצטען מאָל גע־זעהן. איהר זייט נאָך דעמאָלט געווען א קינד. איך בין לאוורעצקי. איז אייער מאַמעשי אין דער היים? קען מען זי זעהן?

— די מאַמע וועט זיין זעהר צופריעדען, — האָט ליזא גע־ענטפערט, — זי האָט שוין געהערט, אז איהר זייט געקומען.

— אייך רופט מען, דאכט זיך, יעליזאוועטא? האָט לאוו־רעצקי געזאגט, האָט זיך א נעהם געטאָן אויף די טרעפּ פונ'ם גאַ־ניקעל.

— יא.

— איך געדיינק אייך גוט. איהר האָט שוין דעמאָלט געהאט אַ פּנים, וואס מען קען ניט פאַרגעסען; איך פלעג אייך דעמאָלט אלץ בריינגען קאָנפעקטען.

ליזא האָט זיך פאַררויטעלט און אַ קלעהר געטאָן: ס'אַרא מאָדנער ער איז! לאַוורעצקי האָט זיך אויף אַ מינוט אבגעשטעלט אין פאָרצימער. ליזא איז אריין אין גאַסט־צימער, פון וואַנען עס האָט זיך געהערט פּאַנשין'ס קול און געלעכטער; ער האָט דערצעהלט עפּעס אַ שטאָדטישע רכילות מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ן און געדעאָנאָווסקי'ן, וועלכע זיינען שוין געהאט צוריקגעקומען פון סאָד, דערצעהלט און אליין געלאַכט דערפון אויף אַ קול. ביים נאָמען לאַוורעצקי איז מאַריאַ ממיטריעוונא אינגאַנצען צוטומעלט געוואָרען, בלאס געוואָרען און זיך אלאָז געטאָן איהם באַגעגענען.

— אַ גוטען אווענט, אַ גוטען אווענט, מיין טייערער Cousin! האָט זי אויסגעשריען מיט אַ צוציגענער און כמעט אַ וויינענדער שטימע.

— אַ גוטען אווענט, מיין טייערע קוזינע, — האָט לאַוורעצקי געענטפערט, און פריינדליך געדריקט איהר אויסגעשטרעקטע האַנט. — טוט גאָט מיט אייך חסד?

— זיצט, זעצט אייך, מיין טייערער פעאָדאָר איוואַנאָוויטש! אָך, ווי עס פרעהט מיך! ראשית, ערלויבט מיר אייך פאָרצושטעלען מיין טאָכטער ליזא'ן...

— איך האָב זיך שוין אליין פאָרגעשטעלט ליזאַוועטא מיכאַילאָוונע'ן, — האָט לאַווריצקי איהר איבערגעשלאָגען.

— מסיא פּאַנשין... סערגעי פּעטראָוויטש געדעאָנאָווסקי... נו, זעצט זיך שוין אַניעדער! איך קוק אויף אייך און גלויב מיינע אויגען ניט. וואס מאַכט איהר עפּעס אין געזונד?

— אָט ווי איהר זעהט מיך: איך בליה. און איהר אויך, קוזינע, ס'זאָל אייך קיין עין־הרע ניט זיין, זייט אויך ניט מאָגער געוואָרען אין אָט די אַכט יאָהר.

— ווען עס קומט ארויף אויפ'ן געדאַנק, אַז אַזא צייט האָט מען זיך ניט געזעהען, — האָט מאַריא דמיטריעוונא אַ זאָג געטאָן. — פון וואַנען קומט איהר איצט? וואו האָט איהר איבערגעלאָזט... ס'הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגען, — האָט זי זיך שנעל

פּארכאַפּט, איך האָב געוואָלט פרעגען, אויף לאַנג זייט איהר צו אונז געקומען?

— איך קום איצט צופאַרען פון בערלין, — האָט לאַווערעצקי געענטפערט, און מארגען פאָר איך אָב אין דאָרף, ווארשיינליך אויף לאַנג.

— איהר וועט מן הסתם זיך באזעצען אין לאַווריקי?

— ניין, ניט אין לאַווריקי, נאָר א צוואנציג ווייאָרסט פון דאַ־נען האָב איך א דאָרף; אהין פאָר איך.

— איז דאָס ניט דאָס דערפעל, וואָס איז אייך געבליעבען פון גלאַפירא פּעטראָוונא?

— טאָקע דאָס זעלביגע.

— וואָס רעדט איהר, פעאָדאָר איוואנאָוויטש! איהר האָט דאָך אזא שעהן הויז אין לאַווריקי!

ביי לאַווריקצי'ן האָבען זיך די ברעמען לייכט פאַרוואָלקענט.

— יאָ... נאָר אין יענעם דערפעל איז אויך דאָ א וואויל שטי־בעלע; און איך דאַרף דערווייל מעהר ניט האָבען. דאָס איז איצ־טער פאַר מיר דער בעקוועמליכסטער פלאַץ.

מאַריא דמיטריעוונא האָט זיך ווידער אזוי פאַרלאָרען, אז זי האָט אזש צושפּרייט די הענט. פּאַנשין האָט איהר דאָ ארויסגע־האָלפען און האָט פאַרפיהרט א געשפּרעך מיט לאַווערעצקי'ן. מאַריא דמיטריעוונא האָט זיך בארוהיגט, זיך אנגעשפּאַרט אויפ'ן אנלעהן פונ'ם שטול און נאָר זעלטען אריינגעשטעלט איהרס א וואָרט; דערביי האָט זי מיט אזא רחמנות־פּנים געקוקט אויף איהר גאַסט, אזוי באַדייטענד געזיפצט און אזוי טרויעריג אלע מאָל א שאָקעל געטאָן איהר קאָפּ, אז ער האָט ענדליך ניט אויסגעהאַלטען און גאַנץ שטרענג איהר א פרעג געטאָן: צו זי איז געזונד?

— א דאַנקען גאָט, — האָט מאַריא דמיטריעוונא געענט־פערט, — וואס איז דען?

— אזוי, מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז איהר זייט עפּעס ניט מיט אַלעמען.

מאַריא דמיטריעוונא האָט געמאַכט א ווירדיג פּנים, א ביסעל א באַליידיגטען.

— אויב אזוי, — האָט זי א קלער געטאָן, — איז מיר אַלץ

איינס: ווייזט אויס, טאַטע מיינער, אַלעס קלעפּט זיך צו די ווי אָן אַרבעס צו דער וואַנט; אָן אַנדערער אויף דיין אָרט, וואָלט פון אַזאַ וועהטאָג אויסגעדאַרט געוואָרען, און דו ביזט נאָך געשוואָלען געוואָרען". מאַריאַ דמיטריעוונאַ האָט מיט זיך אַליין געמאַכט ווינציג וואָס צערעמאָניעס; אויף אַ קול האָט זי גערעדט עדעלער.

לאַוורעצקי איז באמת ניט געווען עהנליך אויף אַ קרבן פוּנ'ם ביטערען מזל. פון זיין רויטען, עכט־רוסישען פּנים, מיט'ן גרויסען ווייסען שטערען, עטוואָס גראָבען נאָז און מיט די ברייטע רעגעלמעסיגע ליפּען האָט פּשוט געשטראָמט אַ סטעפּען־גבורה, אַ שטאַרקע, אייביגע קראַפט. געבויט איז ער געווען אויף חדושים, — און זיינע בלאָנדע האָר האָבען זיך געגרייזעלט אויף זיין קאָפּ, ווי ביי אַ בחור'על. נאָר אין זיינע אויגען, בלויע אויסגעגלאָצטע און עטוואָס אונבאַוועגליכע, האָט זיך באַמערקט אַ פאַרטראַכטקייט אַ מיעדקייט, און זיין קול האָט געקלונגען שוין עפּעס צו גלאַט.

פּאַנשין האָט דערווייל אויפגעהאַלטען דעם געשפּרעך. ער האָט פאַרפיהרט אַ רעדע מכח די נוצען פון צוקער־פאַבריקאַציע, וועגען וועלכער ער האָט ערשט ניט לאַנג איבערגעלייענט צוויי פראַנצויזישע בראָשורקעס, און מיט אַ רוהיגער עניוות האָט ער זיך גענומען איבערגעבען זייער אינהאַלט.

— אַי, דאָס איז דאָך פעדיאַ! — האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אין דעם דערבייאיגען צימער, דורך דער האַלב־אָפענער טיר, דאָס קול פון מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ: — פעדיאַ, בנאמנות! און די אַלטינקע איז לעבעדיג אַריין אין גאַסט־צימער. איידער לאַוורעצקי האָט זיך אויפגעהויבען פון שטול, האָט זי איהם שוין ארומגענומען. — לאָם איך דיך נאָר אַנקוקען, לאָז מיר אַ קוק טאָן אויף דיר, — האָט זי אַזאָג געטאָן צוריקטרעטענדיג אַביסעל פון זיין פּנים. — ע! ס'אַראַ שיינער דו ביזט! עלטער געוואָרען, אָבער אַ האָרעלע ניט מיאוס'ער געוואָרען, בנאמנות! וואָס קושסטו מיינע הענט — קוש מיך אַליין, אויב מיינע געקנייטשטע באַקען עקלען דיך ניט. ניש־קשה, האָסט אפילו ניט אַ פרעג געטאָן אויף מיר: וואָס, לעבט נאָך די מוהמע? דו ביזט דאָך אויף מיינע הענט געבאָרען געוואָרען, שייגאַץ איינער! מילא, דאָס איז

אלץ איינס; וואו האָסטו זיך שוין געקענט דערמאָנען אָן מיר. דו ביזט אבער א חכם, וואס דו ביזט אהער געקומען. נו, מאמע מיינע, — האָט זי זיך געווענדט צו מאריא דמיטריעווּנא, — האָסט איהם מיט עפּעס מכבד געווען?

— איך דארף גאר ניט, — האָט לאווּרעצקי שנעל א זאָג געטאָן.

— נו, טרינק זיך כאָטש אָן מיט טעה, טאַטע מיינער. אַל־מעכטיגער גאָט מיינער! געקומען ווער ווייסט פון וואנען, און מען גיט איהם ניט אפילו קיין גלעזעל טעה. ליזא, געה נאָר, ריהר זיך נאָר, גיכער. איך געדיינק, א קליינינקער איז ער געווען א מסוכנ'ער פּרעסעריל, און אפילו איצטער, ווייזט אויס, האָט ער ליעב ארייננצו־עסען.

— איך האָב די עהרע אייך צו באגריסען, מארפא טימאָפעעוונא, — האָט פּאנשין א זאג געטאָן, און איז צוגעגאנגען פון דער זייט און זיך פארנייגט פאר דער אלטינקער, וואס האָט זיך ערשט צורעדט.

— ענטשולדיגט מיר, מיין הער, — האָט מארפא טימאָפעעוונא געענטפערט, — צוליעב דער שמחה האָב איך אייך גאר ניט באמערקט. ביזט געוואָרען עהנליך צו דיין מאַמען, דער שטי־לינקער טויב, — האָט זי פארגעזעצט, זיך נאכאמאָל ווענדענדיג צו לאווּרעצקי'ן, — נאר די נאָז דיינע איז געווען ווי דעם טאטענ'ס און איז שוין אזוי פארבליבען. נו, און אויף לאנג ביזטו געקומען צו אונז?

— איך פאָר מאָרגען, מוהמעניו.

— וואוהין?

— צו זיך, קיין וואסילקאָווסקאָיע.

— מאָרגען?

— מארגען.

— נו, אז מארגען, איז מאָרגען. פאָר געזונטערהייט, — דו ווייסט בעסער. נור זעה, געה אריין זיך געזעגענען. די אלטינקע האָט איהם א גלעט געטאָן איבער'ן באַק. — ניט געקלערט זיך שוין דערוואַרטען אויף דיר; און ניט צוליעב דעם, וואָס איך האָב זיך שוין געגרייט צו שטארבען; ניין — מיט א צעהנדליג יאהרען

בין איך נאָך זיכער. מיר אלע, פעסטאָווס, לעבען לאנג; דער זיידע דיינער, עליו השלום, פלעגט אונז אָפט רופען צוויי־אָדער־דיגע (קרעפטיגע); נאַר, גאָט ווייסט דיך, ווי לאנג נאָך דו וואָלסט זיך געווען ארומגעשלעפט אין אויסלאנד. נו, אבער א חברה־מאן ביזטו; טוסט נאָך אודאי איצט אויף א הויב א צעהן־פודניק מיט איין האנד? דער טאטע דיינער, זאל ער מיר מוחל זיין, געווען טאקע א צודרעהטער, אבער זעהר גוט האָט ער געטאָן, וואס ער האָט פאר דיר געדונגען דעם שווייצער; דו געדיינקסט, ווי אזוי דו ביזט מיט איהם געגאנגען אויף קאלאטשיקעם; גימנאסטיקע, דאכט מיר, האָט מען דאס גערופען? נור פונדעסטוועגן, וואס האָב איך זיך אזוי צוקוואקעט; נור געשטערט דעם הערר פאנ־שינ׳ען אין זיין חקירה׳ן. אגב, לאמיר בעסער טרינקען טעה; לאַ־מיר אבער, טאטע מיינער, ארויסגעהן אויפ׳ן באלקאָן טרינקען; ביי אונז איז די סמעטענע ניט אזוי ווי ביי אייך אין אייערע לאנדאנ׳ס און פאריז׳ען. קומט, קומט, און דו, פעדיניו. גיב מיר דיין ארעם. אָ, ס׳ארא גראבער ארעם דאָס איז! נישקשה, מיט דיר קען מען שוין ניט פאלען.

אלע זיינען אויפגעשטאנאען און אוועק אויפ׳ן באלקאָן, אוי־סער געדעאנאָווסקי׳ן, וואס איז שטילינקערהייד אוועקגעגאנגען. פאר דער גאנצער צייט, וואס לאוורעצקי האָט גערעדט מיט מאריא דמיטריעווונא׳ן, מיט פאנשינ׳ען, מיט מארפא טימאָפייעוונא׳ן, איז ער, געדעאָנאָווסקי, געזעסען אין א ווינקעלע, אויפמערקזאם צו־געפינטעלט מיט די אויגען און מיט קינדערשער נייגעריגקייט אויס־געצויגען די ליפען: ער האָט זיך איצט געאיילט צו צוטראגען די ידיעה וועגען דעם נייעם גאסט איבער׳ן שטאָדט.

---

אין דעם זעלביגען טאָג, ארום עלף אזייגער ביינאכט, האָט אָט וואָס געטראפען אינ׳ם הויז פון מאדאם קאליטינא. פון אונטען, אויפ׳ן שוועל פונ׳ם גאסט־צימער, אויסנוצענדיג א גינסטיגע מי־נוט, האָט וולאדימיר ניקאָלאָיעוויטש זיך געזעגענט מיט ליזא׳ן און, האלטענדיג איהר אזוי ביי דער האנד, האָט ער איהר געזאָגט: איהר ווייסט, וואָס עס ציהט מיך אהער; איהר ווייסט, צוליעב וואס איך פאָר אהן אן אויפהער צו אייך אין הויז; צו וואס דארף מען

דאָ ווערטער, אז אלעם איז אזוי קלאָר. ליזא האָט איהם גאר ניט געענטפערט. אָהן א שמייכעל האָט זי עטוואס אויפגעהויבען די ברעמען, זיך פארדרויטעלט און געקוקט אויף דער פּאָדלאָגע, נאָר די האנט האָט זי ניט צוגענומען; און אויבען, אינ׳ם צימער פון מארפא טימאָפעיעוונא, ביי דער שיין פונ׳ם לעמפּעלע, וואס איז געהאנגען געגענאיבער די טונקעלע אלטע הייליגע בילדער, איז לאוורעצקי געזעסען אויף א שטוהל, געהאלטען דעם פנים אויף די הענט, וועלכע ער האָט אונטערגעשפּארט אויף די קניע; די אָלטינקע איז געשטאנען נעבען איהם, און פון צייט צו צייט שווייגענד איהם געגלעט די האָר. אריבער א שעה האָט ער ביי איהר פארבראכט, נאכדעם ווי ער האָט זיך געזעגענט מיט דער הויזווירטין; ער האָט כמעט גאר ניט געזאגט זיין אמאָליגער גוטער פריינדין, און זי האָט זיך ביי איהם ניט נאָכגעפרעגט... און צו וואס רעדען, וועגען וואָס זיך נאָכפרעגען? זי האָט אזוי אויך אלץ פארשטאנען, זי האָט אזוי אויך מיטגעפיהלט אלץ, מיט וואָס זיין הארץ איז פול געוועזן.

8.

פעאָדאָר איוואנאָוויטש לאווערעצקי (מיר מוזען בעטען ערלויבניש ביים לעזער איבערצורייסען דעם פאָדעם פון אונזער ערצעהלונג אויף א קורצער צייט) האָט געשטאמט פון אן אלטער פּריצישער משפּחה. דער ערשטער לאווערעצקי האָט זיך איבערגעקליבען פון פּרייסען אינ׳ם פירשטענטום פון וואסילי דעם פינסטערן, וואו מען האָט איהם באוויליגט צוויי הונדערט טשעטווערטען לאנד אויף דער בעזשעצקער בארג־פלאכע. פיעלע פון זיינע נאָכפאָלגער האָבען פארנומען פארשיעדענע עמטער, געזעסען אין ווייטע וואָיעוואָד־פּראָווינצען אונטער פירשטען און פּראָמינענטע לייט, נאָר קיינער פון זיי האָט זיך ניט אויפגעהויבען העכער פון א טיש־באדיענער אין קעניגליכען הויף און ניט אָנגעזאמעלט קיין גרויסען פארמעגען. רייכער און אויסגעצייכענטער פון אלע לאווערעצקים איז געווען פעאָדאָר איוואנאָוויטשעס עלטער זיידע, אנדריי, א גרויזאמער מענש, א פרעכער, א קלוגער און א ביטרער. עד היום האָט מען נאָך ניט אויפגעהערט צו ריי־

דען וועגען זיין ווילקירליכקייט, זיין משוגע'נעם כאראקטער, זיין גרענעצלאָזע פרייגעביגקייט און וועגען זיין גיהיריגקייט, וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיין זעט. ער איז געווען זעהר דיק, הויך, ברוין אויף פנים, אָהן א סמן פון א באָרד; ארויסגערעדט דעם „ריש" האָט ער מיט'ן גומען; דער שלאָף איז איהם שטענדיג געלעגען אויפ'ן פנים. וואָס שטילער ער האָט גערעדט, אלץ מעהר האָבען אלע ארום פאר איהם געציטערט. און א ווייב האָט ער געקראָגען אזא ווי ער אליין. לויט איהר יחוס א ציגיינערקע מיט א קייי־לעכדיג פנים, ארויסגעשטארצטע אויגען און א שפּארבער־נאָז, איז זי געווען א שוועבעלע און א נוקם ונוטר, ניט נאָכגעגעבען אפילו אויף א האָר דעם מאַן, וועלכער האָט זי שיער ניט פארהונגערט צום טויט, און ווען זי האָט ניט איבערגעלעבט, כאָטש, האָט זיך שטענדיג מיט איהם געריזעט. אנדריי'ס זוהן, פעטער, פעאָדאָר'ס זיידע, איז ניט געווען געראָטען אין זיין פאָטער: דאָס איז געווען אַן איינפאכער, פּראָווינציאַלער פּריץ, א גאַנץ נארעשעוואטער, א שרייער, און א בטלן, א גראָבער, נאָר ניט קיין שלעכטער, א מכניס־אורח און יעגער. ער איז אלט געווען אריבער דרייסיג יאָהר, בעת ער האָט גע'יורש'ט פונ'ם פאָטער צוויי טויזענד נפשות *) אין פאָלקאָמענער אָרדנונג; נאָר ער האָט זיי גיך פארטאכלעוועט, א טהייל פון זיין גוט האָט ער פארקויפט, די הויז באַדיענטע צובאַלעוועט. ווי די נעסטלאך זיינען זיך צונויפגע־קראָכען פון אלע זייטען באקאנטע און אומבאקאנטע ניעדעריגע מענשעלאך אין זיינע גראמע וואָרעמע און שמוציגע צימערען; דאָס אלעס האָט זיך אָנגעפרעסען מיט וואָס ס'איז נאָר אונטער'ן האַנט געקומען, זיך אָנגעזויפען ביז שכרות און געשלעפּט, וואָס נאָר ס'האָט געקענט, לויבענדיג דעם פריינדליכען באַלעבאָס; און דער באַלעבאָס, ווען ער איז געווען אביסעל צודרעהט, פלעגט אויך מכבד זיין זיינע געסט מיט אזעלכע טיטולען, ווי: אומ־זיסטיגע פרעסער, פאַסקודניאַקעס, אָבער אָהן זיי האָט ער גע־בייגקט. פעטער אנדרייאיטשעס ווייב איז געווען א צדקנית: גענומען האָט ער זי פון א פאַמיליע, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט

---

*) פּאַנשטשעוויקעס.

פון זיינער, לויט'ן טאַטען'ס אויסוואהל און באַפעהל; געהייסען
האָט זי אַנאַ פּאַוולאָוונאַ. זי האָט זיך אין קיין זאַך ניט געמישט,
מיט פרייד האָט זי אויפגענומען געסט און האָט אַליין אויך ליעב
געהאַט פאָהרען צו גאַסט, הגם, פודרען זיך, לויט איהרע ווערטער,
איז ביי איהר געוועזן ווי דער טויט. מען שטעלט דיר אַוועק, פלעגט
זי דערצעהלען אויף דער עלטער, אַ פילצענעם קאָלפּאַק אויפ'ן
קאָפּ, אַלע האָר פארקעמט מען דיר ארויף, מען שמירט זיי אָן מיט
חזיר־פעטס, מען באַשיט דיך מיט מהעל, מען שטעקט דיר אָן
מיט אייזערנע שפּילקעס, — ס'ט זיך שפּעטער ניט קענען דער־
וואשען; צו־גאַסט געהן אָהן פודרע קען מען אָבער ניט — מען
וועט באַליידיגען; אַי צרות! זי האָט ליעב געהאַט זיך דורכצו־
פאָרען אויף ברענענדיגע פערד, אין קארטען אין זי גרייט געוועזן
צו שפּיעלען פון פאַרטאָג ביז ביי נאַכט, און פלעגט שטענדיג צו־
דעקען מיט דער האַנט דאָס צעטעלע מיט'ן קאָפּעקע־געװ־
ווינס, בעת דער מאַן איז צוגעגאַנגען צום שפּיעל־טיש;
און אינגאַנצען איהר נדן, איהר גאַנצע געלד, האָט זי איהם אָפּגע־
געבען און האָט קיינמאָל ניט געפאָדערט ביי איהם קיין דין וחשבון.
זי האָט מיט איהם געהאַט צוויי קינדער: אַ זוהן איוואַן, פעאָדאָר'ס
פאָטער, און אַ טאָכטער גלאַפירא. איוואַן איז ערצויגען געוואָרען
ניט אין דער היים, נור ביי אַ רייכער אַלטער מוהמע, ביי דער
פירשטין קובענסקאַיאַ: זי האָט איהם געמאַכט פאַר איהר יורש
(אָהן דעם וואָלט דער פאָטער איהם ניט געוועזן אָפּגעלאָזט); האָט
איהם געקליידעט ווי אַ ליאַלקע, האָט צוגענומען צו איהם מכל
המינים לעהרערס, געדונגען פאַר איהם אַן ערציהער, אַ פראַנ־
צויז, אַ געוועזענער אַבבאַט, אַ תלמיד פון זשאַן זשאַק רוססאָ, עפּעס
איינער אַ Mr. Courtin de Vaucelles, אַ פלינקער און שפּי־
ציגער אינטריגאַנט, — ווי זי פלעגט זיך אויסדריקען, די סאַמע
fin fleur פון דער אימיגראַציע, — און האָט געענדיגט דער־
מיט, וואָס שוין כמעט ביז זיבציג יאָהר האָט זי חתונה געהאַט מיט
דעם זעלביגען „פין פליאָר"; אויף זיין נאָמען האָט זי איבער־
געשריבען איהר גאַנצען פאַרמעגען און באַלד נאָכדעם, אַ פאַררוי־
טעלטע, אַ דורכגעזאַפּטע מיט פאַרפיום אַ לאַ Richelieu ארומגערינ־
געלט מיט אַ כאָפּטע נעגערלאַך, דינפיסיגע הינטעלאַך און שריי־

ענדיגע פּאַפּוגאַיען, איז זי געשטאָרבען אויף א זיידען קרום סאָפּ־קעלע פון לודאָוויק דעם 15טען׳ס צייטען, מיט א פּאָלירט טאַבאַק־קעסטעלע, פּעטיטא׳ס ארבייט, אין איהרע הענט, — און געשטאָר־בען איז זי א פארלאָזענע פונ׳ם מאַן; דער ביטרער הער קורטען האָט פארגעצויגען אָפּצוציהען קיין פּאַריז מיט איהר געלד. ביי אָט דעם קלאפּ איז איוואַן סך הכל אַלט געווען דאָס צוואנציגסטע יאָהר (מיר רעדען וועגען דער פירשטין׳ס חתונה, ניט וועגען איהר טוידט); ער האָט שוין ניט געוואָלט איבערקלייבען זיך אין דער מוהמע׳ס הויז, וואו ער איז פלוצלונג פון א רייכען יורש פארוואנ־דעלט געוואָרען אין אַן אָרעמען אורח; די געזעלשאפט אין פּע־טערבורג, צווישען וועלכער ער איז אויסגעוואקסען, האָט זיך פאר איהם פארמאַכט; צו אַן אַמט פון די קלענערע ראנגען, א שווע־רען און פינסטערן, האָט ער געפיהלט אַן עקעל (דאָס אלעס איז גע־שעהן בעת דער קסר אַלעקסאַנדער איז נאָר־וואָס געהאַט ארויף אויפ׳ן קעניגליכען טראָהן); ניט ווילענדיג האָט ער זיך געמוזט צוריק אומקערען אין דאָרף אַריין, צום פאָטער. קויטיג, אָרעם און עלענד האָט א שיין געטאָן פאר איהם זיין היימיש נעסט: דאָס טעמפּע, קויטיג, פארוואָרפען לעבען האָט איהם באַליידיגט אויף יעדען טריט און שריט; דאָס בענקעניש האָט זיך איהם איינגעגעסען אין די ביינער; דערפאַר האָבען אויף איהם אַלע אין הויז, אויסער דער מוטער, געקוקט אומפריינדליך. דעם פאָטער זיינען ניט געפעלען געוואָרען זיינע שטאָדטיגע געוועהנהייטען, זיינע פראַקען, זיינע שניפּסען, זיינע ביכער, זיין פלייט, זיין ריינ־ליכקייט, וואָס איז געווען דורכגעזאפּט מיט איבערקלייבערישקייט; ער האָט זיך אַלץ געקלאָגט און אונטערגעוואָרטשעט אויפ׳ן זוהן.— „קיין זאך שמעקט איהם דאָ ניט: — מיט׳ן עסען קען מען איהם ניט צוטרעפען, ער עסט ניט, קיין מענשליכען גערוך, קיין פּאַרע קען ער ניט סובל זיין, דער אָנזעהן פון שכורים צודרעהט איהם, שלאָגען זיך פאר איהם אין די אויגען — חלילה, דיענען וויל ער ניט: עס איז דאָך שוואַך אין געזונד; טפו זאָלסטו ווערען, ס׳אַרא צופּעסטעטער דאָס איז! און אַלץ איז דערפאר, וואָס וואָל־טער זיצט ביי איהם אין קאָפּ". דער אַלטער האָט הויפּטזעכליך פּיינגט געהאט וואָלטער׳ן און ספּעציעל דעם „פאַנאַטיק" דידע־

ראט'ן, הגם ער האָט קיין איין שורה פון זייערע ווערק ניט גע־לייענט: לייענען איז ניט געווען זיין עובדא. פעטער אנדרייאיטש האָט טאקע קיין טעות ניט געהאט: אמת, אי דידעראט, אי וואָלטער זיינען געזעסען אין קאָפּ ביי זיין זוהן, און ניט נור זיי אליין — אויך רוססאָ, און רעינאל, און העלוועציוס און א סך אנדערע מחברים פון זייער שניט זיינען געזעסען ביי איהם אין קאָפּ — אָבער נאָר טאקע אין קאָפּ. איוואן פעטראָוויטשעס אמאָליגער ערציהער, דער געוועזענער אבבאט און ענציקלאָפּעדיסט, האָט זיך באנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט אריינגעגאָסען אין זיין תלמיד די גאנצע חכמה פונ'ם 18טען יאָהרהונדערט, און אן אָנגעפילטער האָט ער זיך אזוי מיט איהר ארומגעטראָגען; זי האָט זיך דאָר־טען ביי איהם באזעצט, אָבער זי האָט זיך ניט אויסגעמישט מיט זיין בלוט, ניט אריינגעדרונגען אין זיין נשמה, ניט ארויסגעוויזען זיך אלס א פעסטע איבערציייגונג... און ווי האָט מען געקענט פאָ־דערען איבערציייגונגען פון אזא יונגען בחור'על מיט פופציג יאָהר צוריק, ווען מיר זיינען נאָך איצטער אויך צו זיי ניט דערוואַק־סען? די געסט, וועלכע פלעגען קומען צום פאָטער, האָבען איוואן פעטראָוויטש'ן שטענדיג געבראכט אין א פארלעגענהייט; עס פלעגט איהם פון זיי איבלען, זיי פלעגען פאר איהם מורא האָבען; און מיט דער שוועסטער גלאפירא, וואָס איז געווען מיט צוועלף יאָהר עלטער פון איהם, איז ער זיך גאָר ניט צוזאמענגעגאנגען. אָט די גלאפירא איז געווען א מאָדנע באשעפעניש; ניט קיין שעהנע, א האָרבאטע, א מאגערע, מיט ברייט צועפענטע, שטרענגע אויגען און מיט א דין צוזאמענגעפרעסטען מויל, האָט זי מיט'ן פּנים, קאָפּ, זייטיגע פלינקע באוועגונגען דערמאָנט איהר באָבע, די ציגיינערקע, אנדריי'ס פרוי. א הארטנעקיגע און אמביציעזע, האָט זי אפילו ניט געוואָלט הערען וועגען חתונה האָבען. איוואן פעטראָוויטשעס צוריקקומען איז איהר ניט געווען צום הארצען. כל זמן די פירשטין קובענסקאיא האָט איהם געהאלטען ביי זיך, האָט זי געהאָפט צו קריגען, לכל הפחות א האלב פונ'ם פאָטער'ס גוט; שוין צוליעב קארגשאפט איז זי פארזעסען. א חוץ דעם, גלאפירא האָט מקנא געווען דעם ברודער: ער איז געווען אזוי געבילדעט, אזוי גוט גערעדט פראנצויזיש, מיט א פאריזער אויס־

שפראך, און זי האט קוים געקענט זאגען: „באנזשור”, און „קאמאן וואו פארטע וואו?” אמת, איהרע עלטערען האבען גאר ניט פארשטאנען קיין פראנצויזיש, — נאר איהר איז פון דעם ניט גרינגער געווארען. איוואן פעטראוויטש האט ניט געאוווסט וואו זיך אהינצוטאן פון זארג און בענקעניש; כמעט א יאהר האט ער פארבראכט אין דארף, נור געצויגען האט עס זיך ביי איהם ווי צעהן יאהר. נור פאר זיין מוטער פלעגט ער זיך אויסרעדען דאס הארץ, און שעה'ען גאנצע פלעגט ער איבערזיצען אין איהרע ניעדעריגע חדרים'לאך, זיך איינהערען אין דער איינפאכער פלאפלעריי פון דער גוטער פרוי און זיך אנעסען מיט איינגעמאכטס. האט זיך גראד געמאכט, אז צווישען אנא פאוולאוונא'ס דיענסט-מיידלאך איז געווען איינע זעהר א שעהנינקע, מיט קלארע עניות'דיגע אויגעלאך און מיט זעהר עדעלע שטריכען; געהייסען האט זי מאלאניא און געווען איז זי א קלוגע און א צנועה. פונ'ם ערשטען בליק איז זי געפעלען געווארען איוואן פעטראוויטשען; ער האט זיך פארליעבט אין איהר: ער האט ליעב געקראגען איהר שרעקעדיג גענגעלע, איהרע שעמעודיגע ענטפערס, איהר שטיל קולכעלע, איהר שטיל שמייכעלע; וואס א טאג איז זי איהם געווארען אלץ ליעבער. און זי האט זיך אויך צוגעבונדען צו איוואן פעטראוויטשען מיט איהר גאנצער נשמה, ווי נאר רוסישע מיידלאך קענען זיך צובינדען — און האט זיך איהם אפגעגעבען. אין א א פריציש דארפיש הויז קען זיך קיין סוד לאנג ניט האלטען: באלד האבען זיך אלע דערוואוסט וועגען די באציהונגען צווישען דעם יונגען פריץ מיט מאלאניען; די ידיעה וועגען אט די באציהונגען איז ענדליך דערגאנגען צו פעטער אנדרייאיטשען אליין. אן אנדערס מאל וואלט ער, מן הסתם, קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשענקט אט אזא קלייניגקייט; נאר ער איז שוין פון לאנג אין כעס געווען אויפ'ן זוהן, און האט זיך פשוט דערפרעהט מיט'ן צופאל אביסעל צו מביש זיין דעם פעטערבורגער חכם און פראנט. ס'איז געווארען א גוואלד, א געשריי און א טומעל: מאלאניען האט מען איינגעשפארט אין א קאמער; איוואן פעטראוויטש'ען האט מען מטריח געווען צום פאטער. אנא פאוולאוונא איז אויך געקומען צולויפען אויפ'ן געשריי. זי האט געמאכט

אַ פּראָבע איינצוגעהמען דעם מאַן, נאָר פּעטער אַנדרייאיטש האָט שוין גאָר ניט געהערט. ווי אַ רויב־פויגעל האָט ער זיך אַרויפ־געוואָרפען אויפ'ן זוהן, האָט איהם באַשולדיגט אין אוממאָראַלי־טעט, געזאָגט, אַז ער איז אַ כופר בעיקר, אַ צבועק. בעת מעשה האָט ער שוין צו איהם אויסגעלאָזט, וואָס ס'האָט זיך איהם קאָ־לאָטעט אויפ'ן הארצען געגען דער פירשטין קובענסקאַיא, האָט איהם פּשוט באַוואָרפען מיט זידלערייען. לכתחילה האָט איוואַן פּעטראָוויטש געשוויגען און זיך געשטאַרקט, נאָר ווען דער פּאָ־טער האָט איהם אַ סטראַשע געטאָן שענדליך צו באַשטראָפען, האָט ער שוין ניט אויסגעהאַלטען. „אָט איז דער פאַנאַטיקער דידעראָט ווידער אַמאָל אויף דער ביהנע, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — נו, איך וועל איהם שוין באַארבייטען, וואַרט נאָר אויס." און טאַקע אויפ'ן פּלאַץ, האָט איוואַן פּעטראָוויטש, מיט אַ רוהיגער גלייכער שטימע, הגם מיט אַ אינערליכען ציטער אין אַלע זיינע אברים, ערקלערט דעם פאָטער, אַז ער באַשולדיגט איהם אומזיסט אין אוממאָראַליטעט און, הגם, ער וויל ניט אָפּלייקענען זיין שולד, איז ער אָבער גרייט פאַרריכטען, וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט, נאָך מיט מעהר חשק דערפאַר, וואָס ער שטעהט העכער פון יעדען אבערגלויבען — נעמליך — ער איז גרייט חתונה האָבען מיט מאַלאַניען. מיט אָט די ווערטער, האָט איוואַן פּעטראָוויטש, אָהן אַ ספק דערגרייכט זיין ציעל: פּעטער אַנדרייאיטש איז אַזוי מבולבל געוואָרען, אַז ער האָט אויסגעגלאָצט די אויגען און איז אויף אַ רגע פאַרשטומט געוואָרען; ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך, און ווי ער איז אַזוי געשטאַנען מיט'ן פּעלצעל און מיט די שיך אויף די באָרוועסע פיס, האָט ער זיך אַזוי אַ וואָרף געטאָן מיט די קולאַקעס אויף איוואַן פּעטראָוויטש'ען, וואָס האָט זיך אַזוי ווי אויף צולהכעיס דעם טאָג גראָד פאַרקאַמט a la Titus און אָנגעטאָן אַ נייעם ענגלישען בלויען פראַק, שטיוועל מיט קור־טעסלאַך און עלעגאַנטע, שמאָלינקע לעדערנע הויזען. אַנאַ פּאַוור־לאָווגאַ האָט אַ געשריי געטאָן מיט איהר גאַנצען כח און פאַר־דעקט איהר פּנים מיט די הענט, און דער זוהן איז דורכגעלאָפען דאָס גאַנצע הויז און אַרויסגעטאַנצט אין גאָרטען, אינ'ם סאָד און דורכ'ן סאָד אַרויפגעלאָפען אויפ'ן שליאַך, און איז אַלץ גע־

לאָפּען, זיך ניט אומגעקוקט ביז עס איז פאַרשטילט געוואָרען דאָס האַסטיגע קלאַפּען פונ׳ם פאָטער׳ס טריט הינטער איהם און זיינע קרעפטיגע און אָפּגעריסענע קולות... — שטעה, באַנדיט איינער! — האָט ער געליאַרעמט — שטעה! איך׳ל דיר פאַרשילטען! —

איוואַן פּעטראָוויטש האָט זיך באַהאַלטען ערגעץ ביי אַ שכן און פּעטער אַנדרייאַיטש איז צוריקגעקומען אַהיים אַן אויסגעמאַטער־טער, אַ פאַרשוויצטער און ערקלערט, קוים אָפּכאַפּענדיג דעם אָטעם, אַז ער זאָגט דעם זוהן אָפּ פון דער ירושה און פון זיין פאָטערליכער ברכה, און באַפוילען פאַרברענען אַלע זיינע נאַרישע ביכער און דער מויד מאַלאַניען פאַרשיקען ערגעץ אין אַ ווייטען דאָרף. עס האָבען זיך געפונען גוטע מענשען, וואָס האָבען אָפּ־געזוכט איוואַן פּעטראָוויטש׳ען און האָבען איהם וועגען אַלעם מודיע געווען. אַ פאַרשעמטער און אַ אויפגערעגטער ביז משוגעת, האָט ער זיך אַ נדר געטאָן זיך נוקם זיין אָן דעם פאָטער, און טאַקע אין דער זעלביגער נאַכט האָט ער אָפּגעוואַרט די פוהר, אויף וועלכער מען האָט געפיהרט מאַלאָניען, האָט זי מיט גוואַלד אָפּ־געשלאָגען, איז מיט איהר אַוועק אין דער נאָהענטסטער שטאָדט און מיט איהר חתונה געהאַט. מיט געלד האָט איהם באַזאָרגט אַ שכן, אַ שטענדיג־שכור׳ער און האַרציגער, אַ געוועזענער מאַטראָז, אַ מסוכנ׳ער ליעבהאָבער פון אַלערליי נאָבעלע געשיכטעס, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקען. אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט איוואַן פּעט־ראָוויטש אָנגעשריבען אַ בייסיג־קאַלטען און העפליכען בריעף צו פּעטער אַנדרייאַיטש׳ען, און אַליין איז ער אַוועק אין אַ דאָרף, וואו עס האָט געוואוינט זיינער אַ גליעד־געשוועסטער־קינד, דמיטרי פּעסטאָוו מיט זיין שוועסטער מאַרפאַ טימאָפעיעווגא, וועלכע איז שוין באַקאַנט דעם לעזער. ער האָט זיי אַלעם דערצעהלט, ער־קלערט אַז ער וויל פאָהרען קיין פּעטערבורג זוכען אַ שטעלע און האָט זיך ביי זיי איינגעבעטען, אויף אַ שטיקעל צייט כאָטש, אויפהאַלטען זיין ווייב. ביים וואָרט: ווייב — האָט ער זיך ביטער צואוויינט און, ניט קוקענדיג אויף זיין גרויס־שטעדטיגער בילדונג און פילאָזאָפיע האָט ער זיך מיט הכנעה, כעני בפתח, אַ וואָרף געטאָן צו זייערע פיס און אפילו אָנגעקלאַפּט דעם שטערען אָן דער פּאָדלאָגע. די פּעסטאָווס, ווייכהאַרציגע און גוטע מענ־

שען זיינען מיט שמחה מרוצה געוואָרען צו ערפילען זיין בקשה; ער האָט ביי זיי אָבגעוואוינט א דריי וואָכען, בסוד געווארט אויף אַן ענטפער פונ'ם פאָטער. נאָר קיין ענטפער איז ניט אָנגעקומען, — און טאָקע ניט געקענט אָנקומען. ווען פעטער אַנדרייאיטש האָט זיך דערוואוסט וועגען זוהנ'ס חתונה איז ער קראַנק געוואָרען און פאַרבאָטען אָפילו צו דערמאָנען זיין נאָמען, נאָר די מוטער האָט שטילענקערהייט, אָהן דעם מאַנ'ס וויסען, אנטליהען ביים אונטער־גלח און צוגעשיקט קנאַקעדיגע פינף הונדערטער, און א חוץ דעם א קליינינקע איקאָנא דעם וייב; אַנשרייבען האָט זי מורא געהאַט, נאָר האָט געהייסען דעם שליח, א מאָגערער פויערל, וואָס האָט געקענט אויסגעהן זעכציג וויערסט א מעת־לעת, זאָגען איוואַן פעטראָוויטש'ען, אַז ער זאָל זיך ניט נעהמען אַזוי צום הארצען, און גאָט וועט העלפען, אַלעס וועט זיך באַרוהיגען און דער פאָטער וועט זיין צאָרן פאַרבייטען אויף רחמנות; אַז זי וואָלט אויך בעסער געוואָלט געווען האָבען אַן אַנדער שנור, נאָר, ווייזט אויס, גאָט האָט אַזוי געוואָלט, און זי שיקט מאַלאַניע סערגעיעווונאַ'ן איהר מוטערליכע ברכה. דער דאַרער פויערל האָט באַקומען א רובעל, האָט געבעטען ערלויבניש זיך צו זעהן מיט דער נייער פריצה, וועמעס טויף־פאָטער ער איז געווען, האָט איהר א קוש געטאָן אין הענטעל און איז אוועק צו אַלדי גוטע יאָהר.

און איוואַן פעטראָוויטש איז אוועק קיין פעטערבורג מיט א גרינג הארץ. א אומבאַקאַנטע צוקונפט האָט איהם ערוואַרטעט; אפשר האָט די אָרעמקייט איהם געדראָהעט, נאָר ער האָט פאַרלאָזט דאָס פאַר'נמאס'ט דאָרפיש לעבען, און דער עיקר ער האָט ניט פאַרגעסען זיינע לעהרער, ער האָט באמת אויסגענוצט און מקיים געווען אויף דער וואהר אי רוססאָ'ן, אי דידעראָט'ען אי la Declaration des droits de l'home די פרייד פון אַן ערפילטער פליכט, פון נצחון, א מין גאווה־געפיהל האָט ארומגעכאַפּט זיין נשמה; אויך די שיידונג מיט זיין פרוי האָט איהם ניט זעהר געשראָקען; איהם וואָלט גיכער צוטומעלט די נויטווענדיגקייט שטענדיג צו לעבען מיט איהר. יענע זאַך איז שוין געווען אָפּגעטאָן; מען האָט זיך געדארפט א נעהם טאָן פאַר אַנדערע זאַכען. אין פעטערבורג, האָט איהם אָפּגעגליקט, אויף

צולהכעיס זיינע ערוואַרטונגען: די פירשטען קובענסקאַיאַ, — וועמען מוסיע קורטען האָט שוין געהאַט פאַרלאָזען, נאָר וועלכע איז נאָך דערווייל ניט געהאַט געשטאָרבען, — כדי אַביסעל כאָטש צו פאַרגלעטען איהר שולד געגען איהר פּלימעניק, האָט איהם רעקאָמענדירט צו אַלע איהרע פריינד, האָט איהם געשענקט פינף טויזענד רובעל — כמעט דאָס לעצטע געלט איהרם — און לעפּעסקאָוו'ס אַ זייגערל מיט זיין מאָנאָגראַם אין אַ קופּיד־קראַנץ. קיין דריי חדשים זיינען נאָך ניט געהאַט פאַרבייגעגאַנגען און ער האָט שוין געקראָגען אַ שטעלע ביי דער רוסישער מיסיע אין לאָנדאָן און אויף דער ערשטער אָפּגעהענדער ווינד־שיף (פון קיין דאַמף־שיפען איז נאָך דעמאָלט אפילו קיין זכר ניט געווען) האָט ער זיך אַוועקגעל[illegible] מעבר לים. אין עטליכע חדשים אַרום האָט ער ערהא[illegible]ען אַ [illegible] פון פעסטאָוו'ן. דער גוטער פּריץ האָט איהם געשיקט אַ מזל־טוב מיט אַ זוהן, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט אינ'ם דאָרף פּאָקראָווסקאַיאַ דעם 20טטען אויגוסט 1807, און וועמען מען האָט אַ נאָמען געגעבען פעאָדאָר, לכבוד דעם הייליגען מאַרטירער פעאָדאָר סטראַטילאַט. צוליעב דעם, וואָס מאַלאַניאַ סערגעיעוונאַ איז געווען זעהר אָפּגעשוואַכט, האָט זי נאָר צוגעשריבען עטליכע שורות; נאָר אפילו די עטליכע שורות האָבען אויך פאַר'חדוש'ט איוואַן פּעטראָוויטש'ען: ער האָט ניט געוואוסט, אַז מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ האָט אויסגעלערנט זיין פרוי שרייבען. איבריגענס, איוואַן פּעטראָוויטש האָט זיך ניט לאַנג איבערגעגעבען די זיסע אָנרעגונגען פון די פאָטערליכע געפיהלען: ער האָט פלירטירט מיט איינער פון די באַוואוסטע דעמאָלדיגע פרינס אָדער לאַאיס'עס (קלאַסישע נעמען האָבען נאָך דעמאָלט געבליהט); מען האָט נאָר וואָס געהאַט געשלאָסען דעם טילזיטצער פריעדען, און אַלעס האָט געאיילט נאָך פאַרגעניגענס, אַלעס האָט זיך געדרעהט אין עפּעס אַ משוגענעם שטורעם; די שוואַרצע אויגען פון דער ציקאַווער שעהנהייט האָט איהם אויך פאַרדרעהט דעם קאָפּ. געלד האָט ער געהאַט זעהר ווייניג; נאָר ער האָט זעהר גוט געשפּיעלט אין קאָרטען, געמאַכט אַלע מאָל מעהר קענטשאַפט, אָן אָנטייל גענומען אין אַלע הוליאַנקעס, מיט איין וואָרט, געפאָהרען אויף אַלע ירידים.

## 9.

דער אַלטער לאַווּרעצקי האָט אַ צייט לאַנג ניט געקענט מוחל זיין דעם זוהן פאַר זיין חתונה; ווען איוואַן פּעטראָוויטש זאָל געווען קומען שפּעטער מיט אַ האַלב יאָהר צום פאָטער מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, און זיך געווען אַ וואָרף טאָן צו איהם צו די פיס, וואָלט ער איהם אפשר געווען מוחל געווען, אויסזידלענדיג איהם אַפריהער גאַנץ גוט און אָנקלאַפּענדיג איהם מיט דער קוליע, כדי איהם אָנצושרעקען אביסעל; נאָר איוואַן פּעטראָוויטש האָט געלעבט אין אויסלאַנד און אַ פייגעלע אין וואַלד געלאָזט זינגען — „שווייג! קיין וואָרט!" פלעגט פּעטער אַנדרייאַיטש אַלץ ווידער־האָלען צו זיין פרוי, ווען נאָר יענע האָט פּרובירט איהם בויגען צו גוטען: „ער, אַזאַ הינטעל, דאַרף אייביג בעטען גאָט פאַר מיר, וואָס איך האָב איהם ניט פאַרשאָלטען. אַנאַ פּאַוולאָוונאַ פלעגט זיך ביי אַזעלכע ווערטער נאָר צלמ'ען, בגנבה. וואָס ס'איז שייך אָבער איוואַן פּעטראָוויטש'עס ווייב, האָט פּעטער אַנדרייאַיטש אפילו ניט געוואָלט הערען פון איהר, און האָט אפילו אין זיין ענטפער אויף פּעסטאָוו'ס אַ בריעף, אין וועלכען ער האָט איהם דערמאָנט וועגען זיין שנור, געהייסען איהם איבערגעבען, אַז ער הויבט ניט אָן צו וויסען פון קיין פּתרון און פון קיין חלום, ער קען קיין שנור זיינע דערווייל נאָך ניט; אַז דאָס געזעץ פאַרבאָט צו אויפהאַלטען אַנטלאָפענע מיידען, און אַז ער האַלט דאָס פאַר זיין חוב דאָס איהם מודיע צו זיין. שפּעטער אָבער, ווען ער איז געוואָהר געוואָרען וועגען דעם געבורט פון זיין אייניקעל, איז ער אביסעל ווייכער געוואָרען, באַפוילען אַזוי, הינטערווייל'עכטס, זיך דערוויסען, ווי עס פיהלט זיך אין געזונד די געווינערין, האָט איהר צוגעשיקט, אויך כלומר'ש ניט פון זיך, אַביסעלע געלט. פעדיאַ איז נאָך אפילו קיין יאָהר ניט אַלט געווען, בעת אַנאַ פּאַוולאָוונאַ איז פאַרשלאָפט געוואָרען אויף אַ טויטליכער קריינק. עטליכע טעג פאַר איהר סוף, שוין ניט אַראָפּגעהענדיג פון'ם בעט, האָט זי, מיט טרערלאַך אין די כמעט אויסגעלאָשענע אויגען, אין דער אַנוועזענהייט פון'ם גלח, ערקלערט דעם מאַן, אַז זי וויל זעהן און זיך געזעגענען מיט דער שנור און בענשען דאָס אייניקעל. דער

צושראָקענער אַלטער האָט זי באַרוהיגט און גלייך אוועקגעשיקט זיין אייגענע קאַרעטע נאָך דער שנור, און זי צום ערשטען מאָל אָנגערופען מאלאניא סערגעיעווּנא. זי איז געקומען מיט'ן זוהן און מיט מארפא טימאָפעיעווּנא, וועלכע האָט זי באַין אופן ניט געוואָלט אליין אָפּלאָזען און וואָלט זי שוין באַליידיגען ניט געוועזן געלאָזט. קוים א לעבעדיגע פון שרעק איז מאלאניא סערגיעוונא אריינגעקומען אינ'ם קאַבינעט פון פעטער אַנדרייאיטש. די ניאַנקע האָט הינטער איהר געטראָגען פעדיא'ן. פעטער אַנדרייאיטש האָט שווייגענד א קוק געטאָן אויף איהר; זי איז צוגעגאַנגען צו זיין האַנט; איהרע ציטערנדע ליפּען האָבען זיך קוים צוזאַמענגעשלאָסען אין א קלאַנגלאָזען קוש.

— נו, פריש־געבאַקענע פריצה, — האָט ער ענדליך א זאָג געטאָן: — ברוך הבא; קום צו דער באַלעבאָסטע.

ער איז אויפגעשטאַנען און זיך איינגעבויגען צו פעדיא'ן; דאָס קינד האָט א שמייכעל געטאָן און האָט זיך צו איהם א ציה געטאָן מיט זיינע בלאַסינקע הענטעלאך. דער אַלטער איז פול געוואָרען מיט רחמים.

— אָך יתומ'על! — האָט ער א זאָג געטאָן. — האָסט אויסגעגעבעטען א מחילה פאַר'ן טאַטען פאַר דיינעם; ניט פאַרלאָזען וועל איך דיר, פויגעלע מיינס.

ווען מאלאניא סערגיעוונא איז אריינגעקומען אין שלאָףצימער פון אַנא פּאוולאָוונא, האָט זי זיך גלייך א וואָרף געטאָן אויף די קניע נעבען דער טיר. אַנא פּאוולאָוונא האָט איהר א ווינק געטאָן צוקומען צום בעט, האָט זי ארומגעכאַפּט און געבענשט איהר זוהן; נאָכדעם, ווענדענדיג איהר פּנים, וועלכער איז געוועזן אָפּגעצערט פון דער געפעהרליכער קריינק, צו איהר מאַן, האָט זי געוואָלט עפּעס אָנפאַנגען צו ריידען...

— איך ווייס, איך ווייס, וואָס דו ווילסט מיך בעטען, — האָט פעטער אנדרייאיטש א זאָג געטאָן: — האָב קיין יסורים ניט: זי וועט שוין בלייבען ביי אונז, און וואַניע'ן וועל איך שוין אויך מוחל זיין צוליעב איהר.

אַנא פּאוולאָוונא האָט מיט אַן אָנשטרענגונג געכאַפּט דעם

מאַנ׳ס האנד און צו איהר צוגעדריקט איהרע ליפּען. אין דעם זעלביגען אָווענט איז זי געשטאָרבען.

פּעטער אַנדרייאיטש האָט זיין וואָרט געהאַלטען. ער האָט מודיע געווען דעם זוהן, אַז צוליעב׳ן טויט פון זיין מוטער און צוליעב׳ן פּיצעלע פעאָדאָר׳ן איז ער איהם מוחל און שיקט איהם זיין פאָטערליכע ברכה, און מאַלאַניא סערגיעוונאַ׳ן וועט ער שוין האַלטען ביי זיך. מען האָט איהר אָפּגעגעבען צוויי צימערן אינ׳ם אויבער־שטיבעל, ער האָט איהר פאָרגעשטעלט פאַר זיינע ווירדיגסטע געסט, פאַר דעם קרומען בריגאַדיר סקורעבינען און זיין פרוי; האָט איהר געשענקט צוויי מיידען און א קאַזאַקעל אַלס שיק־אינגעל. מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ האָט זיך מיט איהר געזעגענט; זי האָט פיינט געקראָגען גלאַפירען און דריי מאָל זיך צוקריגט מיט איהר אינ׳ם משך פון איין טאָג.

די אָרימע פרוי האָט זיך געפיהלט אין אָנפאַנג עפּעס פרעמד און שווערליך; נאָר נאָכדעם האָט זי זיך אָנגעזועטיגט מיט די צרות און זיך צוגעוועהנט צו איהר שווער. ער האָט זיך אויך צו איהר צוגעוועהנט און זי ליעב געקראָגען, הגם ער האָט כמעט מיט איהר קיינמאָל ניט גערעדט, כאָטש אין זיינע צערטליכקייטען האָט זיך געשפירט עפּעס א מין ניט־ווילענדיגע פאראכטונג. מעהר פון אַלעם האָט מאַלאַניא סערגיעוונאַ געליטען פון איהר שוועגערין. גלאַפירא האָט נאָך ביי דער מוטערס לעבען צוביסלאַך אריינגעכאַפּט דאָס גאַנצע הויז אין איהרע הענט; אַלע, אפילו דער פאָטער אַליין, האָבען איהר געפאָלגט; אָהן איהר באַפעהל האָט מען אפילו קיין שטיקעל צוקער ניט ארויסגעגעבען; זי וואָלט גיכער מרוצה געוואָרען צו שטאַרבען, איידער זיך טיילען מיט איהר מאַכט מיט אַן אַנדער באַלעבאָסטע, — און נאָך מיט א וואָסערער באַלעבאָסטע! דעם ברודער׳ס חתונה האָט איהר נאָך מעהר געערגערט, ווי פּעטער אַנדרייאיטש׳ען: זי האָט זיך א נעהם געטאָן אָנצולערנען די נייע, פריש־געבאַקענע פריצה, און מאַלאַניא סערגיעוונאַ איז פון דער ערשטער מינוט טאַקע געוואָרען איהר שקלאַפין. און ווי טאַקע האָט זי געקענט קעמפען געגען דער האַרטנעקיגער, גדול׳דיגער גלאַפירא, זי — אַזאַ מילדע, אַזאַ אָנגעשראָקענע און א שוואַכע? קיין איין טאָג איז ניט אַריי־

בער אַז גלאַפירא פּעטראָוונאַ זאָל איהר ניט אויפוואַרפען איהר אַמאָליגע לאַגע, אַז זי זאָל איהר ניט ליבען דערפאַר, וואָס זי פאַרגעסט זיך ניט. מאַלאַניע סערגעיעוונא וואָלט שוין ווי עס איז איבערגעטראָגען אָט די אַלע אָנדייטונגען און ליוב־געזאַנגען, ווי ביטער זיי זיינען ניט געווען... נאָר מען האָט ביי איהר צוגענומען פעדיאַ'ן: אָט דאָס האָט איהר שוין גאַר דערהרג'ט. אונטער'ן אויסרייד, אַז זי איז ניט ביכולת צו פאַרנעמען זיך מיט זיין ערציהונג, האָט מען זי פּשוט צו איהם ניט צוגעלאָזט; גלאַפירא האָט זיך דערצו גענומען; דאָס קינד איז אינגאַנצען געבליבען אונטער איהר השגחה. מאַלאַניא סערגיעוונאַ האָט פון יסורים אָנגעפאַנגען צו בעטען אין איהרע בריעף צו, איוואַן פּעטראָוויטש'ען, אַז ער זאָל גיכער קומען אַהיים; פּעטער אַנדרייאַיטש אַליין האָט זיך געוואָלט זעהן מיט'ן זוהן; נאָר ער פלעגט נאָר אָפּקומען מיט'ן שרייבען, אָנדאַנקען דעם פאָטער פאַר דער פרוי, פאַר'ן צוגעשיקטען געלד, צוזאָגען, אַז ער וועט אין גיכען קומען, — און איז ניט געקומען. דאָס צוועלפטע יאָהר*) האָט איהם ענדליך מטריח געווען פון אויסלאַנד. די באַגעגעניש צווישען פאָטער און זוהן, נאָך אַ זעקס־יאָהריגער צושיידונג איז אַראָפּ גלאַט: דער טאַטע מיט'ן זוהן האָבען זיך אַרומגעכאַפּט, צוקושט און אפילו קיין וואָרט ניט דערמאָנט וועגען די אַמאָליגע צאַנקערייען; ווען איז דאָס דעמאָלט אין קאָפּ אריין געקראָכען? גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך אויפגעהויבען געגען שונא, און ביידע האָבען דערפיהלט, אַז דאָס רוסישע בלוט פליסט אין זייערע אָדערען. פּעטער אַנדרייאַיטש האָט אויף זיין אייגענעם חשבון באַקליידט אַ גאַנצען פּאָלק סאָלדאַטען. נאָר די מלחמה האָט זיך געענדיגט, די סכנה איז אַריבער: איוואַן פּעטראָוויטש האָט זיך ווייטער פאַרבענקט, און ווידער האָט איהם אַ ציה געטאָן יענע ווייטע וועלט, מיט וועלכער ער איז שוין צוזאַמענגעוואַקסען געוואָרען, און, וואו ער האָט זיך געפיהלט היימיש. מאַלאַניא סערגיעוונא האָט איהם ניט געקענט אָפּהאַלטען; זי איז ביי איהם געווען ניט אַזאַ גרויסער באַטרעף. אפילו איהרע האָפנונגען זיינען

---

*) 1812.

איך ניט מקוים געוואָרען: איהר מאַן האָט אויך באַשלאָסען, אז עס איז אַ סך לייטישער איבערצוגעבען גלאַפירען די ערציהונג פון פעדיא'ן. די אָרעמע פרוי פון איוואַן פעטראָוויטש'ען האָט אזא קלאַפּ ניט געקענט אריבערטראָגען: זי האָט ניט איבערגע־טראָגען די צווייטע צושיידונג: שטיל, אָהן אַ מורמעל, איז איהר נשמה אויסגעלאָשען געוואָרען אין איינע עטליכע טעג. פאַר'ן משך פון איהר גאַנצען לעבען האָט זי זיך קיין זאַך ניט געקענט ווידערשטעלען, און אויך מיט דער קריינק האָט זי ניט געקעמפט. זי האָט שוין ניט געקענט ריידען, די קברים־שאָטענס האָבען זיך שוין אויסגעצויגען אויף איהר פּנים, נאָר איהרע שטריכען האָבען, ווי פריהער, אויסגעדריקט אַ געדולדיגע פאַרלעגענהייט און אַ שטענדיגע זאַנפטיגקייט פון עניוות; זי האָט אַלץ געקוקט מיט יענער שטומער אונטערטעניגקייט אויף גלאַפירא'ן, און ווי אַנאַ פּאַוולאָוונאַ, האָט זי אויפ'ן טויטענבעט אַ קוש געטאָן די האַנט פון פּעטער אַנדרייאיטש'ען, פּונקט אַזוי האָט זי זיך צוגעטוליעט צו גלאַפּירא'ס האַנט, איבערגעבענדיג איהר, גלאַפּירא'ן, איהר בן־יחיד. אַזוי האָט געענדיגט איהר ערדיש לעבען אַ שטילע און גוטע נשמה, וועלכע איז אַרויסגעריסען געוואָרען, גאָט ווייס צו־ליעב וואָס, פון איהר היימישען באָדען, און באַלד אוועקגעשלייד־דערט געוואָרען, ווי אַן אויסגעריסען בוימעלע, מיט די וואָרצלען אויף דער זון; זי איז פאַרוועלקט געוואָרען, פאַרלאָרען געוואָרען אָהן דעם מינדסטען שפּור, און קיינער האָט אפילו נאָך איהר ניט געקלאָגט. מאַלאַניאַ סערגיעוונאַ האָט נאָר באַנג געטאָן איה־רע דיענסט־מיידלעך און אויך פּעטער אַנדרייאיטש'ען. דעם אַל־טען איז אָפּגעגאַנגען איהר שווייגענדע אַנוועזענהייט. „זיי מיר מוחל מיין מילדינקע!" האָט ער אַ בורטשע געטאָן, בוקענדיג זיך צו איהר דעם לעצטען מאָל, אין קלויסטער. ער האָט געוויינט, בעת ער האָט אַריינגעוואָרפען אַ הויפען ערד אין קבר אריין.

ער אַליין האָט זי ניט מיט קיין סך איבערגעלעבט, ניט מעהר ווי מיט פינף יאָהר. אין 1819, אום ווינטער, איז ער שטיל געשטאָרבען אין מאָסקווע, וואוהין ער האָט זיך איבערגעקליבען מיט גלאַפּירא'ן און מיט'ן אייניקעל. אין זיין צוואה האָט ער גע־בעטען מען זאָל איהם באַגראָבען נעבען אַנאַ פּאַוולאָוונאַ און אויך

נעבען „מאלאשען". איוואן פעטראָוויטש איז דעמאָלט געווען אין פאריז, אויף א לוסט־רייזע; ער איז אַרויס פון דיענסט באַלד נאָכ'ן יאָהר 1815. ווען ער האָט זיך דערוואוסט פונ'ם פאָטער'ס טויט, האָט ער באַשלאָסען זיך אומקעהרען קיין רוסלאַנד. מען האָט געמוזט א טראַכט טאָן וועגען דער איינאָרדנונג פון דעם גוט און פעדיא איז, לויט גלאפירא'ס בריעף, שוין געגאַנגען אויפ'ן דרייצעהנטען יאָהר, עס איז שוין געקומען די צייט ערנסט זיך א נעהם טאָן צו זיין ערציהונג.

## 10.

איוואן פעטראָוויטש איז צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד א פארקאָכטער ענגלענדער. קורץ־געשוירענע האָר, אָנגעקראָכמאלטע בלענדעלאך, א לאַנגער סירדוט מיט א סך קעלנערלאך, א זויערער אויסדרוק אויפ'ן פנים, עפּעס א מין האסטיגע און אין דערזעלביגער צייט גלייכגילטיגע באַנעמונג, א סאָרט ריידען דורך די צייהן, א הילצערנער און פלוצלונגער געלעכטער, די אָבוועזענהייט פון א שמייכעלע, אַן אויסשליסליך פּאָליטישער און פּאָליטיש־עקאָנאָמישער געשפּרעך, א תאוה צו בלוטיגע ראָסטביפען און צו פּאָרט־ויין — פון אלעם האָט אין איהם פשוט געשטראָמט מיט גרויס־בריטאַניען; אינגאנצען איז ער געווען דורכגעזאפּט מיט איהר גייסט. נאָר — פלא פלאים! א פּארקאָכטער ענגלענדער — איז איוואן פעטראָוויטש אויך געוואָרען א פּאטריאָט, אלענפאלס האָט ער זיך אליין גערופען פּאטריאָט, הגם רוסלאַנד האָט ער זעהר ווינציג געקענט, ניט געהאַלטען פון קיין איין רוסישער געוועהנהייט און זעהר מאָדנע זיך דורכגערעדט אויף רוסיש: אין א געוועהנליכען שמועס איז זיין שפּראַך, א אומגעלומפּערטע און א צוקראָכענע. אינגאנצען געווען דורכגעצאַצקעט מיט גאלליציזמען; נאָר קוים האָט דער געשפּרעך באַריהרט וויכטיגע פראַגען האָבען זיך ביי איוואן פעטראָוויטש'ען גלייך אַרויסגעגליטשט אַזעלכע אויסדרוקען ווי, למשל: „אָנווענדען די נייע ערפאַהרונגען פון זעלבסט־פלייסיגקייט", „דאָס איז אין אנקלאַנג מיט'ן מהות פון די באַדינגען" א. אז. וו. א. אז. וו. איוואן פעטראָוויטש האָט מיט זיך

געבראכט עטליכע מאנוסקריפט־פלענער, וואס האבען געהאט א שייכות צו דער איינארדנונג און פארבעסערונג פון דער רעגירונג; ער איז זעהר געווען אומצופריעדען מיט אלעס, וואס ער האט געזעהן — ספעציעל פלעגט אין איהם די סיסטעמלאזיגקייט ערוועקען א סך ביטערקייט. ביי דער ערשטער באגעגעניש מיט דער שוועסטער, האט ער איהר גלייך ערקלערט, אז ער האט בדעה איינצופיהרען גרונטליכע ענדערונגען, אז ווייטער וועט ביי איהם אלעס געהן לויט א נייעם סיסטעם. גלאפירא פעטראוונא האט גאר ניט געענטפערט איוואן פעטראוויטש'ען, נאר זי האט צונויפגעדריקט איהרע צייהן און א קלער געטאן: „וואוהין־זשע וועל איך זיך אהינטאן?" — אלענפאלס, ווען זי איז געקומען אין דארף אריין מיט'ן ברודער און מיט'ן פלימעניק, האט זי זיך באלד בארוהיגט. אין הויז זיינען טאקע געמאכט געווארען אייניגע ענדערונגען: די מקבלים און פאראזיטען האט מען גלייך צוטריבען; צווישען זיי זיינען נעבעך אפגעקומען צוויי אלטע פרויען, איינע — א בלינדע, די צווייטע — א פאראליזירטע און נאך אן אלטינקער מאיאר פון אטשאקאווער צייטען, וועמען מען פלעגט האדעווען נאר מיט שווארצען ברויט און מיט לינזען, מחמת ער איז געווען א מסוכנ'ער אכל'ער, ר"ל. עס איז אויך ארויס א באפעהל ניט אויפנעהמען די אמאליגע געסט: אויף זייער פלאץ פלעגט קומען א ווייטער שכן, עפעס א בלאנדער, שקראפעליטשנער באראן, א זעהר וואויל ערצויגענער און א זעהר נארישער מענש. מען האט באלד באצויגען נייע מעבעל פון מאסקווע; עס האבען זיך באוויזען שפיי־קעסטלעך, גלעקעלעך, מאדנע ווייגען האבען פארטריבען דעם שנאפס און די היימיש־פארפראוועטע משקאות; די משרתים האט מען אויפגענעהט נייע ליווריי'עס; צום פאמיליען־הערב איז צוגעלעגט געווארען דער אויפשריפט: "In recto virtus. . ." באמת אבער איז די מאכט פון גלאפירא פעטראוונא ניט פארקלענערט געווארען: אלע אויסצאהלונגען און קניות זיינען, ווי פריהער, געמאכט געווארען אונטער איהר אויפזיכט; דער, פון אויסלאנד באצויגענער, קאמערדיענער, אן עלזאסער, האט זיך אפילו א פרואוו געטאן פארמעסטען מיט איהר — ער האט אבער פארלארען זיין שטעלע, הגם דער פריץ

אַליין האָט פון איהם גראד געהאַלטען און איהם געשיצט. בנוגע דער באַלעבאַטישקייט, דער השגחה אויפ'ן גוט (גלאַפירא פּעט־ראַוונא פלעגט זיך מישען אויך אין די ענינים) איז, ניט קוקענדיג אויף דעם פיעל מאָל אויסגעדריקטען פאַרלאַנג פון איוואַן פּעט־ראָוויטש'ען: אַריינבלאָזען אַ נייעם לעבען אין אָט דעם תהו ובהו — פונדעסטוועגען אַלעס געבליבען ביים אַלטען, נאָר דער קאָפּ־שטייער איז אביסעל פאַרגרעסערט געוואָרען און די פּאַנ־שטשינע שווערער געוואָרען, און די פּויערים האָט מען פאַרבאָטען דירעקט זיך צו ווענדען צום איוואַן פּעטראָוויטש'ען. דער פּאַט־ריאָט האָט שוין עפּעס זעהר פאַראכטעט זיינע מיטבירגער. דאָס סיסטעם פון איוואַן פּעטראָוויטש'ען איז אין זיין גאַנצער קראַפט אַנגעווענדעט געוואָרען צו פעדיאַ'ן: זיין ערציהונג האָט באמת זיך „גרונטליך געענדערט”: דער פּאָטער האָט זיך אויסשליסליך באַשעפטיגט מיט איהם.

## 11.

ביז איוואַן פּעטראָוויטש איז געקומען פון אויסלאַנד, איז פעד־דיא געוועזן, ווי שוין געזאָגט, אונטער דער אויפזיכט פון גלאַפיראַ פּעטראַוונאַ. ער איז אפילו קיין אכט יאהר ניט אַלט געוועזן בעת זיין מוטער איז געשטאָרבען, ער פלעגט זי זעהן יעדען טאָג און האָט זי מסוכן ליעב געקראָגען. די ערינערונג פון איהר, פון איהר שטילען און בלאַסען פּנים, פון איהרע טרויעריגע בליקען און שרע־קענדיגע צערטליכקייטען, האָבען זיך אויף אייביג איינגעקריצט אין זיין האַרצען; ער האָט אבער קוים־קוים פאַרשטאַנען איהר לאַגע אין הויז; ער האָט געפיהלט, אז צווישען איהם און איהר עקזיסטירט אַ צוים, וועלכע זי וואַגט ניט און קען ניט צושטערען. דעם פּאָטער האָט ער אויסגעמיידט, און איוואַן פּעטראָוויטש אַליין פלעגט איהם קיינמאָל ניט צערטלען; דער זיידע פלעגט איהם גלעטען איבער'ן קעפּעל און האָט איהם צוגעלאָזט קושען די האַנט, האָט איהם אבער געקרויינט און געהאַלטען פאַר אַ נאַרעלע. נאָכ'ן טויט פון מאַלאַניא סערגעיעוונאַ, האָט די מוהמע איהם איינגאַנצען אַריינגענומען אין איהרע הענט. פעדיאַ האָט פאַר איהר מורא גע־

האט, זיך געשראקען פאר איהרע ליכטיגע און שפּיזיגע אויגען, פאר איהר שניידענדען קול; ער האט ניט געוואגט אפילו א פּיפּס טאָן איהר אין די אויגען; און פלעגט ער זיך נאָר א רודער טאָן, פלעגט זי גלייך א שיפּע טאָן: „וואוהין? זיץ גלייך!" אום זונטאג, נאָך די מאָרגען־תפילות, האט מען איהם ערלויבט זיך צו שפּיעלען, ד. ה. מען האָט איהם געגעבען א גראבען, סודות־פולען בוך, דאָס ווערק פון איינעם עפּעס א מאקסימאָוויטש־אמבאָדיק מיט'ן טי־טול: „סימבאָלען און עמבלעמען". אין אָט דעם בוך זיינען גע־ווען א טויזענד טיילווייז גאנץ פארשטעלטע צייכנונגען, מיט פּונקט אזעלכע פארשטעלטע ערקלערונגען אין פינף שפּראכען. קופּיד, מיט א הוילען און געשוואָלענעם קערפּער, האט געשפּיעלט די גרעסטע ראָלע אין אָט די צייכנונגען. איינע פון אָט די צייכ־נונגען, מיט'ן נאָמען: „זאפראן און רעגענבויגען", האט געהאט אזא מין פּירוש: „די ווירקונג דערפון איז גרויס". אונטער אַן אנדער צייכנונג, וואָס האט פאָרגעשטעלט א פליהענדען בושעל מיט א פייגלכען אין שנאָבעל, איז געווען אזא פירוש: „דיר זיינען זיי אַלע באוואוסט". — „קופּיד און א בער, וועלכער לעקט ארום זיין קליין בערעלע", האָבען באדייט: „מיט דער צייט" אָדער: „טריט־ביי־טריט". פעדיא פלעגט באטראכטען אָט די צייכנונגען; אַלע זיינען איהם געווען באקאנט ביז דער לעצטער קליינינקייט; מאנכע, שטענדיג איינע און די זעלביגע, פלעגען ארויסרופען ביי איהם געדאנקען און וועקען זיין פאָרשטעלונגס־קראפט; קיין אנ־דערע פארוויילונגען האט ער ניט געהאט. ווען די צייט איז געקו־מען צו לערנען איהם שפּראכען און מוזיק, האט גלאפירא פּעט־ראוונא געדונגען, בחצי חנם, עפּעס אַן אַלטע מויד, א שוועדין מיט האָזענע אויגען, וועלכע האט קוים, מיט צרות גערעדט פראנצויזיש און דייטש, ווי ס'ניט איז געשפּיעלט אויף א פּיאנע, און אויסער דעם פלעגט זי גלענצענד זייערן אוגערקעס. פּיער יאָהר האט פעדיא פארבראכט אין דער געזעלשאפט פון אָט דער ערציהערין, פון דער מוהמע און נאָך פון עפּעס אַן אַלטער פאָקאיאווע, וואסיליעוונא. אמאָל פלעגט פעדיא זיך פארקלייבען ערגעץ אין א ווינקעלע מיט זיינע „עמבלעמען" — און זיצען... זיצען... אינ'ם נידעריגען צי־מער שמעקט מיט לוביסטיק, א חלב'ן ליכטעל צאנקט דאָרט טונ־

קעל, דער סוויסטשון פייפט אוים זיין מאנאטאן לידעל, אקוראט ווי ער וואלט געזונגען דאס ליעד פון בייננקעניש, דער קליינער וואנטזייגער קלאפט איילענדיג זיין טיק־טאק, א מייזעלע גנב׳עט זיך אונטערן שפאליער און גראבעלט דארטען, און דריי אלטע מיידען, אקוראט ווי די פארצען*) זיצען שטיל און ארבייטען פלינק מיט דריטלאך, די שאטענס פון זייערע הענט אט לויפען זיי, אט ציטערן זיי מאדנע אויף אין דער בין־השמשות טונקעלהייט און עפעס מאדנע און טונקעלע געדאנקען טומלען זיך אינ׳ם קעפעל פונ׳ם קינד. קיינער וואלט אויף פעדיא׳ן ניט געזאגט, אז ער איז אן אנציהענד קינד: ער איז געוועזן גאנץ בלאס, נאר גראב, ניט גלאטיג געבויט און עפעס ניט רירעוודיג, — אן אמת׳ער פויער, ווי גלאפירא פעטראוונא פלעגט זאגען; די בלאסקייט וואלט מן הסתם שנעל פארשוואונדען פון זיין פנים ווען מען וואלט איהם אפטער ארויסגעלאזען אויף דער לופט. געלערענט האט ער זיך ניש־קשה׳דיג, הגם אפט האט ער זיך געפוילט; ער האט קיינמאל ניט געוויינט; דערפאר פלעגט זיך אויף איהם צייטענווייז אנרוקען עפעס א מין ווילדע עקשנות; דעמאלט האט שוין קיינער מיט איהם ניט געקענט אויסקומען. פעדיא האט קיינעם פון די ארומיגע מענשען ניט ליעב געהאט... וועה איז צו דעם הארץ, וואס האט ניט ליעב געהאט אין דער קינדהייט!

אט אזוי א האט איהם איוואן פעטראוויטש געטראפען און, ניט פארשוועדנדיג קיין צייט, האט ער זיך א נעהם געטאן אנווענדען אויף איהם זיין סיסטעם. — „איך וויל פון איהם פריהער פון אלעם מאכען א מענשען, un homme, — האט ער א זאג געטאן גלאפירא פעטראוונא׳ן: — און ניט נאר קיין מענשען נאר א ספארטאנער. — אנגעפאנגען האט איוואן פעטראוויטש דורכצופיהרען אט דעם געדאנק זיינעם דערפון, וואס ער האט איהם באלד באקליידט מיט א שאטלאנדער קאסטיום: דאס צוועלף־יאהריגע איינגעל האט אנגעפאנגען ארומשפאצירען מיט נאקעטע ליטקעס, מיט א פעדער אויפ׳ן אפגעטאקטען היטעלע; אויפ׳ן ארט פון דער

*) אין דער גריכישער מיטהאלאגיע די דריי טעכטער פון זעאוס׳ן, וואס זיינען ממונה, אויפ׳ן מענשליכען לעבען און טויט.

שוועדין האָט מען צוגענומען אַ יונגען שווייצער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט גימנאַסטיק מיט אַלע תג'ן; מוזיק, אַלס אַן אומווירדיגע באַשעפטיגונג פאַר אַ מאַנספּאַרשוין, האָט מען אויף שטענדיג אַרויסגעטריבען; נאַטור־וויסענשאַפטען, דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט, מאַטעמאַטיק, סטאָלעריי, ווי דזשאַן דזשאַק רוססאָ עצה'ט, און העראַלדיק, כדי אויפצוהאַלטען די ריטערליכע געפיהלען — אָט דאָס האָט געדאַרפט זיין די באַשעפטיגונג פונ'ם צוקונפטיגען „מענשען"; פיער אַזייגער פלעגט מען איהם אויפוועקען, באַלד אָפּגיסען מיט קאַלטע וואַסער און מען האָט איהם געצוואונגען צו לויפען אַרום אַ הויכען סלופּ אויף אַ שטריק; געגעסען האָט ער איין מאָל אין טאָג, איין מאכל, געפּאָהרען רייטענדיג, געשאָסען פון אַ פיילענבויגען; ביי יעדער גוטער געלעגענהייט האָט ער זיך איינגעאיבט, לויט'ן פאַטער'ס ביישפּיעל, צו פאַרהאַרטעווען זיין ווילען, און אַלע אָווענט האָט ער אַריינגעפיהרט אין אַ פּריוואַטען בוך אַ באַריכט פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג און זיינע איינדריקען; און איוואַן פּעטראָוויטש האָט איהם פון זיין זייט אָנגעשריבען אינסטרוקציעס אויף פראַנצויזיש, אין וועלכע ער פלעגט איהם רופען mon fils, און געזאָגט: Vous*.) אויף רוסיש האָט פעדיא גע„דו"צט דעם פאָטער, נאָר ער האָט ניט געוואַגט זיך זעצען אין זיין אַנוועזענהייט. דאָס „סיסטעם" האָט גאָר צעמישט דעם אינגעל'ס געדאַנקען, האָט אַריינגעבראַכט אַ מיש־מאַש אין זיין קאָפּ, האָט איהם צוגעדריקט; נאָר דערפאַר האָט דער נייער אַרט לעבען גוט געווירקט אויף זיין געזונד: לכתחילה האָט איהם אַפּילו אַ כאַפּ געטאָן אַ היציגע קריינק, נאָר ער האָט זיך אין גיכען געשטעלט אויף די פיס און געוואָרען אַ מענש. דער פאָטער פלעגט זיך באַריהמען מיט איהם און איהם אָנרופען אויף זיין מאָדנער שפּראַך: „אַ זוהן פון דער נאַטור, דאָס ווערק מיינס". ווען פעדיא איז אַריבער דאָס זעבצעהנטע יאהר, האָט איוואַן פּעטראָוויטש באַשלאָסען אַז ער איז מחויב אין איהם איינצופּלאַנצען אַ פאַראַכטונג צום פרויען־געשלעכט, — און דער יונגער ספּאַרטאַנער, מיט אַ פלאַטערניש אין דער נשמה, מיט'ן ערשטען פוך אויף די ליפּען, פול

*) איהר, געאיהרצט.

מיט זאפטען, כחות און בלוט, האָט שוין פּרובירט זיך ארויסצייגען גלייכגילטיג, קאַלט און גראָב.

דערווייל איז די צייט געגאַנגען און געגאַנגען. איוואַן פּעטראָוויטש פלעגט פאַרברענגען די גרעסטע טייל פון איהר אין לאַווריקי (אזוי האָט געהייסען זיין הויפּט ירושה־גוט, און ווינטער פלעגט ער פאָהרען קיין מאָסקווע אליין, פלעגט פארפאָהרען אין אַ טראַקטיר, פלייסיג באַזוכען דעם קלוב, האַלטען רעדעס און ענטוויקלען זיינע פּלענער אין די גאַסט־צימערן און מעהר ווי ווען ס'ניט איז זיך האַלטען ווי אַ פארקאָכטער ענגלענדער, אַ מוכיח און אַ שטאַאטסמאַן. נאָר געקומען איז דאָס יאָהר 1825 און געגוג צרות געבראַכט מיט זיך. די נאָהענטע באַקאַנטע און פריינד פון איוואַן פּעטראָוויטשען זיינען אויסגעשטאַנען ביטערע נסיונות. איוואַן פּעטראָוויטש האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגען צו זיך אין דאָרף אריין און זיך פארשלאָסען ביי זיך אין הויז. עס איז אַוועק נאָך אַ יאָהר, און איוואַן פּעטראָוויטש האָט פּלוצלונג אָנגעפאַנגען צו קרענקען, איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען און זיך אָפּגעלאָזט; דאָס געזונט האָט איהם פארראַטען. אַ פרייידענקער — האָט ער אָנגעפאַנגען צו געהן אין קלויסטער, באַשטעלען תפילות; אַ אייראָפּעער — האָט ער אָנגעפאַנגען צו באַזוכען די שוויץ־באָד, עסען מיטאָג ארום צוויי אַ זייגער, געהן שלאָפען ניין אַזייגער און איינשלאָפען אונטער דער פּלאַפּלעריי פונ'ם הויף־אקאָנאָם; אַ שטאַאטסמאַן — האָט ער פארברענט אַלע זיינע פּלענער, זיין גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ, געציטערט פאַר'ן גובערנאַטאָר און געפּלאַטערט פאַר'ן איספּראַווניק; אַ מענש מיט אַ שטאַרקען ווילען — פלעגט ער כניקען און זיך באַקלאָגען ווען ס'איז איהם ארויסגעשפּרונגען אַ בלאָטערל, ווען מען האָט איהם דערלאַנגט אַ טעלער קאַלטען זופּ. גלאַפירא פּעטראָוונאַ האָט ווידער אַ מאָל באַהערשט דאָס גאַנצע הויז, ווידער אַ מאָל האָבען אָנגעפאַנגען אריינצוקומען דורך דער הינטער־טיר קראָמאָנגעשטעלטע, בירגערמייסטערס, איינפאַכע פּויערים צו דער „אַלטער קאָך־לעפעל“, אזוי האָבען איהר די הויז־באַדיענטע גערופען. די ענדערונג אין איוואַן פּעטראָוויטשען האָט שטאַרק געטראָפען זיין זוהן; ער איז שוין געגאַנגען אויף'ן ניינצעהנטען יאָהר, און ער האָט שוין אָנגעפאַנגען צו טראַכטען און זיך ביסלאַכוויי

ארויסרוקען פון אונטער דער דריקענדער האנט. ער האָט אויך פריהער באמערקט א דיסאָנאַנס צווישען די ווערטער און די מעשים פונ'ם פאָטער, צווישען זיינע ברייטע ליבעראלע טעאָריעס און זיין פארהארטעוועטען קליינליכען דעספּאָטיזם; נאָר ער האָט ניט ערווארטעט אזא פּלוצליכע ענדערונג. דער פארבאקענער עגאָאיסט האָט זיך פּלוצלונג אינגאַנצען ארויסגעצייגט. דער יונגער לאוורעצקי האָט זיך געגרייט אפּפאָהרען קיין מאָסקווע, אנצוקומען אין אוניווערזיטעט, — און א אומגעריכטע נייע צרה האָט באטראָפען איוואן פּעטראוויטשען: ער איז בלינד געווארען און בלינד געווארען האָפּנונגסלאָז, אין איין טאָג.

צו די רוסישע דאָקטוירים האָט ער וועניג צוטרויען געהאַט, און ער האָט זיך פלייסיג א נעם געטאָן ארויסצוקריגען אן ערלויבעניש כדי אפּפאָהרען אין אויסלאנד. האָט מען איהם אפּגעזאָגט. דעמאָלט האָט ער מיטגענומען דעם זוהן און האָט זיך ארומגעשלעפּט גאנצע דריי יאהר איבער רוסלאנד פון איין דאקטאר צום צווייטען, פון איין שטאָדט אין דער אנדערער, ארויסברייגענדיג פון די כלים די דאקטוירים, דעם זוהן, די דינערשאפט מיט זיין שרעקעדיגקייט און אומגעדולדיגקייט. אן אמת'ע שמאטע, א וויינענדיג קאפּריזנע קינד האָט ער זיך אומגעקערט צוריק אין לאוורִיקי. א ביטערע צייט איז אָנגעקומען; אלע האָבען זיך אָנגעליטען פון איהם. נאָר בעת'ן עסען איז איוואן פּעטראוויטש אנגעשטילט געוואָרען; קיינמאָל האָט ער אזוי גיהיריג, אזוי פיעל ניט געגעסען; די גאנצע איבריגע צייט האָט ער ניט זיך, ניט קיין אנדערע קיין רוה ניט געגעבען. ער האָט מתפּלל געווען, מתרעם געווען אויף זיין ביטער מזל, געזידעלט זיך, געזידעלט די פּאָליטיק, זיין סיסטעם, געזידעלט אלעם מיט וואס ער האָט זיך באריהמט און זיך געשעמט, מיט אלעם, וואָס ער האָט אמאָל ארויסגעשטעלט דעם זוהן אלס ביישפּיעל; געהאלטען אין חזר'ען, אז ער גלויבט ניט אין גאָר ניט, און האָט ווייטער מתפּלל געווען; האָט קיין איין רגע אפילו ניט געקענט אריבערטראָגען קיין איינזאמקייט און האָט געפאָדערט פון זיינע היימישע, זיי זאָלען שטענדיג, ביי טאָג און ביי נאכט זיצען נעבען זיין שטוהל און פאראינ־

טערעסירען איהם מיט מעשיות, וועלכע ער האָט אלע איבערגעזי־
סען מיט אויסגעשרייען „איהר ליגט נאָר, — ס'אַרא דומהייט!"

מעהר פון אלעמען האָט געליטען גלאפירא פּעטראָוונא; ער
האָט זיך אָהן איהר אבסאלוט ניט געקענט באגעהן — און זי האָט
ביז'ן סוף ערפילט אלע זיינע משוגעת'ן, הגם אמאָל פלעג זי איהם
ניט ענטפערן גלייך, כדי מיט'ן קלאנג פון איהר קול ניט ארויסצור־
געבען דעם צאָרן, וואס האָט זי געשטיקט. אזוי האָט ער אפּגע־
סקריפּעט נאָך צוויי יאָהר און איז געשטארבען אין די ערשטע
טעג פון מאי, בעת מען האָט איהם ארויסגעטראגען אויפ'ן באל־
קאָן, געגען דער זון. „גלאשקא, גלאשקא! אביסעלע בוליאנטשיק,
אביסעלע בוליאנטשיק, אלטער ב־א־א־א..." האָט זיין צונג, וואָס
האָט שוין געהאלטען אין געלעגערט ווערען, ארויסגעשטאמעלט און,
ניט דערענדיגענדיג דאָס לעצטע וואָרט, איז ער אנשוויגען געוואָרען
אויף אייביג. גלאפירא פּעטראָוונא, וועלכע האָט נאָר־וואָס געהאט
אויסגעכאפּט א טעפּעלע בוליאן פונ'ם אקאָנאָמ'ס הענט, איז שטעהן
געבליבען, א קוק געטאָן דעם ברודער גלייך אין פּנים, פּאמעלאך,
ברייט זיך איבערגע'צלמ'ט און איז אוועק שטיל; דער זוהן, וואס
איז דאָ געוועזן האָט אויך גאר ניט געזאָגט, זיך אָנגעשפּארט אויף
דעם פּארענטש פונ'ם באלקאָן און האָט לאנג געקוקט אין סאָד,
וואָס האָט געשמעקט, זיך געגרינט, געגלאנצט אין די שטראהלען
פון דער גילדערנער פריהלינגס־זון. ער איז אלט געוועזן דריי־און־
צוואנציג יאָהר! דאָס לעבען האָט זיך פאר איהם געעפענט.

.12

מקבר געוועזן דעם פאָטער האָט דער יונגער לאווערעצקי, אי־
בערגעגעבען דער זעלביגער אומפארמיידליכער גלאפירא פּעטראָוו־
נא די באלעבאטישקייט און דעם אויפזיכט איבער די משרתים
און איז אליין אָפּגעפאָהרען קיין מאָסקווא, וואוהין עס האָט איהם
געצויגען א טונקעלער, נאָר שטארקער געפיהל. ער האָט דערשפּירט
די חסרונות פון זיין ערציהונג און האָט זיך פארמאָסטען ווי ווייט
מעגליך אָנצואיאָגען דאָס אוועקגעגאנגענע. אין די לעצטע פינף
יאהר האָט ער פיעלעס דורכגעלייענט און עפּעס דערזעהען; א סך

געדראנקען האָבען אריבערגעוואנדערט צו איהם אין קאָפּ אריין; יעדער פּראָפעסאר וואלט איהם מקנא געווען אויף מאנכע פון זיי־נע ידיעות, נאָר אין דער זעלביגער צייט האָט ער ניט געוואוסט א סך זאכען, וואס זיינען יעדען גימנאזיסט שוין פון לאנג באַ־קאנט. לאַוורעצקי האָט געשפּירט, אז ער איז פריי; בסוד האָט ער זיך געפיהלט פאר א צודרעהטען. א שלעכטען שפּאַס האָט דער פארקאכטער ענגלענדער געטריבען מיט זיין זוהן; די קאַפּריזנע ערציהונג האָט געבראכט איהרע פרוכטען. פיעלע יאהרען האָט ער זיך אָהן א פארוואס ערנידעריגט פאר זיין פאָטער; און ווען ער האָט איהם ענדליך באגריפען, איז די זאך שוין געווען אפּגעטאָן, די געוועהנהייטען האָבען זיך שוין געהאט איינגעווארצעלט. ער האָט זיך ניט געקענט צוזאמענקומען מיט קיין מענשען: צו דריי־און־צוואנציג יאהר, מיט א פייערדיגען דורשט נאָך ליעבע אין זיין צוטומעלט הארץ, האָט ער נאָך קיין איין פרוי ניט א קוק געטאָן גלייך אין די אויגען. מיט זיין קלאָרען און געזונטען, נאָר עטוואס פאר'דביקה'טען פארשטאנד, מיט זיין נייגונג צו עקשנות, באַאָב־אכטונג און פוילקייט, וואלט ער געדארפט געווען פון זיינע פריהע־סטע יאהרען אָן אריינפאלען אינ'ם לעבענס־קאָך, האָט מען איהם אבער איינגעהאלטען אין קינסטליכער איינזאמקייט... און אָט האָט געפּלאצט דער פאר'כשופ'טער קרייז, און ער איז נאָך אלץ גע־שטאנען אויף איין ארט, א פארשלאָסענער און צוזאמענגעפּרעס־טער אין זיך גופא. עס איז געווען לעכערליך אין זיינע יאהרען אָנצוטאָן א סטודענטען־מונדיר; ער האָט אָבער זיך ניט געשראַ־קען פאר קיין לצנות: זיין ספּארטאנישע ערציהונג איז איהם כאָטש צונוץ־געקומען דערמיט, וואס זי האָט ענטוויקעלט אין איהם א מין פאראכטונג צו פרעמדע פלוידערייען, — און ער האָט אָנגע־טאָן, אָהן דער קלענסטער פארלעגענהייט, דעם סטודענטען־מונ־דיר. ער איז אריין אין דער פיזיש־מאטעמאטישער אפּטיילונג. א געזונטער, א רויטבאקיגער, שוין מיט א פארוואקסענער באָרד, האָט ער געמאכט א מאָדנעם איינדרוק אויף זיינע חברים; זיי האָבען אפילו קיין אהנונג ניט געהאט, אז אָט דער שטרענגער מאן, וואס פלעגט פּינקטליך קומען צו די לעקציעס מיט א פּאָר פערד, איינגעשפּאנט אין א ברייטען דאָרפישען שליטען, איז כמעט גע־

ווען אַ קינד. ער האָט זיך זיי פארגעשטעלט פאַר עפּעס א מאָדנעם פּעדאַנט; זיי האָבען זיך אין איהם ניט גענויטיגט און איהם ניט נאָכגעלאָפען, ער האָט זיי אויסגעמיידט. אינ׳ם משך פון די ערשטע צוויי יאָהר, וואָס ער האָט פארבראכט אין אוניווערזיטעט, האָט ער זיך נאָר באפריינדעט מיט איין סטודענט, ביי וועמען ער האָט גענומען לעקציעס אין לאַטיין. אָט דער סטודענט, וועלכער האָט געהייסען מיכאלעוויטש, א ענטוזיאסט און אַ פּאָעט האָט באמת ליעב געקראָגען לאַוורעצקי׳ן און גאַנץ צופעליג געווארען די אורזאַך פון א וויכטיגער ענדערונג אין זיין גורל.

איין מאָל, אין טעאַטער (מאטשאלאָוו איז דעמאָלט געוועזען אויפ׳ן סאָמע שפּיץ פון זיין רוהם, און לאַוורעצקי האָט ניט דורכ־געלאָזט קיין איין פאָרשטעלונג) האָט ער דערזעהן אין אַ לאָזשע פון מיטעלסטען עטאַזש א מיידעל, — און, הגם עס איז ניט דורכ־געגאַנגען קיין איין פרוי פארביי אָט דער שטרענגער פיגור, אַז זיין הארץ זאָל ניט אַ ציטער טאָן, האָט עס אָבער נאָך קיינמאָל אזוי שטאַרק ניט געקלאַפּט. אונטערשפּארענדיג זיך מיט די עלענבויגענס אויפ׳ן סאַמעט פון דער לאָזשע, האָט דאָס מיידעל זיך אפילו ניט אַ ריהר געטאָן; דאָס דעליקאטע יונגע לעבען האָט געשוימט פון יעדער שטריך פון איהר טונקעלען, קיילעכדיגען און ליעבליכען פּנים; אַן עלעגאַנטער שכל האָט ארויסגעשיינט פון איהרע שעהנע אויגען, וועלכע האָבען אויפמערקזאַם און ווייך ארויסגעקוקט אונטער דינע ברעמען, פונ׳ם שנעלען שמייכעל אויף די אויסדרוקספולע ליפּען, אין דער פּאָזע פון איהר קאָפּ, הענט, האַלז; געקליידעט איז זי געווען גלענצענד. נעבען איהר איז גע־זעסען אַ געקנייטשטע און געלע פרוי פון אַ יאָהר פינף־און־פערציג, דעקאָלטע, און אַ שווארץ היטעלע מיט אַ צייהנלאָזען שמייכעלע אויפ׳ן אָנגעשטרענגט־פאר׳דאגה׳טען און עלענדען פּנים, און טיע־פער אין דער לאָזשע איז געזעסען שוין אַן עלטערער מאַנספּארשוין מיט אַ ברייטען סערדוט און אַ הויכען שניפּס מיט אַן אויסדרוק פון טעמפּער באַריהמעריי און עפּעס א מין חניפה־חשד אין די קליינינקע אויגעלעך, מיט געפארבטע וואָנצען און באַקען־באָרדען, מיט אַן אומבאַדייטענדען גרויסען שטערען, אויסגעקנייטשטע באַ־קען, לויט אַלע סימנים, אַן אויסגעדיענטען גענעראַל. לאַוורעצקי

האָט ניט אראָפּגענומען די אויגען פון דער מיידעל, וואָס האָט איהם אזוי איבערראשט; פלוצלונג האָט זיך געעפענט די טיר פון דער לאָזשע און מעכאלעוויטש איז אריין. דאָס אריינקומען פון אָט דעם מאַן, כמעט זיין איינציגען באקאנטען אין גאנץ מאָסקווע, — דאָס אריינקומען זיינס אין דער געזעלשאפט פון דער איינציגער מיידעל, וואָס האָט פארשלונגען זיין גאנצע אויפ־מערקזאמקייט איז ביי איהם פאָרגעקומען ווי עפּעס א מאָדנע אָנ־דייטונג. קוקענדיג אזוי ווייטער צו דער לאָזשע, האָט ער באַ־מערקט, אז אַלע אַנוועזענדע באגעהען זיך מיט מיכאלעוויטשען ווי מיט אן אַלטען פריינד. די פאָרשטעלונג אויף דער ביהנע האָט לאָווערעצקי'ן אויפגעהערט צו אינטערעסירען; מאָלטשאנאָוו אַליין, הגם דעם אָוונט האָט גראָד די „שכינה אויף איהם גע־רוהט", האָט ניט געמאכט אויף איהם די געוועהנטליכע ווירקונג. ביי איינער, זעהר א פאטעטישער סצענע האָט לאָווערעצקי ניט־ווילענדיג א קוק געטאָן אויף זיין שעהנהייט: זי האָט זיך אינ־גאַנצען איינגעבויגען פאראויס, די באקען איהרע האָבען געפלאמט; אונטער דער ווירקונג פון זיין עקשנות'דיגען בליק האָבען זיך איה־רע אויגען, וואס זיינען געווען געווענדעט צו דער ביהנע, פּאמע־לאַך געווענדעט און אפּגעשטעלט אויף איהם... די גאנצע נאכט האָבען זיך איהם גע'חלומ'ט אָט די אויגען. ענדליך האָט זיך אפּ־געריסען די קינסטליך געהאטעטע גרעבליע: ער האָט אי געציי־טערט, אי געגליהט, און אויפ'ן צווייטען טאָג טאקע איז ער אוועק צו מיכאלעוויטשען. ביי איהם האָט ער זיך דערוואוסט, אז די שעהנהייט האָט געהייסען ווארווארא פּאוולאָוונא קאָראָבאינא; אז דער אַלטער און אַלטינקע, וואָס זיינען מיט איהר געזעסען אין דער לאָזשע, זיינען געווען דער פאָטער איהרער און מוטער, און אז ער אַליין, מיכאַלעוויטש, האָט זיך מיט זיי באקאנט מיט א יאהר צוריק, בעת ער איז געווען ערגעץ הינטער מאָסקווא אויף א קאָנדיציע ביים גראף נ. מיט די גרעסטע שבחים האָט דער ענטוזיאסט פארלויבט ווארווארא פּאוולאָוונא'ן. — דאָס, ברודער מיינער, האָט ער אויסגעשריען מיט זיין איינענטימליכער נגינה אין קול, — אָט די מיידעל איז א וואונדערבארע געניאלע באַ־שעפעניש, אן ארטיסטען אינ'ם אמת'ן זינן פונ'ם וואָרט, און

דערבײַ אײַן גוטע. באמערקענדיג פון לאוורעצקי׳ס נאָכפראגען וואָס פאר אַן אײַנדרוק ווארווארא פּאוולאָוונא האָט אויף איהם געמאכט, האָט ער איהם אליין פאָרגעשלאָגען צו באקענען איהם מיט איהר, צולעגענדיג, אז ער איז בײַ זיי ווי אַן אײַגענער; אז דער גענעראל איז כלל ניט גדול׳דיג בײַ זיך, און די מוטער איז אַזוי נאריש, אז עס פעהלט איהר נאָר צו זויגען אַ שמאטע. לאוו־רעצקי איז רויט געוואָרען, אַ בורטשע געטאָן עפּעס אומפּאר־שטענדליכעס און איז אוועק. גאנצע פינף טעג האָט ער גע־קעמפּט מיט זײַן שרעקעדיגקייט; אויפ׳ן זעקסטען טאָג האָט דער יונגער ספּארטאַנער אָנגעטאָן אַ נײַיאינקען מונדיר און האָט זיך איבערגעגעבען אונטער׳ן קאָנטראָל פון מיכאַלעוויטשען, וועלכער האָט זיך באַנוגענט נאָר מיט צוקאמען אביסעל די האָר: פּאָרט געוועזען אַן אײַגענער מענש, — און ביידע האָבען זיך אַוועקגע־לאָזט צו די קאָראָבאינס.

## .13

ווארווארא פּאוולאָוונא׳ס פּאָטער, פּאוועל פּעטראָוויטש קאָ־ראָבאין, אַן אויסגעדיענטער גענעראל־מאיאָר, האָט זײַן גאנצען לעבען פאַרבראַכט אין פּעטערבורג אין דיענסט, האָט גע׳שם׳ט אין דער יוגענד פאר אַ פּעהיגען טענצער און אַ בראַווען אָפיציר. צוליעב זײַן אָרעמקייט האָט ער געדיענט אלס אדיוטאַנט בײַ אַ צוויי־דריי אונוויכטיגע גענעראַלען, חתונה געהאַט מיט אַ טאָכ־טער פון אײַנעם פון זיי, אריינגעקראָגען אַ פינף־און־צוואנציג טויזענד רובעל נדן, געוואָרען אַ בקי אין דער „אוטשעניע" און אַ חריף אין פּאַראַדען; געשלעפּט, געשלעפּט אַזוי די משא און, ענדליך, נאָך אַ יאָהר צוואנציג האָט ער זיך דערשלאָגען צום ראַנג פון אַ גענעראל, געקראָגען אַ פּאָלק. דאָ וואָלט ער שוין געקענט זיך אָפּרוהען און באַפעסטיגען, אַזוי געלאַסען, זײַן באַ־שטאַנד; ער האָט טאַקע דארויף געהאָפּט, נאָר ער האָט אַביסעל אונפאָרזיכטיג זיך אַ נעהם געטאָן צו דער ארבייט: ער האָט שוין שיער ניט געהאַט צוגעטראַכט אַ מיטעל אַן ארבייט צו טאָן מיט די רעגירונגס־געלדער, — דער מיטעל האָט זיך אַרויסגע־

צייגט צו זיין א פּאַרטרעפליכער, ער האָט נאָר ניט אין צייט אביסעל צוגעקארגט: מען האָט איהם גע'מסר'ט; דער פּועל יוצא איז געווען מעהר ווי אן אונאַנגענעהמע, פּשוט א מיאוסע געשיכטע. דער גענעראל האָט זיך קוים ארויסגעדרעהט פון אָט דער געשיכטע, נאָר זיין קאריערע האָט געפּלאצט: מען האָט איהם אויסגע'עצה'ט ארויסגעהן פון דינסט. א פּאָר יאָהר האָט ער זיך נאָך ארומגעדרעהט אין פּעטערבורג, מיט דער האָפנונג, אפשר וועט ער נאָך ערגעץ קריגען א ווארעם ערטעל: נאָר קיין שטעלע האָט ער ניט געקראָגען; די טאָכטער איז ארויס פונ'ם אינסטי־טוט, די הוצאות האָבען זיך פארגרעסערט מיט יעדען טאָג . . . אָננעהמענדיג זיך מיט הארץ, האָט ער באשלאָסען זיך אריבער־קלייבען קיין מאָסקווע, פיהרען א ביליגערען שטאָט, געדונגען אויף דער „סטאראיא קאניושעננאיא" א קליינינק ניעדעריג שטי־בעלע מיט א סאזשען*)־גרויסען הערב אויפ'ן דאך, און האָט אָנגעפאַנגען צו לעבען ווי א מאָסקווער אויסגעדינטער גענעראל מיט א הוצאה פון 2750 רובעל א יאָהר. מאָסקווע איז א שטאָדט א מכנים־אורח, נעהמט אויף ועמען נאָר עס מאַכט זיך, גענע־ראלען אודאי; די שווערע פיגור פון פאַוועל פּעטראָוויטשען, ניט נאָר אָהן סמנים פון מיליטערישער איבונג, האָט זיך אָנגעהויבען צו באוויייזען אין די בעסטע מאָסקווער גאַסט־צימערען. זיין נאַ־קעטער קארק מיט עקלאך פון געפּארבטע האָר מיט א פארשמאָל־צענער מעדאל־לענטע אויפ'ן שניפּס, שווארץ ווי דער פליגעל פון א קראָהה, איז גוט באקאנט געוואָרען אלע מעלאנכאָלישע און בלאַ־סע בחורים, וואס האָבען זיך מרה־שחורה'דיג ארומגעשלעפּט בעת די טענץ ארום די שפּיעל־טישען. פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט גע־וואוסט ווי זיך אויפצופיהרען אין א געזעלשאַפט; גערעדט האָט ער ווינציג, נאָר לויט אן אַלטער געוואוינהייט, אונטער'ן נאָז—פאַר־שטעהט זיך, ניט מיט הויכע באַאַמטע; פאָרזיכטיג געשפּיעלט אין קאָרטען, אין דער היים האָט ער געגעסען מיט א מאָס, נאָר צו־גאָסט, פאַר זעקס. וועגען זיין ווייב איז כמעט ניטאָ וואס צו זאָגען: זי האָט געהייסען קאליאָפּא קארלאָוונא; פון איהר ליג־

*) א רוסישע מאָס.

קען אויג האָט שטענדיג גערונען א טרערעלע, צוליעב וועלכען קאַליאַפּא קאַרלאָווגא (דערצו האָט זי נאָך געשטאַמט פון דייר־טשען) אליין פלעגט זיך רעכענען פאַר א געפיהלפאָלער פרוי; שטענדיג האָט זי פאַר עפעס אלץ מורא געהאַט, אזוי ווי עפעס ניט דערעסען, און געטראָגען שמאָלע סאַמעטענע קליידער, א שווארצע קיילעכדיגע היטעלע אָהן א ראַנד און טונקעלע געבלאָ־זענע בראַסלעטען. פאַוועל פעטראָוויטש'עס און קאַליאַפּא קאַר־לאָווגאַ'ס בת־יחידה, ווארוואַרא פאַוולאָווגא איז באַלד נאָכ'ן זיבעצעהנטען יאָהר ארוים פון . . . נער אינסטיטוט, וואו זי איז געווען, אויב ניט די גרעסטע שעהנהייט, אָבער זיכער די גרעסטע חכמה און די בעסטע שפּיעלערין, און וואו זי האָט געקראָגען א מעדאַל; זי איז נאָך קיין נייגצעהן יאָהר ניט אַלט געווען ווען לאַווערצקי האָט איהר דעם ערשטען מאָל דערזעהן.

## .14

די פיס האָבען זיך אונטערגעבויגען ביים ספּאַרטאַנער, בעת מיכאַלעוויטש האָט איהם אריינגעפיהרט אין דעם גאַנץ שלעכט אויפגעקליבענעם, גאַסט־צימער פון די וואָראָבאַינס און איהם פאָרגעשטעלט פאַר די באַלעבאַטים. נאָר דער געפיהל פון שרעק־קעדיגקייט, וואָס האָט איהם באַהערשט, איז באַלד פאַרשוואונ־דען: אינ'ם גענעראַל איז די אַלגעמיין רוסישע גוטהערציגקייט נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרען מיט יענער ספּעציעלער גאַסט־פריינד־ליכקייט, וועלכע איז אזוי אייגענטימליך אַלע, עטוואָס „פאַר־שמירטע“, מענשען; די גענעראַלשע איז עפּעס אזוי זיך שנעל פאַרשוואונדען געוואָרען; וואָס ס'איז שייך צו ווארוואַרא פּאַוו־לאָווגאַ, איז זי אזוי געווען רוהיג און דרייסט־צערטליך, אז יעדע־רער האָט זיך אין איהר אַנוועזענהייט באַלד דערפיהלט אזוי ווי ביי זיך אין דער היים; דערצו האָט פון איהר גאַנצען באַצויבע־רענדען קערפּער, פון די שמייכלענדע אויגען, פון די אומשולדיג־משופּע פּלייצעס און טונקעל־ראָז־קאַלירטע הענט, פון איהר גרינ־גען און אין דער זעלבינער צייט מידען גאַנג, פונ'ם קלאַנג אפילו פון איהר קול, דעם אויסגעצויגענעם, דעם זיסען, — האָט גע־

שטראָמט א קוים־באַמערקבאַרער חן, ווי א דיקער גערוך, וואָס האָט זיך ווי גע'גנב'עט, מיט א ווייבער, נאָך דערוויל א שעמעוו־דיגער עדעלקייט, האָט געשטראָמט עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען קען מיט קיין ווערטער ניט איבערגעבען, נאָר וואָס האָט באַריהרט און געוועקט, — און, פאַרשטעהט זיך, שוין געוועקט ניט קיין שרעקעדיגקייט. לאַוורעצקי האָט פאַרפיהרט א געשפּרעך וועגען טעאַטער, וועגען דער נעכטיגער פאַרשטעלונג; זי האָט תיכּף אַליין אָנגעפאַנגען צו ריידען וועגען מאָלטשאַנאָוו'ן און האָט זיך ניט באַנוגענט מיט אויסרופען און קרעכצען, נאָר אויסגעדריקט עטליכע אמת'ע און פרעהליך־דורכדרינגענדע באַמערקונגען מכּח זיין שפּיעלען. מיכאַלעוויטש האָט דערמאָנט וועגען מוזיק; זי האָט אָהן צערעמאָניעס זיך אַוועקגעזעצט נעבען דער פּיאַנאָ און האָט טאָקענדיג אויפגעשפּיעלט עטליכע שאָפּען־מאַזורקעס, וואָס זיינען דעמאָלט נאָר־וואָס געהאַט אריין אין דער מאָדע. עס איז אונטערגעקומען די מיטאָג־שטונדע; לאַוורעצקי האָט געוואָלט אַוועקגעהן, נאָר מען האָט איהם אָפּגעהאַלטען; ביים טיש האָט איהם דער גענעראַל מכבּד געווען מיט רויטען וויין, נאָך וועלכען דער לאַקיי האָט מיט א איזוואָזשטשיק אַוועקגעטאַנצט צו דעפּ־רע'ן. שפּעט אין אָוונט איז לאַוורעצקי אהיים געקומען און לאַנג געזעסען, ניט אויסטוענדיג זיך, מיט פאַרמאַכטע אויגען, אין עפּעס א מין פאַר'כשוף'טער פאַרשטיינערונג. עס האָט זיך איהם געדוכט, אַז איצט ערשט האָט ער באַגריפען צוליעב וואָס עס לוינט זיך צו לעבען אויף דער וועלט; אַלע זיינע השערות און פּלענער, אָט דער גאַנצער אבסורד, די נישטיגקייט, זיינען מיט א מאָל פאַרשוואונדען געוואָרען. זיין גאַנצע נשמה האָט זיך צוזאַמענגעגאָסען אין איין געפיהל, אין איין פאַרלאַנג, א פאַרלאַנג פון גליק, פון באַזיץ, פון ליעבע, פון זיעסר פרויען־ליעבע. פון יענעם טאָג אָן האָט ער אָפּט אָנגעפאַנגען צו געהן צו די קאַראָב'אינס. אין א האַלב יאָהר ארום האָט ער זיך ער־קלעהרט אין ליעבע וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונען און האָט געבעטען איהר האַנט. זיין פאַרשלאַג האָט מען אָנגענומען; דער גענעראַל האָט שוין פון לאַנג, כּמעט ביי לאַוורעצקי'ס ערשטען באַזוך, א פרעג געטאָן ביי מיכאַלעוויטשען ווי פיעל נפשות ער, לאַוורעצקי,

פּארמאָגט; און אויך ווארוואַרא פּאוולאָוונא, וועלכע האָט פאַר דער גאַנצער צייט פון איהר שדכנ'ען זיך צום יונגען מאַן און אפילו ביי דער ערקלערונג גופא זיך ניט פארלאָרען און געווען גאַנץ רוהיג, אויך ווארוואַרא פּאוולאָוונא האָט גאַנץ גוט גע־וואוסט, אַז איהר חתן איז אַ רייכער מאַן; און קאַליאַפּאַ קאַר־לאָוונא האָט אַ קלער געטאָן: „מיינע טאָכטער מאַכט איינע שעה־נע פּארטיע", און האָט זיך געקויפט אַ נייע רונדיג היטעלע.

## 15

און אַט אַזוי איז זיין פאָרשלאַג אָנגענומען געוואָרען, נאָר מיט איינינע תנאים. ראשית האָט לאַוורעצקי גלייך געדארפט אויפגעבען דעם אוניווערזיטעט: ווער האָט דען חתונה מיט אַ סטודענט, און בכלל, וואָס איז דאָס פאַר אַ מאָדנער איינפאַל — אַ גוטס־באַזיצער, אַ רייכער, ביי 26 יאָהר זאָל נעהמען לעקציעס ווי עפּעס אַ שוהל אינגעל? צווייטענס, האָט ווארוואַרא פּאוו־לאָוונא אויף זיך גענומען די פּראַציע צו באַשטעלען און איינצו־קויפען די גאַנצע פּאָוועלע און אפילו דעם חתן'ס מתנות. זי איז געווען זעהר פּראַקטיש און האָט פאַרמאָגט אַ גוטען געשמאַק און אַ סך ליעבע צו באַקוועמליכקייט, האָט טאַקע געוואוסט ווי אַזוי צו איינאָרדנען אַט די באַקוועמליכקייט. לאַוורעצקי איז פּשוט נשתומם געוואָרען פון אַט דער קענטעניש איהרער, ווען ער איז תיכף נאָך דער חתונה צוזאַמען מיט'ן ווייב אַפּגעפאָהרען, אין אַ נאָר־וואָס געקויפטער באַקוועמער קאַרעטע, קיין לאַווריקי. ווארוואַרא פּאוולאָוונא האָט דאָך אַלעס, וואָס האָט איהם אַרומ־גערינגעלט, צוגעטראַכט פאַראויסגעזעהן און צוגעטראָפען! ס'אַרא שעהנע רייזע־טאַשען עס האָבען זיך באַוויזען אין אַלע ווינקע־לעך! ס'אַרא ענטציקענדע טואַלעט־קעסטעלאַך און קאַפע־טעפּע־לאַך, און ווי זיס ווארוואַרא פּאוולאָוונא אַליין פלעגט צוגרייטען קאַפע אַלע פריהמאָרגען! נאָר אייגענטליך איז לאַוורעצקי דע־מאָלט ווייט געווען פון באַאָבאַכטונגען: ער האָט זיך דעם גליק אי־בערגעגעבען, ווי אַ קינד... ער איז ווי פאַר'שכור'ט גע־וואָרען פון דעם גליק; ער איז טאַקע געווען אַזוי אונשולדיג

ווי א קינד, אָט דער יונגער אַלקיד. ניט אומזיסט האָט געשטראָמט אזא חן פונ׳ם גאַנצען וועזען פון זיין יונגער פרוי; ניט אומזיסט האָט זי פארשפראָכען דעם געפיהל א געהיימען פארגעניגען פון אומבאַקאַנטען געַנוס; זי האָט פארמאָגט נאָך פיעל מעהר, וויפיעל זי האָט פארשפּראָכען. ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין לאַווריקי, אין סאַמע מיטען זומער, האָט זי געטראָפען דאָס הויז שמוציג און פינסטער, די דיענערשאַפט לעכערליך און פארעלטערט, זי האָט אָבער ניט געפונען פאר נויטיג אפילו א פּיפּס טאָן דעם מאַן וועגען דעם. ווען זי זאָל געוועזען וועלען זיך איינאָרדנען אין לאַווריקי וואָלט זי דאָרט אַלעם געוועזען איבערגעמאַכט, אָנפאַנגענדיג פארשטעהט זיך פונ׳ם הויז; נאָר דער געדאַנק צו איבערבלייבען אין אָט דעם פאַרוואָרפענעם ווינקעל איז איהר אפילו אויף א רגע ניט אריין אין קאָפּ; זי האָט דאָרט געוואוינט ווי מען וואוינט אין א פּאַלאַטקע, געדולדיג אריבערטראָגענדיג אַלע אומבאַקוועמליכקייטען און גוטמוטיג געשפּאַסט פון זיי. מארפא טימאָפעיעוונא איז געקומען זיך זעהן מיט איהר וויכאָוואַניק; זי האָט זעהר נושא־חן געוועזען ביי וואַרוואַרא פּאַוולאָוונע, נאָר וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא איז איהר ניט געפעלען. מיט גלאַפירא פּעטראָוונא האָט די נייע באַלעבאָסטע זיך אויך ניט באַפריינדעט; זי וואָלט איהר געוועזען געלאָזט צו רוה, נאָר דעם אַלטען וואָראָאינען האָט זיך פארוואָלט אפּלעקען א ביינדעל פונ׳ם איידעם׳ס געשעפטען; פארוואַלטען דעם גוט פון אזא נאָהענטען קרוב, האָט ער געזאָגט, איז קיין שאַנדע ניט אפילו פאר א גענעראַל. מען דארף זיך משער זיין, אז פּאַוועל פּעטראָוויטש וואָלט זיך ניט געשעמט צו פארוואַלטען אפילו א פרעמדענס גוט. וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא האָט איהר אטאַקע אָנגעפיהרט זעהר קונציג: זי האָט זיך פריהער ניט ארויסגעגעבען, כלומר׳שט געוועזען פארטיעפט אינ׳ם פארגעניגען פון די האָניג־חדשים, אינ׳ם דאָרפישען שטילען לעבען, אין מוזיק און אין לייענען, דאָך האָט זי צוביסלאַך ארויסגעבראַכט גלאַפירא׳ן אזוי פיעל פון די כלים, אז זי איז איין פריהמאָרגען אריינגעלאָפען ווי א משוגע׳נע צו לאַווערעצקי׳ן אין קאַבינעט, האָט א וואָרף געטאָן אויפ׳ן טיש א בונד שליסעל און ערקלעהרט, אז זי האָט שוין מעהר קיין כח ניט

זיך באַשעפטיגען מיט דער באַלעבאַטישקייט און וויל שוין מעהר ניט זיין אין דאָרף. לאַוורעצקי וואָס איז געווען דערצו אויף אַ געהעריגען אופן צוגעגרייט, האָט מסכים געווען דערצו. גלאַפּירא פּעטראָוונאַ האָט זיך אויף אַזאַ קלאַפּ ניט געריכט. „גוט, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, און איהרע אויגען זיינען פאַרפינסטערט געוואָרען, — איך זעה, אַז איך בין דאָ אַן איבעריגע! איך ווייס ווער עס טרייבט מיך פון דאַנען, פון מיין אייגענעם נעסט. נאָר דו, געדענק מיין וואָרט, פּלימעניק: דו וועסט אויך זיך קיין נעסט ניט אויפבויען אין ערגעץ ניט. זאָלסט זיך אייביג ארומשלעפּען. אָט האָסטו דיר מיין צואה". אין דעם זעלביגען טאָג איז זי אַוועק צו זיך אין דאָרף, און אין אַ וואָך אַרום איז אָנגעקומען דער גענעראַל קאָראָבאַיען און מיט עפּעס אַ מין אַנגענעהמען מעלאַנכאָליע אין די בליקען און באַוועגונגען האָט ער איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון׳ם גאַנצען גוט אין זיינע הענט.

ארום סעפּטעמבער האָט וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ מיטגענומען דעם מאַן קיין פּעטערבורג. צוויי ווינטערן האָט זי פאַרבראַכט אין פּעטערבורג (אויפ׳ן זומער פלעגען זיי זיך באַזעצען אין צאַרסקאָיע סעלאָ) אין אַ שעהנער, ליכטיגער, עלעגאַנט־מעבלירטער קוואַרטיר; זיי האָבען געקראָגען אַ סך באַקאַנטשאַפט צווישען די מיטעלערע און אפילו העכסטע קרייזען פון דער געזעלשאַפט, אָפט געפאָהרען צו גאַסט און אַ סך געסט אויפגענומען ביי זיך, געמאַכט די שעהנסטע מוזיקאַלישע און טענץ־הוליאַנקעס. וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ האָט צוגעצויגען די געסט, ווי פייער ציהט צו שמעטערלינגען. פעאָדאָר איוואַנאָוויטשען איז אַזאַ צושטרויטער אַרט לעבען גאָר ניט געפעלען געוואָרען. די פרוי האָט איהם געראַטען אָנקומען אויף אַ שטעלע; ער האָט, לויט די אַלטע זכרונות פון׳ם פאָטער, און לויט זיינע אייגענע באַגריפען, ניט געוואָלט אריין אין דיענסט, נאָר צוליעב וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין פּעטערבורג. אָלענפאַלס, ער איז באַלד געוואָהר געוואָרען, אַז קיינער שטערט איהם ניט צו לעבען ביחידות, אַז ניט אומזיסט האָט ער אַזאַ שעהנעם און באַקוועמען קאַבינעט, דער שעהנסטער און באַקוועמסטער אין גאַנץ פּעטערבורג, אַז זיין פלייסיגע פרוי וועט איהם אפילו ארויסהעלפען זיך אָפּצוזוג־

דערן, — און פון דער צייט אָן איז אַלעס אוועק אויפ'ן שעהנ־
סטען אופן. ער האָט זיך ווייטער אַ נעהם געטאָן פאַר זיין איי־
גענער, לויט זיין מיינונג, ניט דערענדיגטער ערציהונג, וויעדער
אַ מאָל האָט ער אָנגעפאַנגען צו לייענען, ער האָט זיך אפילו אַ
נעהם געטאָן צו לערנען ענגליש. עס איז מאָדנע געוועזן צו זעהן
ווי זיין שטאַרקע ברייט־פּלייציגע פיגור איז שטענדיג אריבערגע־
בויגען איבער דעם שרייב־טיש, זיין פולער, האָריגער, רויטליכער
פּנים ביז האַלב פאַרדעקט מיט די בלעטער פון אַ ווערטערבוך
אָדער אַ שרייב־העפט. יעדען פריהמאָרגען האָט ער פאַרבראַכט
ביי דער ארבייט, מיטאָג־געגעסען זעהר געשמאַק (וואַרוואַרא פּאַוו־
לאָוונאַ איז געווען אַ באַלעבאָסטע אפילו פאַר'ן קסר) און אין
אווענט פלעגט ער אריין אין דער באַצויבערענדער, ליכטיגער,
שמעקענדיגער וועלט, אינגאַנצען אָנגעפּיקעוועט מיט יונגע פרעה־
ליכע פּנימ'ער, — און דער מיטעלפּונקט פון אָט דער וועלט איז
געווען די זעלביגע טיכטיגע באַלעבאָסטע, זיין ווייב. זי האָט
איהם מזכה געווען מיט'ן געבורט פון אַ זוהן, נאָר דאָס אינגעלע
נעבעך, האָט ניט לאַנג געלעבט, ער איז געשטאָרבען אין פריה־
לינג, און אויפ'ן זומער האָט לאַווערעצקי אוועקגעפיהרט דאָס ווייב
אין אויסלאַנד אין די וואַרם־בעדער: אַזוי האָבען דאָקטוירים
איהם געראַטען. נאָך אַזאַ אומגליק האָט זי זיך געמוזט אַביסעל
ערהאָלען, און צוליעב איהר געזונד טאָקע האָט זי געדאַרפט
אַ ווארעמען קלימאַט. דעם זומער און דעם הערבסט האָבען זיי
פאַרבראַכט אין דייטשלאַנד און אין דער שווייץ, און אויפ'ן ווינ־
טער, ווי מען האָט טאָקע געדאַרפט ערוואַרטען, זיינען זיי אָפּ־
געפאָהרען קיין פּאַריז. אין פּאַריז האָט וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ
זיך צובליהט ווי אַ רויז און פונקט אַזוי שנעל און קונציג, ווי אין
פּעטערבורג, האָט זיך איהר איינגעגעבען אויפבויען אַ באַקוועם
נעסטעלע. אַ קוואַרטיר האָט זי געפונען אַ טייערינקע, אויף איינע
פון די שטילע, אָבער אריסטאָקראַטישע גאַסען אין פּאַריז; דעם
מאַן האָט זי אויפגענעהט אַזאַ שלאָף־ראָק, וואָס ער האָט נאָך
אין לעבען ניט געטראָגען; האָט צוגענומען אַן עלעגאַנטע דיענסט־
מיידעל, אַן אויסגעצייכענטע קעכין, אַ פראַנט אַ לאַקיי; געקראָ־
גען אַ וואונדערבאַרע קליינינקע קאַרעטע, אַ שעהנינקע פּיאַנע.

קיין וואָך איז נאָך ניט פאַראיבער, און זי פלעגט שוין אריבער־
לויפען איבער'ן גאס, טראָגען אַ שאַל, אויפעפענען דאָס פאַראַ־
סאָלכעל, אָנטאָן די הענטשקעלאך ניט ערגער פון אַ פול־בלוטיגער
פּאַריזער פרוי. און באקאנטע האָט זי שנעל געקראָגען. אין
אָנפאַנג פלעגען צו איהר פאָהרען נאָר רוסען, נאָר שפּעטער האָ־
בען זיך אָנגעפאַנגען דורכצוואַרפען פראנצויזען, אַלץ אַזעלכע
ליעבליכע, עדעלע, בחורים נאָך, מיט אַזעלכע שעהנע מאניערען,
מיט אַזעלכע וואוילקלינגענדע נעמען; אַלע האָבען זיי גערעדט
גיך און אַ סך, אַזוי ברייטליך פארנייגט, אַזוי אַנגענעהם פאַר־
בלויזט מיט די אויגען; ביי אַלעמען האָבען די ווייסע צייהן
געפינקעלט צווישען די ראָזע ליפּען, — און ווי גוט זיי האָבען
געקענט שמייכלען! יעדער איינציגער פון זיי האָט מיט זיך גע־
בראכט זיינע פריינד, און „לאַ בעלל מאדאם דע לאָוורעצקי" איז
גיך מפורסם געוואָרען פון „שאָססע ד'אַנטין" ביז „רו דע ליללי".
אין יענע צייטען (דאָס איז געווען אינ'ם יאהר 1836) האָט זיך
נאָך ניט געהאַט אַזוי צואוואַקסען די משפּחה פון די פעלעטאָ־
ניסטען און כראָניקער, מיט וועלכע עס שווּיבעלט און גריבעלט
אומעטום ווי מיט מורעשקעס אין אַ צורודערטער קופּע; נאָר
שוין דעמאָלט פלעגט אָפּט זיך באַווייזען אין וואַרוואַראַ פּאַוו־
לאָוונאַ'ס סאלאָן איינער אַ מר. זשול אַ פארשוין ניט קיין
שעהנער, מיט אַ סקאַנדאַליעזער רעפּוטאַציע, אַן עזות פּנים און
אַ נבזה'ניק, ווי אַלע דועליסטען און געשלאָגענע מענשען. וואַר־
וואַרא פּאַוולאָוונאַ'ן האָט זעהר געעקעלט פון אָט דעם מר. זשול,
נאָר זי פלעגט איהם אויפנעהמען, ווייל ער פלעגט אָפּט אַ שרייב
טאָן אין פארשיעדענע צייטונגען און שטענדיג זי דערמאָנען, אָנ־
רופענדיג זי אַמאָל „מ—ם דע ל . . . צקי" און אַמאָל „מ—ם
דע *** Cette grande dame russe si distinguee, qui demenre ruede P.
פלעגט דערצעהלען דער גאַנצער וועלט, ד. ה. עטליכע הונדערט
אַבאָנימענטען, וועלכע האָבען קיין שום שייכות ניט געהאַט מיט
דער „מ—ם דע ל . . טצקי", ווי אַזוי אָט די דאַמע איז, לויט
איהר חכמה, אַן עכטע פראַנצויזקע. Une vraie francaise par l'esprit.
— קיין גרעסערער קאָמפּלימענט איז ביי די פראַנ־
צויזין שוין ניטאָ — זיס און ליעבליך, און ס'אַרא אויסערגע־

וועהנטליכע שפּיעלערין זי איז, און ווי זי וואָלסירט פּשוט אויף חדושים (וואַרוואַרא פּאַוולאָווגא האָט באמת אזוי וואָלסירט, אַז זי פלעגט הינרייסען אלע הערצער צו די ברעגען פון איהרע גרייזינקע אוועקפליהענדע מלבושים)... מיט איין וואָרט, ער האָט איהר געמאַכט א שם איבער דער וועלט, — און דאָס איז דאָך, וואָס איהר זאָלט ניט זאָגען — אנגענעהם. פּריילין מארס איז שוין דעמאָלט געהאט אראָפּ פון דער סצענע, און פּריילין ראשעל איז נאָך ניט געהאט ארויף; פון דעסטוועגען פלעגט וואַרוואַרא פּאַוולאָווגא פלייסיג באזוכען די טעאַטערע. זי פלעגט שטארק ענטציקט ווערען פון דער איטאַליענישער מוזיק און לאַכען פון די חורבות פון אדרי, אנשטענדיג געגענעצט אין דער „פראַנצויזישער קאָמעדיע" און פלעגט וויינען ווען מאדאם דארוואַל פלעגט אויפטרעטען אין עפּעס אַן אולטרא־ראָמאַנטישער מעלאָדראַמע; און הויפּטזעכליך ליסט האָט ביי איהר געשפּיעלט צוויי מאָל און איז אזוי זיס געוועזן, אזוי איינפאַך — א מחיה! אין אזעלכע אנגענעהמע עמפּפינדונגען האָט זי פאַרבראַכט דעם גאַנצען ווינטער און לסוף האָט זי זיך אפילו דערשלאָגען פאַרגעשטעלט צו ווערען פאַר'ן קעניגליכען הויף. פעאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך אליין אויך ניט געלאַנגווייליגט, הגם אָפּט פלעגט דאָס לעבען איהם דריקען אויף די פּלייצעס ווי א שווערע משא — טאַקע דערפאַר וואָס עס איז געוועזן אזוי פּוסט. ער פלעגט לייענען צייטונגען, געהן צו לעקציעס אין סאָרבאָן און אין קאָללעדזש דע פראַנס, נאָכגעפאָלגט די דעבאַטען אין פּאַרלאַמענט, זיך א נעהם געטאָן איבערזעצען אויף רוסיש א ווערק וועגען איריגאַציע פון א באַוואוסטען געלעהרטען. „איך צו'פּטר ניט קיין צייט, — האָט ער געטראַכט: — דאָס איז אלץ נוצליך; נאָך קומענדען ווינטער דאַרף מען למה"ש צוריקפאָהרען קיין רוסלאַנד און זיך א נעהם טאָן צו דער ארבייט". עס איז שווער צו זאָגען, צו האָט ער קלאָר באַגריפען אין וואָס איינענטליך איז באשטאַנען אָט די ארבייט, און גאָט ווייסט צו וואָלט זיך איהם געוועזן איינגעגעבען צוריקקומען קיין רוסלאַנד צום ווינטער, — דערוויל איז ער געפאָהרען מיט'ן ווייב קיין באַדען־באַדען... אַן אומערוואַרטעטער צופאַל האָט צושטערט אלע זיינע פלענער.

## 16.

איינמאָל איז לאַוורעצקי אריין אין וואַרוואַרא פּאוולאָוונאַ׳ס קאַבינעט. וואַרוואַרא פּאוולאָוונאַ איז דאָרט גראַד ניט געווען. אויפ׳ן פּאָדלאָגע האָט ער באַמערקט אַ קליין שטיקעל פּאַפּיער, זאָרגפעלטיג צונויפגעלייגט. ער האָט דאָס אָטאָמאַטיש אויפגעהויבען און אָטאָמאַטיש צונומען און איבערגעלייענט די פאָלגענדע עטליכע ווערטער, געשריבען אין פראַנצויזיש:

„זיסער מלאך בעטטי! (איך וואַג באין אופן ניט דיך צו רופען Barbe אָדער וואַרוואַרא — Varvara). אומזיסט האָב איך דיך אָפּגעוואַרט ביים ראָג פון׳ם בולוואר; קום מאָרגען האַלב צוויי צו אונז אויף דער קוואַרטיר. דיין גוטער פּעמפּיק ton gros bon homme de mari באַגראָבט זיך צווישען זיינע ביכער אין אָט דער צייט; מיר וועלען נאָכאַמאָל איבערזינגען דאָס ליעדעלע פון אייער פּאָעט פּוסקין (de Votre poete pouskine) וואָס דו האָסט מיר אויסגעלערענט: אַלטער מאַן, גרויזאַמער מאַן! — טויזענד מאָהל קוש איך דיינע הענדטעלאַך און פיסעלאַך. איך וואַרט אויף דיר. „ערנעסט“.

לאַוורעצקי האָט ניט גלייך פאַרשטאַנען וואָס ער האָט דאָ איבערגעלייענט; ער האָט דאָס איבערגעלייענט אַ צווייטען מאָהל — און דער קאָפּ האָט זיך איהם פאַרדרעהט, די פּאָדלאָגע האָט זיך אָנגעפאַנגען צו וויעגען אונטער איהם, ווי די דעק פון אַ שיף אין אַ שטורם-ווינד. ער האָט אָנגעפאַנגען צו שרייען, צו וויינען און דער אָטהעם האָט איהם פאַרכאַפּט אין איין רגע.

ער איז אַראָפּ פון די געדאַנקען. ער האָט אַזוי בלינד געטרויט זיין ווייב; די מעגליכקייט פון פאַלשקייט, פון פאַרראַט, איז איהם קיינמאָל ניט אַרויף אויפ׳ן זינן. אָט דער ערנסט, דער געליעבטער פון זיין פרוי, איז אַ בלאָנדער, שעהנער אינגעל פון אַ יאָהר דריי־און־צוואַנציג, מיט אַ פאַריסען נעזעל, מיט דינינקע וואָנסעלאַך, כמעט דער נישטיגסטער פון אַלע איהרע באַקאַנטע. עטליכע מינוט זענען פאַראיבער, עס איז אַוועק אַ האַלבע שעה; לאַוורעצקי איז אַלץ געשטאַנען, מיט׳ן פּאַטאַלען צעטעלע איינ־

געקלאַמערט אין האַנט, און געדאַנקענלאָז געקוקט אויף דער פּאָד־לאָגע; אין עפּעס אַ מין פינסטערען שטורם־ווינד האָבען זיך פאַר איהם דורכגעטראָגען בלאַסע פּנים׳ער; דאָס האַרץ האָט איהם פאַרקלעהמט פאַר יסורים; עס האָט זיך איהם געדוכט, אַז ער פאַלט, פאַלט... גאָר אָהן אַ סוף. אַ באַקאַנטער, גרינגער גע־רויש פון אַ זיידען מלבוש האָט איהם אויפגעוועקט פון אָט דער פאַרשטיינערונג; ווארוואַרא פּאַוולאָוונאַ מיט אַ הוט און שאַל איז אין איילעניש אריינגעקומען פון׳ם שפּאַציער. לאַווּרעצקי האָט אַ ציטער געטאָן מיט׳ן גאַנצען קערפּער און זיך אַ וואָרף געטאָן פון׳ם צימער. ער האָט דערפיהלט, אַז אין דער רגע איז ער בכח זי צערייסען אויף שטיקער, ממית׳ן זי ביז׳ן טויט, ווי אַן איינפאַכער פּויער, דערשטיקען זי מיט זיינע הענט. ווארוואַרא פּאַוולאָוונאַ איז איבעראַשט געוואָרען, געוואָלט איהם אָפּשטעלען; ער האָט נאָר געקענט אַ מורמעל טאָן: „בעטטי" און איז ארויס־געלאָפען פון הויז.

לאַווּרעצקי האָט גענומען אַ קאַרעטע און זיך געהייסען פיה־רען הינטער׳ן שטאָדט. דאָרט האָט ער זיך אַזוי אָפּגעשליאַט דעם טאָג און די גאַנצע נאַכט ביז אינדערפריה, אַלע מאָהל זיך אָפּ־געשטעלט און פאַרבראָכען מיט די הענט: אָט איז ער ארומגע־גאַנגען ווי אַ תם, אָהן געדאַנקען, אָט האָט זיך איהם פאַרגלוסט לאַכען און ס׳איז איהם אפילו געוואָרען עפּעס פרעהלאך. אינ־דערפריה איז איהם קאַלט געוואָרען און ער איז אריין אין עפּעס אַ שמוציגען גאַסט־הויז הינטער׳ן שטאָדט, גענומען אַ צימער און זיך אוועקגעזעצט אויף אַ בענקעל נעבען פענסטער. אַ מין קאָנ־וואולסיווער געגעניץ איז אויף איהם אָנגעפאַלען. ער האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס, זיין קערפּער איז אָפּגעשוואַכט גע־וואָרען, — נאָר ער האָט ניט געפילט קיין מיעדקייט, — דערפאַר האָט די מיעדקייט גענומען איהרעס: ער איז געזעסען, געקוקט און גאָר ניט פאַרשטאַנען; ניט פאַרשטאַנען, וואָס אַזעלכעס האָט מיט איהם פּאַסירט, פאַרוואָס איז ער עפּעס איינער אַליין, מיט אַזאַ מין שטייפקייט אין די אברים, מיט אַזאַ ביטערניש אין מויל, מיט אַזאַ שטיין אויפ׳ן האַרצען, אין אַ פּוסטען, אומבאַקאַנטען צי־מער; ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס האָט באַוואוינען איהר,

וואריא׳ן, זיך איבערגעבען צו אַט דעם פראַנצויז, און ווי האָט זי געקענט, בעת זי איז צו איהם פאַלש, זיין אַזוי רוהיג ווי פריהער, ווי פריהער ליעבליך און פארטרויליך צו איהם; „איך פארשטעה גאָר ניט!” מורמלען זיינע פארטריקענטע ליפען. — ווי אַזוי בין איך זיכער איצטער, אַז אין פעטערבורג...” און ער האָט די פראַגע ניט פארענדיגט און ווידער געגעניצט, ציטערענדיג און ציהענדיג זיך מיט׳ן גאַנצען קערפער. ליכטיגע און פינסטערע זכרונות האָבען איהם גלייך געמוטשעט; ס׳איז איהם פלוצלונג אריין אין קאָפ, אַז אָט דאָ, ערשט די טעג, האָט זי זיך פאר איהם און פאר ערנעסטען אוועקגעזעצט ביי דער פיאַנאָ און אויסגעזונגען: „אַלטער מאַן, בייזער מאַן!!” ער האָט זיך דערמאָנט דעם אויסדרוק פון איהר פנים, דעם מאָדנעם גלאַנץ פון די אויגען און די פארב אויף די באַקען, און ער האָט זיך איפגעהויבען פון׳ם בענקעל, געוואָלט אוועקגעהן און זיי זאָגען: „ביי מיר וועט זיך אייך דער שפאס ניט איינגעבען; מיין עלטער־זיידע פלעגט אויפ־הענגען פויערים פאר די ריפען, און מיין זיידע איז אליין געוועזן א פויער” — און זיי ביידען הרג׳ענען. אָט האָט זיך איהם פלוצלונג געדוכט, אַז אַלעס, וואָס מיט איהם טוט זיך, איז א חלום, און אפילו ניט קיין חלום, נאָר אַזוי עפעס, א נאַרישקייט: מען דאַרף זיך נאָר א טרייסעל טאָן, אַרומקוקען... קוקט ער זיך אַרום און, די בענקעניש פרעסט זיך איין אַלץ טיעפער און טיעפער אין זיין האַרצען ווי די נעגעל פון׳ם שפאַרבער אין דעם געכאַפטען פויגעל. צו די אַלע צרות, האָט לאַווּרעצקי, אין עטליכע חדשים אַרום געדאַרפט ווערען א טאַטע... די פאַרגאַנגענהייט, די צוקונפט, דאָס גאַנצע לעבען איז פאַר׳סמ׳ט געוואָרען. ענדליך האָט ער זיך אומגעקערט קיין פאַריז, זיך אָפּגעשטעלט אין א גאַסט־הויז און אוועקגעשיקט צו וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ דאָס צעטעלע פון׳ם הער ערנעסט מיט׳ן פאָלגענדען בריעף:

„דאָס ביילִיגענדע פּאַפּירעל וועט אייך אַלעס ערקלעהרען. אגב, וועל איך אייך זאָגען, אַז איך האָב אייך גאָר ניט דערקענט: איהר, שטענדיג אַזאַ פּינקטליכע, פארליערט אַזעלכע וויכטיגע פּאַ־פּיערען. (אָט די פראַזע האָט דער אָרעמער לאַווּרעצקי צוגעגרייט און געצערטעלט אין א משך פון עטליכע שטונדען). איך קען אייך

מעהר ניט זעהען; איך גלויב, אז איהר דאַרפט מיך אויך ניט וועלען באַגעגענען. איך באַשטים פאַר אייך פופצעהן טויזענט פראַנק א יאָהר; מעהר קען איך ניט געבען. שיקט צו אייער אַדרעס אין דעם דאָרפישען קאָנטאָר. טוט, וואָס איהר ווילט; לעבט, וואו איהר ווילט. איך ווינש אייך גליק. קיין ענטפער איז ניט נויטיג".

לאַווערצקי האָט געשריבען דער פרוי, אז ער נויטיגט זיך ניט אין קיין ענטפער... נאָר ער האָט געוואַרט, געדורשט נאָך אַן ענט־פער, נאָך אַן ערקלעהרונג פון אָט דער אומפאַרשטענדליכער, אומ־באַגרייפליכער זאַך. ווארוואַרא פּאַוולאָוונא האָט איהם אין דעם זעלביגען טאָג צוגעשיקט א לאַנגען פראַנצויזישען בריעף. דער בריעף האָט שוין פון איהם גאָר א תל געמאַכט; די לעצטע ספקות זיינע זענען פאַרשוואונדען — און ס'איז איהם געוואָרען א בזיון, וואָס ס'זענען גאָר ביי איהם פאַרבליבען ספקות. וואַר־וואַרא פּאַוולאָוונא האָט זיך ניט פאַרענטפערט: זי האָט איהם נאָר געוואָלט זעהען, געבעטען ניט פאַר'משפט'ן זי אויף אייביג. דער בריעף איז געווען קאַלט און אָנגעצויגען, הגם ערטערווייז האָ־בען זיך אָנגעזעהען פלעקען פון טרערען. לאַווערצקי האָט זיך ביטער צושמייכעלט און באַפוילען מיט'ן שליח, אז אלעס איז גוט. דריי טעג שפּעטער איז ער שוין אין פאַריז ניט געווען: אָבער געפאָהרען איז ער ניט קיין רוסלאַנד, נאָר קיין איטאַליע. ער האָט אַליין ניט געוואוסט, פאַרוואָס ער האָט גראָד אויסגעקליבען אי־טאַליע; באמת איז איהם געווען אלץ איינס וואוהין צו פאָהרען — — אבי ניט אהיים. ער האָט אוועקגעשיקט א פאַרשריפט צו זיין פאַרוואַלטער מכח זיין פרוי'ס פּענסיע, איהם באַפוילען אין דער זעלביגער צייט גלייך איבערנעמען ביי גענעראַל ווארואַבאין אלע געשעפטען פון'ם גוט, ניט צו וואַרטען אויף קיין חשבונות, און באַפוילען זיין פרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ ארויסצופאָהרען פון לאַווריקי; ער האָט זיך לעבעדיג פאָרגעשטעלט די פאַרווירונג און די פּוסטע גאוה פון'ם ארויסגעיאָגטען גענעראַל און, ווי פאַרבי־טערט ער איז ניט געווען, האָט ער דאָך דערפיהלט א מין בייזען פאַרגעניגען. דעמאָלט טאַקע האָט ער געבעטען גלאַפירא פּעט־ראָוונא אין א בריעף זי זאָל זיך אומקעהרען צוריק קיין לאַווריקי

און האָט צוגעשיקט א פּאָלמאָכט־פּאַפּיער אויף איהר נאָמען; נאָר גלאפירא פּעטראָוונא איז קיין לאווריקי ניט געפאָרען און האָט אליין אָפּגעדרוקט א ידיעה אין די צייטונגען, אז זי האָט פאַר־ניכטעט דעם פּאָלמאָכט־פּאַפּיער, וואָס איז געווען גאַנץ איבעריג. באהאלטענדיג זיך אין א קליינער איטאליענישער שטאָדט, האָט לאווערצקי א לאַנגע צייט ביי זיך ניט געקענט פועל׳ן ניט נאָכצו־פאָלגען נאָך זיין פרוי. פון די צייטונגען האָט ער זיך דערוואוסט, אז זי איז פון פאריז אָפּגעפאָהרען, ווי זי האָט געפּלאַנט, קיין באדען־באדען: איהר נאָמען האָט זיך באלד באוויזען אין עפּעס אן ארטיקעל אונטערגעשריבען פון דעם זעלביגען מוסיע זשול. אין אָט דעם ארטיקעל, דורך דער געוועהנליכער לעבעדיגקייט, האָט זיך דורכגעזאפּט א מין פריינדליכעם באדויערן; פּעאָדאָר איוואנאָוויטשען איז זעהר מיאוס געוואָרען אויף דער נשמה, בעת ער האָט געלייענט אָט דעם ארטיקעל. נאכדעם האָט ער זיך דער־וואוסט, אז ס׳איז ביי איהם געבאָרען געוואָרען א טאָכטער; אין א פּאָר חדשים ארום האָט ער ערהאלטען א ידיעה פון זיין פאַר־וואלטער, אז ווארווארא פּאוולאָוונא האָט ארויסגעקראָגען דאָס ערשטע דריטעל פון איהר געהאלט. שפּעטער האָבען זיך אָנגע־פאנגען ארומצוטראָגען אלץ ערגערע און ערגערע קלאנגען; ענד־ליך האָט זיך מיט רעש דורכגעטראָגען אין אלע זשורנאלען א טראגי־קאָמישע געשיכטע, אין וועלכער זיין פרוי האָט געשפּיעלט ניט קיין בכבוד׳יגע ראָלע. אלעס האָט זיך געענדיגט: וואר־ווארא פּאוולאָוונא איז געוואָרען א באוואוסטע „פּערזענליכקייט״.

לאווערצקי האָט אויפגעהערט איהר נאָכצופאָלגען; נאָר ניט אזוי גיך האָט ער געקענט משוה ווערען מיט זיך אליין. אמאָל פלעגט אויף איהם אָנגעהן אזא בענקעניש נאָך דער פרוי, אז ער וואָלט, דאכט זיך, אלעס אוועקגעגעבען, אפילו, אפשר... איהר מוחל געווען, כדי נאָכאמאָל צו הערען איהר ליעבליכען קול, כדי נאָכאמאָל צו דערפיהלען איהר האנט ביי זיך אין האנט. די צייט איז אָבער ניט אוועק אומזיסט. ער איז ניט געבאָרען געוואָרען צו זיין א מאַרטירער; זיין געזונטע נאטור איז אריין אין איהרע רעכטע. פיעל איז איהם קלאָר געוואָרען; דער קלאפּ אליין, וואָס האָט איהם אזוי צוטומעלט, האָט איהם שוין מעהר ניט געשיינט

צו זיין ניט קיין פאַראויסגעזעהענער; ער האָט באגריפען זיין פרוי, — א נאָהנטען מענשען דערקענט מען פאַלקאָמען ערשט דעמאָלט, ווען מען מוז זיך מיט איהם צושיידען. ער האָט שוין ווידער געקענט לערנען, ארבייטען, הגם ווייט ניט מיט'ן פריהער־דיגען חשק; דער סקעפּטיציזם, צוגעגרייט דורך די ערפאַהרונגען פון'ם לעבען, דורך דער ערציהונג, האָט זיך אויף אַן אמת פארקלי־בען צו איהם אין דער נשמה. ער איז געוואָרען זעהר גלייכגילטיג צו יעדער זאַך. פיער יאָהר זענען אוועק, און ער האָט זיך דער־פיהלט נאָכאמאָל בכח זיך אומצוקעהרען אהיים, זיך באגעגענען מיט די זייניגע. ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט ניט אין פּעטער־בורג, ניט אין מאָסקווע, נאָר גלייך געקומען אין דער שטאָדט א...., וואו מיר האָבען זיך מיט איהם צושיידט, און וואוהין מיר בעטען אונזער גוטען לעזער צוזאמען מיט אונז זיך אומקעהרען.

## 17

דעם צווייטען פריהמאָרגען, נאָך יענעם טאָג, וואָס מיר האָבען באשריבען, איז לאווּרעצקי ארויסגעגאנגען אויפ'ן גאַניקעל פון'ם קאַליטין־הויז. ליזא אין א הוט און הענטשקעס איז איהם אַנ־געקומען אנטקעגען.

— וואוהין געהט איהר? — פרעגט ער איהר.

— אין קלוסטער. היינט איז זונטאג.

— איהר ווילט דען אויך געהן אין קלויסטער?

ליזא האָט שווייגענד, מיט איבעראשונג אויף איהם א קוק געטאָן.

— ענטשולדיגט, — האָט לאווּרעצקי א זאָג געטאָן: — איך... איך האָב ניט דאָס געוואָלט זאָגען, איך בין געקומען זיך געזעגענען מיט אייך, אין א שטונדע ארום פאָהר איך אוועק אין דאָרף.

— עס איז דאָך פון דאַנען ניט ווייט? — האָט ליזא א פרעג געטאָן.

— א ווערסט פינף־און־צוואנציג.

אויפ'ן שוועל פון טיהר האָט זיך באוויזען לענאָטשקא אין דער באגלייטונג פון דער דיענסט.

— זעהט, פארגעסט אונז ניט, — האָט ליזא א זאָג געטאָן און זיך א לאָז געטאָן פון'ם גאניקעל.

— און איהר פארגעסט מיך אויך ניט. הערט, — האָט ער צוגעלעגט: — איהר געהט אין קלויסטער: בעט פאר מיר אויך.

— מהיכה־תיתי, — זאָגט זי און קוקט איהם גלייך אין די אויגען: — איך וועל פאר אייך אויך בעטען. קום לענאָטשקא.

אין גאסט־צימער האָט לאוורעצקי געטראָפען מאריא דמיט־ריעוונא'ן איינע אליין. עס האָט פון איהר געשמעקט אָדעקאָלאָן מיט מיאטנע. דער קאָפ, ווי זי דערצעהלט, האָט איהר וועה געטאָן, און זי האָט אומרוהיג פארבראכט די נאכט. אויפגענומען האָט זי איהם מיט א געוועהנליכער מאטער ליעבליכקייט און צו ביסלאך האָט זי זיך צורעדט. — ניט אמת, — פרעגט זי איהם: — ס'איז אנגענעהמער יונגער מאן וולאדימיר ניקאָלאיעוויטש!

— וועלכער וולאדימיר ניקאָלאיעוויטש?

— פאנשין, אָט דער, וואָס איז דאָ נעכטען געווען. איהר זענט איהם שרעקליך געפעלען; איך וועל אייך איינרוימען א סוד, Mon cher cousin ער געהט פשוט אראפ פון דעם זינען צוליעב מיין ליזא'ן. מילא? פון א שעהנער פאמיליע איז ער, דיענט אויסגעצייכענט, קלוג, שוין א קאמער־יונקער, און אויב גאָט וויל אזוי... איך פון מיין זייט, אלס מוטער, וועל זיין זעהר צופרידען. די פאראנטוואָרטליכקייט, פארשטעהט זיך, איז זעהר א גרויסע; אודאי, פון די עלטערן הענגט אָפּ דאָס גליק פון די קינדער, נאָר מען מוז דאָך אָבער צוגעבען: ביז איצטער, שלעכט צי גוט, נאָר דאָס איז דאָך אלץ איך, אומעטום איך אליין, אָט ווי איך שטעה: אי איך האָב אויפגעצויגען די קינדער, אי איך האָב זיי געלערענט, אלץ איך... אָט האָב איך איצטער אויסגעשריבען א מאמזעל פון מאדאם באליום...

מאריא דמיטריעוונא האָט זיך א לאָז געטאָן באשרייבען איהרע זאָרגען, איהרע באמיהונגען, איהרע מוטערליכע געפיהלען. לאוו־רעצקי האָט איהר אויסגעהערט שווייגענד און געדרעהט זיין הוט

אין די הענט. זיין קאלטער, שווערער בליק האט צומישט די פריצע, וואס האט זיך צופלאפעלט.

— און ווי געפעלט אייך ליזא? — טוט זי איהם א פרעג.

— ליזאוועטא מיכאילאוונא איז די שעהנסטע פריילין, — האט לאווערעצקי געענטפערט, אויפגעשטאנען, זיך פארנייגט און אריינגעגאנגען צו מארפא טימאפעיעוונא'ן. מאריא דמיטריעוונא האט מיט אומצופרידענהייט איהם נאכגעקוקט און א טראכט געטאן: „ס'ארא אומגעלומפערטער, א פויער! נו, אט איצטער פארשטעה איך שוין, פארוואס זיין פרוי האט איהם ניט געקענט זיין טריי".

מארפא טימאפעיעוונא איז געזעסען ביי זיך אין צימער, ארומגערינגעלט מיט איהר שטאט. באשטאנען איז ער פון פינף נפשות, כמעט אלע אלץ איינס נאהענט צו איהר הארצען: פון'ם גרויס-וואליעגען געלערענטען סניגער, וועלכען זי האט ליעב געקראגען דערפאר, וואס ער האט אויפגעהערט צו פייפען און שלעפען וואסער, — פון דעם קליינינקען, זעהר שרעקעדיגען און רוהיגען הינטעל ראסקא, — פון דער בייזער קאץ מאטראס, — פון א שווארץ-חנ'עוודיגער ריהרעוודיגער מיידעלע פון א יאהר ניין, מיט גרויסע אויגען און א שארף נעזעל, וועלכע מען האט גערופען שוראטשקא, — און פון אן עלטערער פרוי פון א יאהר פופציג, אין א ווייסער הויב און אין א ברוינער קורצער בלוזקע איבער א טונקעל קלייד, מיט'ן נאמען נאסטאסיא קארפאוונא אגארקאווא. שוראטשקא איז געווען א יתומה אהן טאטע-מאמע. מארפא טימאפעיעוונא האט זי גענומען אויס רחמנות פונקט ווי ראסקען: אי דאס הינטעלע אי דאס מיידעלע האט זי געפונען אין גאס; ביידע זענען געווען מאגער און הונגעריג, אויף ביידען האט דער הערבסט-רעגען געהאלטען אין איין גיסען; נאך ראסקען האט זיך קיינער ניט געיאגט, און שוראטשקען האט איהר פעטער, אן ארעמער שוסטער, וואס האט אליין ניט דערעסען און זיין פלימעניצע ניט געהאדעוועט, נאר געשלאגען מיט א קאפעט, אפילו אפגעגעבען מיט שמחה צו מארפא טימאפעיעוונא'ן. מיט נאסטאסיא קארפאוונא'ן האט מארפא טימאפעיעוונא זיך באקאנט ערגעץ אין א מאנאסטיר; אליין איז זי צו איהר צו־

געגאנגען אין קלויסטער (מארפא טימאָפעיעוונא'ן איז זי גע־פעלען געוואָרען דערפאר, וואָס זי האָט, לויט איהרע ווערטער, זעהר באטעמ'ט מתפלל געווען), אליין מיט איהר פארפיהרט א געשפרעך און זי איינגעלאדען צו זיך אויף א גלעזעל טעה. פון יענעם טאָג אָן האָט זי זיך שוין מיט איהר ניט צושיידט. נאַס־טאסיא קארפאָוונא האָט געהאט זעהר א פרעהליכען און איידעלען כאראקטער, געווען א קינדערלאָזע אלמנה, פון די ארעמע פריצטעם; א קאָפּ האָט זי געהאט א קיילעכדיגען, א גרויען, ווייכע ווייסע הענט, א ווייכען פּנים מיט באדייטענדע, גוטע שטריכען און עטוואָס א לעכערליכען פאריסענעם נאָז; זי האָט געהאט גרויס יראת הכבוד פאר מארפא טימאָפעיעוונא, און יענע האָט זי זעהר ליעב געהאט, הגם זי פלעגט אמאָל אונטערלאכען פון איהר איידעל הארץ; זי האָט געפיהלט א שוואכקייט צו אלע יונגע לייט און פלעגט ניט ווילענדיג רויט ווערען, ווי א מיידעלע, פון דעם אומשולדיג־סטען שפּאַס. איהר גאנצער קאפּיטאל איז באשטאנען פון קנאקע־דיגע צוועלף הונדערט רובל; געלעבט האָט זי אויפ'ן חשבון פון מארפא טימאָפעיעוונא און מיט אזא הרחבה ווי זי: מארפא טימאָפעיעוונא וואָלט ניט איבערגעטראָגען קיין אונטערטעניגקייט.

— א! פעדיא! — האָט זי אָנגעפאנגען ווי נאָר זי האָט איהם דערזעהן; — נעכטען אויף דער נאכט האָסטו מיין פאַ־מיליע ניט געזעהן: זעטיג זיך אָן. מיר האָבען זיך אלע צו־זאמענגעקליבען צו טעה; דאָס איז שוין ביי אונז די צווייטע יום־טוב־טעה. אלעמען קענסטו א צערטעל טאָן: נאָר שוראטשקא לאָזט זיך ניט, און די קאַץ וועט א דראפּע טאָן. היינט פאָהרסטו?

— היינט. — לאווריעצקי האָט זיך צוגעזעצט אויף א ני־דעריג בענקעלע. — איך האָב זיך שוין געזעגענט מיט מאריא דמיטריעוונא'ן. ליזאוועטא מיכאילאָוונא'ן האָב איך אויך געזעהן.

— רוף איהר ליזאַ, טאַטע מיינער, וואָס פאר א מיכאילאָוו־נא איז זי דיר! זיץ־זשע רוהיג, אניט וועסטו נאָך צובּרעכען שוראטשקא'ס בענקעל.

— זי איז געגאנגען אין קלויסטער, — האָט לאווריעצקי פארטגעזעצט, — איז זי דען א פרומע?

— יא, פעדיא, זעהר. מעהר פון מיר מיט דיר, פעדיא.

— און איהר זענט דען ניט פרום? — האָט נאַסטאַסיא קאַר־פּאָווגאַ מורמלענדיג באַמערקט. — און היינט זענט איהר צו די מאָרגען תפילות ניט געגאַנגען, אבער צו די שפּעטערדיגע תפילות וועט איהר יאָ געהן.

— אָבער גאָר לאָ, — דו וועסט אַליין געהן: איך בין פויל געוואָרען, מאַמע מיינע, — האָט מאַרפאַ טימאָפעיעווגאַ געענט־פערט, — איך גיב זיך שוין צופיעל נאָך מיט דער טעה. זי האָט נאַסטאַסיאַ קאַרפּאָווגאַ'ן געזאָגט דו, הגם זי האָט געלעבט ניט רייכער פון איהר — ניט אומזיסט האָט זי געשטאַמט פון דער פעסטאָוו־פאַמיליע: דריי פון דער פעסטאָוו־פאַמיליע זענען פאַר־שריבען אין דעם טויטען־ליסט פון איוואַן וואַסיליעוויטש דעם גרויזאַמען; מאַרפאַ טימאָפעיעווגאַ האָט דאָס געוואוסט.

— זאָגט, איך בעט אייך, — האָט לאַווערעצקי נאָכאַמאָל אָנ־געפאַנגען: — מיר האָט מאַריאַ דמיטריעווגאַ נאָר־וואָס געזאָגט וועגען דעם... ווי אַזוי הייסט ער דאָרטען?... פּאַנשין. וואָס איז דאָס פאַר אַ העררר?

— ס'אַראַ פּלוידערזאַק זי איז, גאָט זאָל ניט שטראָפען פאַר די רייד! — האָט מאַרפאַ טימאָפעיעווגאַ אַרויסגעוואָרטשעט: — מן הסתם בסוד דיר איבערגעגעבען, אַז אָט, ווי זאָגט מען, רוקט זיך אונטער אַ חתן. וואָלט זי זיך כאָטש גע'סוד'עט דאָרטען מיט'ן גלח'ס זוהן; ניין, ווייזט אויס, ס'איז איהר ווינציג. און באמת איז נאָך גאָר ניט און, טאַקע, אַ דאַנקען גאָט! נאָר זי פּלוידערט שוין.

— פאַרוואָס-זשע עפּעס אַ דאַנקען גאָט? — האָט לאַווערעצקי אַ פרעג געטאָן.

— אָט דערפאַר, וואָס דער חברה־מאַן געפעלט מיר ניט; און וואָס דאַרף מען זיך דאָ פרעהען?

— ער געפעלט אייך ניט?

— יאָ, ניט אַלעמען קען ער דאָך געפעלען. ס'שוין גענוג פאַר איהם, אַז נאַסטאַסיאַ קאַרפּאָווגאַ איז אין איהם פאַרליעבט.

די אָרעמע אַלמנה איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען.

— וואָס רעדט איהר, מאַרפאַ טימאָפעיעווגאַ, איהר האָט גאָר קיין מורא ניט פאַר גאָט! — האָט זי אויסגעשריען, און אין

דער רגע האָט זיך איהר אַ רויטקייט צוגאָסען איבער'ן פּנים און איבער'ן האַלדז.

— און ער ווייסט דאָך, דער שייגאֵץ, — האָט מאַרפאַ טי־מאָפעיעוונא איהר איבערגעשלאָגען: — ער ווייסט, מיט וואָס איהר צו נעהמען: אַ שמעק־טאַבאַק קעסטעלע האָט ער איהר געשענקט; דו ווערסט זעהן, דאָס קעסטעלע איז אַזאַ שעהנס: אויפ'ן דעקעלע איז אויסגעקריצט אַ הוסאַר אויף אַ פערד. בעסער, מאַמע מיינע, זיך שוין גאָר ניט פאַרענטפערן.

נאַסטאַסיאַ קאַרפּאָוונאַ האָט זיך נאָר אָפּגעשאָקעלט מיט די הענט.

— נו, און ליזאַ, — האָט לאַווערעצקי אַ פרעג געטאָן: איז צו איהם ניט גלייכגילטיג?

— דאַכט זיך, ער געפעלט איהר, — נאָר, ווייטער, גאָט ווייסט איהר! אַ פרעמדענס נשמה, ווייסטו, איז ווי אַ געדיכטער וואַלד, און אַ מיידעלשע נשמה אודאי. אט איז שוראָטשקאַ'ס נשמה, — געה, קלייב זיך פאַנאַנדער! פאַרוואָס באַהאַלט זי זיך, אָבער געהט ניט אַוועק זינט דו ביסט געקומען?

שוראָטשקאַ האָט אַרויסגעשאָסען מיט אַ פאַרשטיקטען געלעכ־טער און איז אַרויסגעשפּרונגען פון'ם צימער, און לאַווערעצקי האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט.

— יאַ, — האָט ער אַ זאָג געטאָן צוצוויגען, — קיין מיי־דעלשע נשמה קען מען ניט אָפּשאַצען.

ער האָט זיך אָנגעפאַנגען צו געזעגענען.

— וואָס זשע? ווועלען מיר דיך אין גיכען ווידער זעהן? — האָט מאַרפאַ טימאָפעיעוונא אַ פרעג געטאָן.

— ווי עס וועט אויסקומען, מוהמעניו; דאָ איז דאָך עפּעס ניט ווייט.

— יאַ, דו פאָהרסט דאָך מן הסתם אין וואַסיליעווסקאַיאַ. אין לאַווריקי ווילסטו ניט וואוינען: — נו, דאָס איז שוין דיין זאַך; נאָר פאָהר אַראָפּ צו דיין מאַמעס קבר און מאַך איהר דאָרט אַ „מלא", און זיי דאָרטען אויך, אין איין וועג, ביים טאַ־טענס קבר. דאָרטען, אין אויסלאַנד, האָסטו זיך אָנגענומען מיט אַלערליי חכמות, נאָר ווער ווייסט, ס'קען זיין, זיי וועלען דער־

פיהלען אין זייערע קברים, אז דו ביסט צו זיי געקומען. פארגעס ניט, פעדיא, מאכען א „מלא" נאך גלאפירא פעטראָווגא'ן; אָט האָסטו א רובעל. נעהם, נעהם, דאָס וויל א יך, מען זאָל נאָך איהר א „מלא" מאכען. ביים לעבען האָב איך זי ניט ליעב גע־האט, אָבער מען קען גאָרניט זאָגען, א כאראקטער האָט די מויד געהאט. א קלוגע געוועזן; נו, און דיך האָט זי ניט באלייריגט. און איצטער געה געזונטערהייט, אניט וועל איך זיך דיר איינעסען.

— און ליזא וועט מיט פאנישינען ניט חתונה האָבען, האָב קיין דאגות ניט; ניט אזא מאן איז זי ווערט.

— איך האָב גאָר קיין דאגות ניט, — —האָט לאווּרעצקי געענטפערט און איז אָפּגעגאנגען.

## 18.

אין א פּאָר שטונדען ארום איז ער געפאָהרען אהיים. זיין טאראנטאס איז שנעל געפאָהרען איבער דעם ווייכען דארפישען וועג. צוויי וואָכען איז געוועזן א טרוקעניש; א דינער נעבעל האָט זיך צוגאסען ווי מילך אין דער לופט און האָט פארשטעלט די ווייטע וועלדער; עס האָט פון איהם געשמעקט מיט טשאד. א מענגע טונקעלע וואָלקענדלאך מיט אומדייטליך־אָנגעוואָרפענע ברעגען זענען זיך צוקראָכען איבער דעם בלאס־בלויען הימעל; א גאנץ קרעפטיגער ווינט האָט זיך געטראָגען ווי אן אומאויפהערלי־כער שטראָם און האָט די היץ ניט צוטריבען. לאווּרעצקי האָט זיך אָנגעשפּארט מיט'ן קאָפּ אָן דער קישען, איבערגעוואָרפען די הענט אויפ'ן הארצען און געקוקט אויף די פארביי־לויפענדע, ווי א פאכער, צושניטענע פעלדער, אויף די לאנגזאם־דורכבליטשענ־דע ראקיטען, אויף די נארישע קראָהען און זאט־קראָהען, וועלכע קוקען אין א זייט מיט אזא טעמפען חשד אויפ'ן פארבייפאהרענ־דען עקיפאזש, אויף די לאנגע מעזשעס, וואָס זענען פארוואקסען מיט קרייטער, פאלין און פעלד־ראבינע־בוימלאך; ער האָט גע־קוקט.... און אָט דער פרישער, סטעפּאָווער פעטער פארוואָרפענער ווינקעל, אָט די גרינקייט, אָט די לאנגע בערג, טאָלען מיט קורץ־געוויקסיגע דעמב־קוסטען, די גרויע דערפלאך, די שיטערע בערע־

זעם — אַט דאָס גאַנצע רוסיש בילד, וואָס ער האָט שוין אַזוי לאַנג ניט געזעהן, האָט אריינגעבלאָזען אין זיין נשמה אַזעלכע זיסע און אין דער זעלביגער צייט אַזעלכע טרויעריגע געפיהלען, האָט פאַר־דריקט די ברוסט מיט עפּעס א מין אָנגענעהמען שמערץ. זיינע געדאַנקען האָבען אַזוי לאַנגזאַם געבלאָנזשעט; זייערע קאָנטורען זענען געוועזן אַזוי אומקלאַר און טונקעל, ווי די קאָנטורען פון יענע הויכע, אויך עפּעס בלאָנדזשענדע וואָלקענדלאַך. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין קינדהייט, אָן זיין מוטער, ער האָט זיך דער־מאָנט, ווי זי איז געשטאָרבען, ווי מען האָט איהם צו איהר צוגע־טראָגען, און ווי זי האָט צוגעדריקט זיין קעפּעל צו איהר ברוסט און אָנגעפאַנגען שוואך צו קלאָגען איבער איהם, נאָר זי האָט א קוק געטאָן אויף גלאַפירא פּעטראָוונא — און אנשווייגען געוואָרען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין פאָטער, צוערשט א מוטיגען, א אומצופרידענעם מיט יעדער זאַך, מיט א קופּערנעם קול, — דער־נאָך א בלינדען, א וויינענדיגען, מיט א אומריינער, גרויער באָרד; ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אַזוי איינמאָל ביים טיש האָט ער גע־טרונקען א איבעריג גלעזעל וויין, פאַרגאָסען זיין סערוועטקע מיט סאָוס, און פּלוצלונג צולאַכענדיג זיך, האָט ער אָנגעפאַנגען, אונטערווינקענדיג מיט זיינע שטאַק־בלינדע אויגען, צו דערצעהלען וועגען זיינע זיעגען און בעת מעשה זיך פאַררויטעלט; ער האָט זיך דערמאָנט אָן וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא, — און האָט זיך ניט ווילענ־דיג א קנייטש געטאָן, ווי א מענש קנייטשט זיך פון א מאָמענ־טאַלען אינערליכען וועהטאָג, און א טרייסעל געטאָן מיט'ן קאָפּ. נאָכדעם האָט זיך זיין געדאַנק אָפּגעשטעלט אויף ליזא'ן.

„אָט, — האָט ער א טראַכט געטאָן: — טרעט נאָר־וואָס אריין א נייע באַשעפעניש אין'ם לעבען. א וואוילע מיידעל, וואָס וועט דאָס פון איהר ווערען? זי איז אויך א שעהנע. דאָס בלאַסע, פרישע געזיכט, די אויגען און די ליפּען זענען אַזעלכע ערנסטע, און דער בליק איז אַן עהרליכער און א אומשולדיגער. א שאָד, זי איז, דאַכט זיך, אביסעל ענטוזיאַסטיש. דער וואוקס איז א פיינער, און זי געהט אַזוי גרינג, און א קול א שטילער. איך האָב זעהר ליעב, ווען זי טוט זיך פּלוצלונג א שטעל אָפּ, הערט מיט אויפ־מערקזאַמקייט, אָהן א שמייכעל, נאָכדעם פאַרטראַכט זי זיך,

ווארפט צוריק אָפּ איהרע האָר. אמת, מיר אליין דוכט זיך, פּאנשין איז זי ניט ווערט. אָבער, מיט וואָס איז ער דען שלעכט? און ווייטער, וואָס האָב איך זיך דאָ אַזוי צו'חלום'ט? זי וועט אויך אַוועקלויפען איבער דעם וועג, איבער וועלכען אלע לויפען. לאָם איך בעסער אנשלאָפען ווערען". און לאַוורעצקי האָט צוגעמאכט די אויגען.

ער האָט אָבער ניט געקענט איינשלאָפען, נאָר ער איז פאַרזונקען געוואָרען אין אַ מין דרעמלענדער אונטערוועגענס־פאַרשטיינערונג. די בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבען זיך, ווי פריהער, ניט איילענדיג, אויפגעהויבען, ארויסגעשוואומען אין זיין נשמה, זיך אויסגעמישט און געפלאָנטערט מיט אַנדערע פאָרשטעלונגען. לאַוורעצקי, גאָט ווייסט פארוואָס, האָט אָנגעהויבען טראַכטען וועגען ראָבערט פּיל... וועגען דער פראנצויזישער געשיכטע... וועגען דעם, ווי ער וואָלט געוואונען די שלאַכט, ווען ער זאָל געווען זיין דער גענעראַל; אָט הערט ער, דאַכט זיך, אַ שיסעריי און געשרייען... זיין קאָפּ גליטשט זיך אָפּ אָן אַ זייט, ער עפענט אויף די אויגען... די זעלביגע פעלדער, די זעלביגע סטעפּאָווע בילדער; די אָפּגעריבענע פּאָדקאָוועס פון די זייטיגע פערד טוען אלע מאָל אַ פינקעל דורך דעם וועלען־פאָרמיגען שטויב; דאָס העמד פון'ם יאַמסטשיק, אַ געלס, מיט רויטע צוויקלאַך בלאָזט זיך אָן פון'ם ווינט... „אַ שעהנער מענש קום איך צוריק אהיים" — האָט לאַוורעצקי'ן דורכגעבליצט אין קאָפּ; און ער האָט אַ געשריי געטאָן: „געגאַנגען זאָל ווערען!" האָט זיך איינגעוויקעלט אין'ם שינעל און האָט זיך קאמפּאַקטער צוגעפרעסט צום קישעלע. דער טאַראַנטאַס האָט זיך אָן עפּעס אַ שטויס געטאָן: לאַוורעצקי האָט זיך אויסגעגלייכט און ברייט פאַנאַנדערגעעפענט די אויגען. אויף אַ בערגעל פאַר איהם האָט זיך געצויגען אַ קליין דערפעלע; עטוואָס רעכטס האָט זיך געזעהן אַן אלט פּריציש שטיבעל, מיט פאַרמאַכטע לאָדען און אַ קרום גאַניקעל; איבער'ן ברייטען הויף, פון די טויערן אָן האָט געוואַקסען קראָפּעווע, גרין און געדיכט ווי קאַנאָפּליעס; דאָ איז אויך געשטאַנען נאָך אַ שטאַרק דעמבען קעמערל. דאָס איז געווען וואַסיליעווסקאַיאַ.

דער יאַמסטשיק האָט זיך פאַרקערעוועט צו די טויערן, אָפּ־

געשטעלט די פערד; לאווערעצקי׳ס לאקיי האט זיך אויפגעהויבען אויף דער קעלניע און האט, ווי ער וואלט זיך פארמאסטען אראפ־טאנצען, א געשריי געטאן; „העי!״ עס האט זיך דערהערט א הייזעריגער, טעמפער בילען, נאר דער הונט האט זיך אפילו ניט באוויזען; דער לאקיי האט זיך ווידער פארמאסטען אראפצור־שפרינגען און ווידער א געשריי געטאן: העי! עס האט זיך ווידערהאלט א שוואכער בילען און, אין א רגע ארום, איז אויפ׳ן הויף ארויסגעלאפען, גאט ווייסט פון וואנען, א מענש אין א נאנקינעם קאפטאן, מיט א ווייסען קאפ ווי שנעע; ער האט פארשטעלט די אויגען פון דער זון, א קוק געטאן אויפ׳ן טאראנ־טאס, זיך פלוצלונג א פאטש געטאן מיטביידע הענט איבער די פיס, צוערשט זיך אביסעל א דרעה געטאן אויפ׳ן ארט, און נאכ־דעם זיך אווארף געטאן עפענען די טויערען. דער טאראנטאס איז אריינגעפאהרען אויפ׳ן הויף, שורשענדיג איבער דער קראפיווע, און האט זיך אפגעשטעלט נעבען גאניקעל. דער ווייס־קעפיגער מענש, ווייזט אויס, זעהר א לעבעדיגער, איז שוין געשטאנען, ברייט און קרום צושטעלט די פיס, אויפ׳ן לעצטען טרעפעלע, אפגעשפי־לעט דאס לעדערנע דעקעל פון׳ם טאראנטאס, מיט ציטערענדע הענט דאס א ציה געטאן ארויף, און העלפענדיג דעם פריץ אראפ־קריכען אויף דער ערד, האט ער איהם א קוש געטאן אין האנט.

— שלום, שלום־עליכם, ברודער, — האט לאווערעצקי א זאג געטאן, — דו הייסט, דאכט זיך, אנטאן? דו לעבסט נאך?

דער אלטער האט שווייגענד זיך פארנייגט און איז אוועק נאך די שליסעל. בעת ער איז געשלאפען, איז דער יאמסטשיק דער־וויל געזעסען באוועגלאז אויף דער קעלניע, די הענט פידבארקאם און געקוקט אויף דער פארשלאסענער טיהר; און לאווערעצקי׳ס לאקיי, ווי ער איז אראפגעשפרונגען, אזוי איז ער געבליבען אין דער זעלבער מאלערישער פאזע, פארוווארפענדיג איין האנט אויף דער קעלניע. דער אלטער האט געבראכט די שליסעל און, אויס־בויגענדיג זיך ווי א שלאנג, צי מען דארף צי מען דארף ניט, האט ער אויפגעהויבען אין דער הויך די ארעמס, אפגעשלאסען די טיהר, אפגעטראטען אן א זייט און ווידער זיך טיעף פארנייגט.

„אט בין איך אין דער היים, אט האב איך זיך אומגעקעהרט״,

האָט לאַווערעצקי אַ קלער געטאָן, בעת ער איז אַריינגעקומען אין דעם קליינינקען פאָרצימער; די לאָדען האָבען זיך געעפענט מיט אַ גערויש און סקריפּ איינער נאָכ'ן אַנדערן און דאָס טאָג־ליכט האָט אַריינגעדרונגען אין די אומבאַוואוינטע צימערן.

## 19.

דאָס קליינע שטיבעלע, וואוהין לאַווערעצקי איז צוגעפאָהרען און וואו גלאַפירא פּעטראָוונא איז צוריק מיט צוויי יאָהר געשטאָרבען, איז געווען אויפגעבויט אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהרהונדערט פון שטאַרקען סאָסנאָווע געהילץ; לויט'ן אויסזעהן האָט עס געשיינט צו זיין אַבגעפאַהרען, נאָר עס האָט נאָך געקענט אָבשטעהן אַ פופציג יאָהר אָדער נאָך מעהר. לאַווערעצקי איז דורכגעגאַנגען אַלע צימערן און, צו דער גרויסער אומרוהיגקייט פון די אַלטע, שוואַכע פלעגען מיט ווייסען שטויב אויפ'ן רוקען, וואָס זיינען באַוועגלאָז געשטאַנען אויף דער סטעלי, האָט ער געהייסען אויפעפענען אַלע פענסטער: פון גלאַפירא פּעטראָוונאַ'ס טוידט אָן האָט זיי קיינער ניט געעפענט. אַלעס אין הויז איז געבליבען ווי געווען; די דינפּיסיגע ווייסע קאַנאַפּקעלאַך, באַצויגענע מיט גרויען שטאָף, אָבגעריבענע און דורכגעזעצטע, האָבען דייטליך דערמאָנט אָן יעקאַטערינאַ'ס צייטען; אין גאַסט־צימער איז געשטאַנען די באַליעבטע שטוהל פון דער באַלעבאָסטע מיט אַ הויכען גלייכען פאַרענטש, אָן וועלכען זי פלעגט זיך ניט אָנשפּאַרען אַפילו אויף אויף דער עלטער. אויף דער הויפּט וואַנט האָט געהאַנגען אַן אַלט בילד פון פעאָדאָר'ס עלטער־זיידען, אַנדריי לאַווערעצקי; דאָס טונקעלע אויפגערעגטע געזיכט האָט זיך קוים אָפּגעטיילט פון דעם פּאָן, וואָס איז שוואַרץ געוואָרען און צובויגען; די קליינע, בייזע אויגען האָבען בייז אַרויסגעקוקט פון אונטער די אַראָפּהענגענדע ווי געשוואָלענע ברעמען: די שוואַרצע האָר אָהן פּודרע האָבען זיך אויפגעהויבען ווי אַ בערשטעל איבער'ן געשטיפּעלטען שטערן. ביים ברג פונ'ם בילד האָט געהאַנגען אַ קראַנץ פון פאַרשטויבטע אימאָרטעלען. „גלאַפירא פּעטראָוונא אַליין האָבען דאָס אויסגעפלאָכטען“. האָט אַנטאָן דערלייגט. אין שלאָף־צימער איז געשטאַנען אַ

שמאָלע בעטעל אונטער גאַרדינען, זעהר אַן אַלטמאָדישע נאָר פון זעהר גוטען שטרייפיגען מאַטעריאַל; אַ בערגעל אָפּגעבליאַקעוועטע קישעלאך און אַ זעהר שיטער קאָלדרעלע זיינען געלעגען אויפ'ן בע־טעל, און איבער'ן צוקאָפּענס איז געהאנגען דאַס הייליגע בילד „דער אריינפיהר אין טעמפעל פון דער הייליגסטער גאָט־געבוירע־רין", דאַס זעלביגע הייליגע בילד, צו וועלכען די אַלטע פאַרזעסענע מיידעל, שטאַרבענדיג אַליין און פון אַלעמען פאַרגעסען, האָט צום לעצטען מאָל צוגעלעגט די שוין גליווערענדע ליפּען. דאָס טואַלעט־טישעל צוזאַמענגעשטעלט פון שטיק־האָלץ, מיט קופּערנע בלעכלאך און אַ קרום שפּיעגעלע, שוין היבשלאך פאַרשוואַרצט, איז געשטאַ־נען נעבען פענסטער. נעבען שלאָף־צימער איז געווען אַ „אָבראַז"־צימערל, מיט הוילע ווענט און אַ שווערען קיאָט*) אין ווינקעל; אויף דער פּאָדלאָגע איז געלעגען אַן אָבגעריבענער, מיט וואַקס אויסגעפלעקטען טעפּיכל; גלאַפירא פּעטראָוונאַ פלעגט ביי די תפילות זיך אויף איהם בוקען. אַנטאָן איז מיט לאַווערעצקי'ם לאַקיי אוועק אויפשליסען דעם שטאַל פאַר די פערד; אויף זיין פּלאַץ איז געקומען אַן אַלטינקע, כמעט אין איינע יאָהרען מיט איהם, ארומגעבונדען מיט אַ פאַרטשיילע ביז איבער די ברעמען; דער קאָפּ איהרער האָט זיך געטרייסעלט, איהרע אויגען האָבען טעמפּ געקוקט, נאָר האָבען אויסגעדריקט פלייסיגקייט, די אַלטע געוועהנ־הייט צו דיענען געדולדיג, און אין דער זעלביגער צייט — עפּעס אַ מין העפליכען רחמנות. זי איז צוגעגאַנגען אַ קוש טאָן לאַווערעצקי'ם האַנט און איז אַזוי שטעהן געבליעבען ביים טיר אין ערוואַרטונג פון עפּעס אַ באַפעהל. ער האָט אַבסאָלוט ניט געדענקט, ווי מען האָט זי גערופען, אפילו ניט געדיינקט, צו ער האָט זי ווען ס'ניט איז געזעהען; ארויסגעוויזען האָט זיך, אַז מען האָט זי גערופען אַפּראַקסעיאַ; מיט אַ פערציג יאָהר צוריק האָט טאַקע גלאַפירא פּעטראָוונאַ זי פאַרשיקט פונ'ם פּריצישען הויף און זי געמאַכט פאַר אַן אויפזעהערין איבער די עופות; און וויעדער, גערעדט האָט זי ווינציג, — פּונקט ווי זי וואָלט געווען עובר־בטל — נאָר געקוקט אונטערטעניג. אחוץ אָט די צוויי אַלטינקע, און אַ דריי גראָב־

*) אָלמער פאַר הייליגע בילדער.

בייכיגע קינדערלאך, אנטאָנ׳ס אור־איינקלאך, האָט אויפ׳ן פריצי־
שען הויף געלעבט נאָך א פויער, מיט איין האנט נאָר און פריי פון
דער פריצישער ארבייט ; ער פלעגט פיסטשען ווי א פויגעל און
האָט צו קיין זאך ניט געטויגט ; עטוואס נוצליכער פון איהם איז
געוועזן דער אלטער הונט, וואס האָט מיט א בילעריי באגריסט לאור־
רעצקי׳ס צוריקקומען : שוין א יאהר צעהן, אז ער איז געשטאנען
אויף א גראָבער קייט, וואס מען האָט געקויפט אויפ׳ן באפעהל פון
גלאפירא פעטראָוונא, און האָט זיך שוין קוים־קוים געקענט ריהרען
און טראגען זיין משא. לאוורעצקי האָט באקוקט דאס הויז, ארויס־
געגאנגען אין סאָד און פוןביידע געבליבען צופריעדען. ער איז
דורכאויס געוועזן באוואקסען מיט קרייטיכער, שטעכילקעס, אגרע־
סען און מאלינעס־קוסטען ; נאר ס׳איז דארט געוועזן א סך שאָ־
טען, א סך אלטע לינדען־בוימער, וואָס האָבען איבעראשט מיט זייער
גרויסקייט און מאָדנעם סדר פון זייערע סוקעס ; מען האָט זיי
געהאט געזעצט צו געדיכט און זיי אמאָל — מיט א יאהר הונדערט
צוריק — ארומגעשוירען. דער סאָד האָט זיך פארענדיגט מיט א
קליין ליכטיג טייכעל, באזוימט מיט הויכען רויטען טשערעט. די
שפורען פונ׳ם מענשליכען לעבען ווערען שנעל פארווישט : דאס
גוט פון גלאפירא פעטראוונא האָט נאָך קיין צייט ניט געהאט פאר־
ווילדעוועט צו ווערען, נאָר איז שוין אריין אין א מין שטילען דרע־
מעל, אין וועלכען עס פאלט אריין אלעס אויף דער ערד, וואו
ס׳פעהלט נאָר דער מענשליכער אומרוהיגער גיפט. פעאָדאָר אי־
וואניטש האָט אויך געמאכט א שפאציער איבער׳ן דאָרף ; די
פויערטעס האָבען אויף איהם געקוקט פונ׳ם שוועל פון זייערע
שטיבלאך, אונטערשפארענדיג א באַק מיט דער האנט ; די פויערים
האָבען זיך פון דער ווייטען גענייגט ; די קינדער זיינען זיך צו־
לאפען ; די הינט האָבען גלייכגילטיג געהאווקעט. ענדליך האָט
זיך איהם פארוואלט עסען ; נאָר זיין דינערשאפט און קוכער האָ־
בען ערשט געדארפט קומען גענגען אווענט ; דער באגאזש מיט דעם
פראוויאנט פון לאוורעצקי איז נאָך ניט געהאט אָנגעקומען — הכלל,
מען האָט זיך געמוזט ווענדען צו אנטאָנען. אנטאָן האָט זיך גלייך
א נעהם געטאָן צו דער ארבייט : געכאפט א הון, זי געקוילעט
און אָפגעפליקט ; אפראקסעיא האָט זי לאנג געריבען און געוואשען

איידער זי האָט זי אַרייגגעלעגט אין פענדעל; ענדליך, ווען זי איז פארטיג געווארען, האָט אַנטאָן געגרייט צום טיש, אַוועקגעשטעלט פאר׳ן קרעדענץ א פארשווארצט געדעקט זעלצערל אויף דריי פּיס־לאַך און א קאַנטיג געשליפען פּלעשעל מיט א קיילעכדיגער גלעזער־נער פראָפּקע און מיט א דין העלדזעל; נאָכדעם האָט ער מיט א זינגענדיג קול דערלעגט לאַוורעצקי׳ן, אז דאס עסען איז פארטיג, — און זיך אליין אַוועקגעשטעלט הינטער זיין שטוהל, ארומגעוויקעלט זיין רעכטען פויסט מיט א סערוועטקע און פארשפּרייט ארום זיך אזא שארפען גערוך, ווי דער גערוך פון א קיפּאַריסען־בוים. לאַוו־רעצקי האָט פארזוכט די זופּ און זיך א נעהם געטאָן צו דער הון; איהר הויט איז געווען באַדעקט מיט גרויסע פעדער־בערגלאַך; א גראָבער אדער האָט זיך געצויגען אויף יעדער פיסעל, פונ׳ם פליישׁ האָט זיך געהערט מיט לויג און מיט פּלאַנצען־זאַפט. נאָכ׳ן מיטאג האָט לאַוורעצקי א זאָג געטאָן, אז ער וואלט געטרונקען טעה, ווען... „די מינוט ברענג איך“, — האָט איהם דער אלטער איבערגעשלאָ־גען, — און טאַקע מקיים געווען זיין הבטחה. מען האָט געפונען א לעק טעה, איינגעוויקלט אין א שטיקעל רויט פּאַפּיער, מען האָט געפונען א קליין, אבער גוואלדיג רוישיג סאַמאָווארעלע, מען האָט אויך אבגעזוכט עטליכע קליינע שטיקלאַך צוקער, וואס האָבען אויסגעזעהן פונקט ווי זיי וואלטען ארום אביסעל צוגאַנגען. לאַוו־רעצקי האָט זיך אָנגעטרונקען מיט טעה פון א גרויסער טאַסע; אָט די טאַסע האָט ער נאָך געדענקט פון זיין קינדהייט: שפּיעל־קארטען זיינען אויף איהר געווען אויסגעמאָהלט, און טרינקען פון איהר פלעגען נאָר געסט, — און ער האָט פון איהר געטרונקען ווי א גאסט. פאר נאכט איז אָנגעקומען די דיענערשאַפט; לאַוו־רעצקי האָט זיך ניט געוואלט לעגען אין דער מוהמע׳ס בעט; ער האָט געהייסען זיך אויסבעטען אין עס־צימער. ער האָט פארלאשען די ליכט, לאנג געקוקט ארום זיך און געשפּינט דעם אומעטיגען גע־דאנק; ער האָט דורכגעלעבט דעם געפיהל, וואס איז באקאנט יעדען מענשען, וועמען עס קומט אויס צו נעכטיגען אין א לאנג ניט באוואוינטען אָרט; איהם האָט זיך געדאכט, אז די פינסטערניש, וואס האָט איהם ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, קען זיך ניט צו־געוועהנען צום נייעם קווארטיראַנט, אז די ווענט אליין זיינען עפּעס

אין א פארלעגענהייט. ענדליך, האט ער א זיפץ געטאן, ארויפגע־צויגען אויף זיך די קאלדרע און איז איינגעשלאפען. אנטאן האט זיך לענגער פון אלעמען ארומגעדרעהט; ער האט זיך א סך גע־שושקעט מיט אפראקסעי'ען, שטילינקערהייד געקרעכצט, א פאר מאל זיך איבערגעצלם'ט; זיי האבען ביידע ניט ערוואַרט, אז דער פריץ זאל זיך באזעצען ביי זיי אין וואסיליעווסקאיא, ווען דא ניט ווייט האט ער אזא פיינעם גוט מיט אן אויסגעצייכענט איינגעאר־דענטען הויף; זיי האבען אפילו ניט געהאט קיין פארדאכט, אז עס איבעלט לאווּרעקצי'ן פון אט דעם הויף: ער האט אין איהם ערוועקט שמערצפולע ערינערונגען. זיך אנגעשושקעט איבער גע־נוג, האט אנטאן גענומען דעם שטעקען, א קלאפ געטאן עטליכע מאל איבער דעם הענגענדען און שטומען ברעטעל ביים שפייכלער און טאקע אט דא אין דרויסען אנדרעמעלט געווארען און אפילו ניט צוגעדעקט זיין ווייסען קאפ. די מאי־נאכט איז געווען שטיל און צערטליך, — און דער אלטער איז געשמאק געשלאפען.

## 20.

אויפ'ן צווייטען טאג איז לאווּרעצקי אויפגעשטאנען גאנץ פריה, האט זיך דורכגעשמועסט מיט'ן סטאראסטא, געווען אין שייער, באפוילען אראפנעמען די קייט פונ'ם הויף־הונט, וועלכער האט נאר א האווקע געטאן אביסעל, נאר איז אפילו ניט אבגעגאנגען פון זיין ביידעל; — און צוריקקומענדיג אהיים איז ער אריינגעפאלען אין עפּעס א מין פריעדליכער פארשטיינערונג, פון וועלכער ער איז שוין ניט ארויס דעם גאנצען טאג. ער איז געזעסען נעבען פענס־טער, זיך ניט געריהרט, ווי ער וואלט זיך צוגעהערט צום לויף פונ'ם שטילען לעבען, וואס האט איהם ארומגערינגעלט, צו די זעלטענע קלאנגען פון דער דארפישער שטילקייט. אט זינגט דארט עמיצער ערגעץ הינטער דער קראפּיווע מיט א דין־דינינק קולכעלע; דער מוק כאפּט דאס אונטער. אט איז שטיל געווארען, נאר דער מוק פּיסטשעט נאך אלץ; דורך דעם ענערגישען, לאנגווייליגען און טרויעריגען זשושזען פון די פליגען הערט זיך דער גערויש פון א גראָ־בער ביהן, וואס האט זיך געהאלטען אין איין שטויסען מיט'ן קאפּ

אין דער סטעלי; אין גאס האָט א קרעה געטאָן א האָן, און הייזעריג אויסגעצויגען דעם לעצטען נאָט; א וואגען איז קלאפּענדיג דורכגעפאהרען; אויפ'ן דארף סקריפּען די טויערן. „וואסי?“ האָט פּלוצלונג דורכגעציטערט א פרויען־קול. „אך, דו קרוינעלע מיינס“, האָט אנטאָן א זאָג געטאָן צום צוויי־יאהריגען מיידעלע, וואָס ער האָט געצערטעלט. „ברענג קוואס“, — האָט ווידערהאָלט די זעלביגע פרויען־שטימע, — און פּלוצלונג קומט אן א טוידטע שטילקייט; קיין זאך קלאפּט ניט, ריהרט זיך ניט; דער ווינט זאל א בלעטעל באַוועגען. די שוועלבעלאך טראגען זיך איינע נאָך דער אנדערער איבער דער ערד, טוען אפילו קיין פּיפּס ניט, און עס ווערט אזוי טרויעריג אויף דער נשמה פון זייער שטילען און פּלוצליכען פליה. „אָט בין איך אויפ'ן דעק פונ'ם טייך, — טוט ווידער לאוורעצקי א קלער. — און שטענדיג, צו יעדער צייט איז דאס לעבען דא שטיל, ניט רוישיג, — קלערט ער: — ווער עס געהט אריין אין דעם קרייז, מוז זיך אונטערגעבען: עס איז דאָ ניטאָ צוליעב וואָס זיך קאָכען, ניטאָ וואָס אויפשטורמען; דאָ איז נאָר יענער ערפאלגרייך, ווער עס טרעט זיך אוים זיין שטעג ניט איילענדיג, ווי דער פויער ביים אַקער. און ס'אָרא קראפט דאָ איז ארום, ס'אָרא מין געזונט עס ליגט אין דער אומבאוועגליכער שטילקייט! אָט דאָ אונטער'ן פענסטער שפּארט זיך ארוים א דיקער קרייטער פון דעם געדיכטען גראָז; איבער איהם ציהט אוים דאס ליעב־שטעקעל*) זיין זאפטיגען שטענגעל, דער הייליגער מוטער'ס טרערעלאך**) ווארפען נאָך העכער ארוים זייערע ראָז־קאָלירטע לאָקען; און דאָרט, ווייטער, אין די פעלדער, גלאנצט דאס קאָרן, דער האָבער שפּארט זיך שוין אין רערעלע, און עס שפּרייט זיך אין דער גאנצער ברייט זיינער יעדעס בלעטעל אויף יעדען בוים, יעדעס גרעזעלע אויף זיין שטענגעלע. „אויף פרויען־ליבע זיינען אוועק מיינע בעסטע יאהרען, — האָט ווייטער לאוורעצקי געקלערט: — טאָ זאָל מיך דער אומעט דאָ אויספּריהרען, מיך בארוהיגען, מיך צוגרייטען דערצו, אז איך זאל קענען גיט איילענדיג טאָן אן ארבייט“. און

*) אַזאַ פלאַנץ.

**) אזעלכע בלימעלאך.

ווידער נעהמט ער זיך צוהערען צו דער שטילקייט, ווי ער וואלט אויף גאר ניט געווארט און יא אויף עפעס געווארט: די שטיל־קייט כאפט איהם ארום פון אלע זייטען, די זון גליטשט זיך שטיל איבער'ן רוהיגען הימעל און שטיל שווימען אויף איהם די וואל־קענס; עס דוכט זיך, זיי ווייסען וואוהין און נאך וואס זיי שווי־מען. אין דער זעלביגער צייט זידט דאס לעבען און איילט זיך און שטורעמט, אין אנדערע פלעצער אויף דער ערד; אט דא פליסט דאס זעלביגע לעבען שטיל ווי וואסער איבער זומפיג גראז; און ביז דער אווענט איז צוגעפאלען, האט לאווערעצקי זיינע אויגען ניט געקענט אברייסען פון אט דעם אוועקגעהענדען אבשטראמענדען לעבען; דער וועהטאג פון דער פארגאנגענהייט האט געהאלטען אין צוגעהן אין זיין נשמה, ווי דער פריהלינגס־שנעה, — און א מאדנע זאך! — קיינמאהל איז ביי איהם ניט געווען אזוי טיעף און שטארק דער געפיהל פון דער היים.

## 21

אין א משך פון צוויי וואכען האט פעאדאר איוואניטש געבראכט אין ארדנונג דאס שטיבעל פון גלאפירא פעטראוונא, אפגערייניגט דעם הויף, דעם סאד; פון לאווריקי האט מען איהם געבראכט באקוועמע מעבעל, פון שטאדט — וויין, ביכער און זשורנאלען; אין שטאל האבען זיך באוויזען פערד; מיט אייןווארט, פעאדאר איוואניטש האט זיך באזארגט מיט אלעם נוי־טיגען און אנגעפאנגען צו לעבען — ווי א האלבער פריץ, א האל־בער נזיר. זיינע טעג זיינען אוועק איינארטיג; נאר ער האט ניט געבייינקט, הגם ער האט קיינעם ניט געזעהן; ער האט פלייי־סיג און אויפמערקזאם זיך באשעפטיגט מיט באלעבאטישקייט, געריטען אויף פערד אין דער ארומיגער געגענד, געלייענט. אגב, געלייענט האט ער ווייניג: איהם איז געווען מעהר אנגענעהם צו הערען די דערצעהלונגען פונ'ם אלטען אנטאן. געוועהנטליך פלעגט לאווערעצקי זיך אוועקזעצען מיט א ליולקע טאבאק און א קאלטע טאסע טעה נעבען פענסטער; אנטאן פלעגט זיך אוועק־שטעלען ביי דער טיר, פארלעגען די הענט אויפ'ן רוקען, — און

אָנפּאנגען זיינע אומגעאיילטע דערצעהלונגען, וועגען אמאָליגע
צייטען, וועגען יענע לעגענדאַרע צייטען, ווען האָבער און קאָרן
פלעגט מען פארקויפען ניט אויפ׳ן מעסטעל, נאָר אויפ׳ן זאַק, אַ
גרויסען זאַק פאר צוויי־דריי קאָפּיקעס; ווען אין אַלע זייטען,
אפילו נאָהענט צום שטאָדט, פלעגען זיך ציהען אומגעהייער־גע־
דיכטע וועלדער, נאָך ניט קיין באריהרטע סטעפּען. „אָבער איצ־
טער, — פּלעגט זיך קלאָגען דער אַלטער, וואָס האָט שוין אריבער־
געשפּאַנט זיינע אַכציג יאָהר: — האָט מען אזוי אַלעם אויסגע־
האקט, צוּאַקערט, אַז ס׳איז ניטאָ וואו דורכצופאָהרען”. אַנטאָן
פלעגט אויך אַ סך דערצעהלען וועגען זיין באַלעבאָסטע גלאפירא
פּעטראָוונא: ס׳אָרא אַ באטראכטע זיי זיינען געווען און אַן אייג־
שפּאָרעין; ווי אזוי עפּעס אַ פּריץ, אַ יונגער שכן, פלעגט זיך
וועלען צושאַרען צו זיי, אָפּט קומען צו־גאַסט, — און ווי זיי
פלעגען שוין אפילו צוליעב איהם זיך פּארפּוצען אינ׳ם יום־טוב׳־
דיגען טשיפּיק מיט קאָלירטע בלענדעלאך און אין אַ געלער קלייד
פון טערקישען צייג; נאָר דערנאָך זיינען זיי אין כעס געוואָרען
אויפ׳ן פּריץ דעם שכן פאר דער אומאַנשטענדיגער פּראגע: „ווי
פיעל אַן ערד קען ביי אייך זיין קאַפּיטאל, פּריצה?” האָבען זיי
באַפעהלען ניט אַריינלאָזען איהם מעהר אין הויז, און ווי זיי האָ־
בען דעמאָלט שוין באַפעהלען, אַז אַלעס, איבער הונדערט יאָהר,
ביז דעם קלענסטען שמאטקעלע, זאָל איבערגעגעבען ווערען פעאָ־
דאָר איוואַניטש׳ען. און ווירקליך, לאַוורעצקי האָט געטראָפען
דער מוהמעס פולע באלעבאטישקייט גאַנץ, אפילו דעם יום־טוב׳־
דיגען טשיפּיק מיט די קאָלירטע בלענדעלאך און דאָס געלע קלייד
פון טערקישען צייג. קיין אַלטע פּאַפּירען און נייגעריגע דאָקו־
מענטען זיינען, געגען לאַוורעצקי׳ס ערוואַרטונג, דאָרט ניט געווען,
אחוץ עפּעס אַן אַלט ביכעל, אין וועלכען זיין זיידע, פּעטער אַנ־
דרייאיטש, פלעגט אריינשרייבען — אמאָל „די פייערונג אין דער
שטאָדט סאנקט פּעטערבורג פונ׳ם וואַפּענשטילשטאַנד, וועלכען
זיין לויטערקייט דער פירשט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש
פּראָזאָראָווסקי האָט געשלאָסען מיט דער טערקישער אימפּעריע”;
אמאָל אַ רפואה צו האַרץ־ברענונג מיט אַ באמערקונג: „אָט די
סגולה איז געגעבען געוואָרען צו דער גענעראַלשע פּראַסאָקוויאַ

פעאָדראָוונאַ סאלטיקאָווא פונ'ם פּראָטאָפּרעסוויטער *) פון דעם קלויסטער לעבענס־אָנפאַנגונגען פון דער דרייאייניגקייט, פעאָדאָר אווקסענטיעוויטש"; אַמאָל אַזאַ מין פּאָליטישע נייס: „וועגען די טיגערן פראנצויזען איז עפּעס שטיל געוואָרען"; — און טאַקע דערביי: „אין די מאָסקאָווסקיע וויעדאָמאָסטי איז אָנגעוויזען, אַז דער הער פּרעמיער־מאיאָר מיכאַאיל פּעטראָוויטש קאליטשעוו איז געשטאָרבען. איז דאָס ניט פּעטער וואסיליעוויטש קאַלי־טשעוו'ס אַ זוהן?" לאַוורעצקי האָט אויך געפונען עטליכע אַלטע לוחות און פּתרון חלומות־ביכלאַך און דאָס מיסטעריעזע ווערק פון הער אמבאדיק; אַ סך ערינערונגען האָבען אין איהם ער־וועקט די לאַנג־פאַרגעסענע, נאָר באַקאַנטע: „סימוואָלען און עמבלעמען". אינ'ם טואַלעט־טישעל פון גלאַפירא פּעטראָוונא האָט לאַוורעצקי געפונען אַ קליין פּעקעלע, פּארבונדען מיט אַ שוואַרץ בלענדעלע, פאַר'חתמ'עט מיט שוואַרצען טריף־וואַקס און פאַר־שטופּט ווייט אַרויף אין שיפלאָד. אין פּעקעלע זיינען געלעגען פּנים צו פּנים דאָס בילד פון זיין פאָטער אין דער יוגענד, געמאָלט אין וואסער קאָלירען, מיט ווייכע לאָקען, צושאָטען איבער'ן שטע־רען, מיט מאַטע אויגען און אַ האַלב־צועפענט מויל, — און כמעט אַן אָפּגעריבען בילד פון אַ בלאַסער פרוי אין אַ ווייס קלייד, מיט אַ ווייסער ראָזע אין האַנט, — פון זיין מוטער. זיך אַליין פאָטאָ־גראַפירען האָט גלאַפירא פּעטראָוונאַ קיינמאָל ניט געלאָזט. „איך, פאָטערל, פעאָדאָר איוואַניטש, — פלעגט אַנטאָן זאָגען לאַוו־רעצקי'ן, — כאָטש אין פּריצעשען הויף בין איך נאָך דעמאָלט ניט געוועזן, געדענק פונדעסטוועגען אייער זיידען, אַנדריי אַפאַנאַ־סיעוויטש, — ווי ידען: איך בין אַלט געוועזן דאָס אַכצעהנטע יאָהר ווען זיי זיינען געשטאָרבען. איינמאָל האָבען זיי מיך גע־פּאַקט אין סאַד, האָבען די קניע מיר אַזש אָנגעהויבען צו' ציי־טערן; פונדעסטוועגען האָבען זיי גאָרניט געזאָגט, נאָר געפרעגט ווי אַזוי איך הייס, — און מיך אַריינגעשיקט אין זייערע פּאָ־קאָיעם נאָך אַ נאָז־טיכעלע. אַ פּריץ איז ער געוועזן, וואָס איז דאָ צו ריידען, — קיין עלטערס פון זיך האָט ער ניט געוואוסט. ווייל

*) אַ הויכער גייסטליכער אין דער פּראַוואָסלאַווער קירך.

ס'איז געווען, לאָם איך אייך זאָגען, ביי אייער עלטער־זיידען אַזאַ חדושליכע שמירה; אַ מאָנאַך פון דעם בארג אפאָן האָט זי איהם געגעבען. און גענאָגט האָט איהם אָט דער דאָזיגער מאָנאַך: דאָס, פּריץ, שענק איך דיר פאַר דיין גוטהערציגקייט; טראָג דאָס, — און האָב ניט מורא פאַר קיין געריכט. נו, פּאָטערל, דעמאָלט, ווייסט מען דאָך ס'אַרא צייטען ס'זענען געווען: וואָס דער פּריץ האָט געוואָלט דאָס האָט ער געטאָן. אמאָל, אז ס'איז אפילו אַ פּריץ איינעפאַלען זיך שטעלען זיי אַנטקעגען, פלעגען זיי נאָר אַ קוק טאָן אויף אהים און אַ זאָג טאָן: דו קריכער! אָט דאָס איז טאַקע געווען זייער באַליעבט וואָרט. און געוואוינט האָט אייער עלטער זיידע, עליו השלום, אין אַ היל־צערנעם קליינעם הויף, אָבער ס'אַרא גוטס ער האָט נאָך זיך גע־לאָזט, ווי פיעל זילבער און זאַכען פאַרשיעדענע — אַלע קעלערן אָנגעטאַסעוועט! אַ באַלעבאָס געווען. אָט דאָס פלעשעל טאַקע, וואָס ס'איז אייך אַזוי געפעלען, איז אויך זייערס געווען: פון דעם פלעגען זיי טרינקען בראַנפען. נאָר אייער זיידע, פּעטער אַנדרייאַיטש, האָט זיך שוין אַוועקגעשטעלט אַ פאַלאַץ אַ שטיי־נערנעם, אָבער קיין גוטס האָט ער ניט אָפּגעשפּאָרט; אַלעס איז ביי זיי אַוועק מיט דער פוטער אַראָפּ; און געלעבט האָבען זיי ערגער פונ'ם פּאָטער און קיין פאַרגעניגען זיך ניט אָנגעטאָן, — אָבער דאָס גאַנצע געלט פאַרטאַכלעוועט, קיין זאַך ניט געבליבען איהם צו דערמאָנען, קיין איין זילבערנע לעפעל אפילו ניט, — ס'איז נאָך עפּעס אַ נס, וואָס גלאַפירא פּעטראָווגאַ האָט אַכטונג געגעבען.

— איז טאַקע אמת, — שלאָגט איהם לאַווריעצקי איבער: — אז מען פלעגט איהר רופען אַלטער דראָנג?

— אָבער ווער האָט דאָס איהר אַזוי גערופען! — ענטפערט אַנטאָן מיט אומצופרידענהייט.

— און וואָס, פּאָטערל, — האָט איינמאָל דער אַלטער באַ־שלאָסען צו פרעגען: — וואו וואוינט איצטער אונזער פּריצטעלע?

— איך האָב זיך גע'גט מיט דער ווייב, — האָט לאַווריעצקי מיט אַן אָנשטרענגונג אַרויסגעזאָגט: — איך בעט דיך, פרעג מעהר ניט אויף איהר.

— גוט, — האָט דער אַלטער טרויעריג געענטפערט.

אין אַ דריי וואָכען אַרום איז לאַווּרעצקי זיך דורכגעפאָהרען רייטענדיג אין דער שטאָדט אַ..., צו די קאַליטינס, און דאָרטען פאַרבראַכט אַן אָוונט. לעמם איז ביי זיי געוועזען; ער איז זעהר געפעלען געוואָרען לאַווּרעצקי'ן. הגם ער האָט, אַ דאַנק זיין פאָטער, ניט געשפּיעלט אויף קיין אינסטרומענט, אָבער מוזיק, ריכטיגע, קלאַסישע מוזיק, האָט ער היים ליעב געהאַט. פּאַנשין איז אין יענעם אָוונט ביי די קאַליטינס ניט געווען. דער גובערנאַטאָר האָט איהם ערגעץ געשיקט אויסערן שטאָדט. ליזאַ האָט געשפּיעלט אַליין און זעהר דייטליך; לעמם איז לעבעדיגער געוואָרען, זיך צוהיצט, איינגעקאַטשעט אַ שטיקעל פּאַפּיער אין אַ רערעלע און דיריגירט. מאַריאַ דמיטריעוונאַ האָט פריהער געלאַכט אויף איהם קוקענדיג און דערנאָך איז זי אוועק שלאָפען; בעטכאָווען האָט, לויט איהרע ווערטער, צופיעל אויפגערעגט איהרע נערוועז. אַרום האַלבע נאַכט האָט לאַווּרעצקי באַגלייט לעמם'ן אַהיים און איז ביי איהם אָפּגעזעסען ביז דריי אַזייגער פאַרטאָג. לעמם האָט אַ סך גערעדט; זיין קרומע פּלייצע האָט זיך אויסגעגלייכט, די אויגען ברייט פאַנאַנדערגעעפענט און צוגלאַנצט; אַפילו די האָר האָבען זיך אַביסעל אונטערגעהויבען אויפ'ן שטערן. שוין אַזוי לאַנג, אַז קיינער האָט אין איהם קיין אַנטייל ניט גענומען, אָבער לאַווּרעצקי, ווייזט אויס, האָט זיך מיט איהם פאַראינטערעסירט, זאָרגפעלטיג און אויפמערקזאַם איהם אויסגעפרעגט. דעם אַלטען האָט דאָס גערירט; געענדיגט האָט ער דערמיט, וואָס ער האָט געצייגט דעם גאַסט זיין מוזיק, געשפּיעלט און אַפילו אויסגעזונגען מיט אַ טויטליכען קול עטליכע אויסצוגען פון זיינע פאַרפאַסונגען, אגב אַ גאַנצע לעגענדע פון שיללער'ן, וואָס ער האָט איבערזעצט אין מוזיק: פרידאָלין. לאַווּרעצקי האָט איהם געלויבט, געבעטען דאָס נאַכאַמאָל איבערשפּיעלען און, אַוועקפאָהרענדיג, איהם איינגעלאַדען צו זיך צו גאַסט אויף עטליכע טעג. לעמם האָט איהם באַגלייט ביז דער גאַס, האָט באַלד איינגעשטמיט און קרעפטיג אַ דריק געטאָן זיין האַנט; נאָר בלייבענדיג אַליין אויף דער פרישער, פייכטער לופט, בעת ס'האָט שוין אָנגעהויבען צו זשאַריען אויף טאָג, האָט ער זיך אומגעקוקט,

פאַרפּליסטשעט מיט די אויגען, זיך איינגעהויקערט און, ווי אַ שולדיגער, זיך אוועקגעשלעפּט צו זיך אין צימער: „איך בין וואָהל ניכט קלוג“ (איך בין ניט ביים זינען) האָט ער ארויסגעשטאַמעלט און זיך אַוועקגעלעגט אויף זיין האַרטער קורצער בעטעל. ער האָט פּראָבירט זיך קראַנק מאַכען, ווען אין עטליכע טעג ארום איז לאַוורעצקי צו איהם פאַרפאָהרען אין אַ קאַרעטע, נאָר פּעטראָר איוואַניטש איז אריין צו איהם אין צימער און איהם איבערגערעדט. שטאַרקער פון אַלעם האָט אויף לעמם'ן געווירקט דער אומשטאַנד, וואָס לאַוורעצקי האָט ספּעציעל צוליעב איהם געהייסען ברענגען אַ פּיאַנאָ פון'ם שטאָדט. זיי זיינען ביידע אוועק צו די קאַליטינס, פאַרבראַכט דאָרטען דעם אָוונט, נאָר שוין ניט אַזוי אַנגענעהם, ווי דעם לעצטען מאָל. פּאַנשין איז דאָרט געוועזן, אַ סך דערצעהלט וועגען זיין רייזע, זייער קונציג איבערגעקרימט און פאָרגעשטעלט די פּריצים, וואָס ער האָט געזעהן; לאַוורעצקי האָט געלאַכט, נאָר לעמם איז פון זיין ווינקעל ניט ארויסגעגאַנגען, געשוויגען און שטיל זיך איינגאַנצען באַוועגט, ווי אַ שפּין, געקוקט טרויעריג און טעמפּ, און איז ערשט לעבעדיגער געוואָרען, ווען לאַוורעצקי האָט זיך אָנגעפאַנגען צו געזעגנען. אפילו זיצענדיג שוין אין קאַרעטע, האָט דער אַלטער זיך נאָך אַלץ געקאַרטשעט און עפּעס געוואָלט אַלעם אויסמיידען; נאָר די שטיליע, וואַרעמע לופט, דאָס גרינגע ווינטעלע, די גרינגע שאָטענס, דער גערוך פון גראָז און בערעזע־קנאָספּען, דער פריעדליכער שיין פון דעם לבנה'לאָזען אויסגעשטערנטען הימעל, דאָס העפטיגע טופּען און כראָפּען פון די פערד, דער גאַנצער כשוף פון'ם וועג, פריהלינג און נאַכט האָט אַראָפּגענידערט אויף דער נשמה פון'ם אָרעמען דייטש, און ער האָט אַליין דער ערשטער אָנגעפאַנגען ריידען צו לאַוורעצקי'ן.

22

גערעדט האָט ער וועגען מוזיק, וועגען ליזאַ'ן, נאָכדעם נאָכאַמאָל וועגען מוזיק. בעת ער האָט גערעדט וועגען ליזאַ'ן האָט ער די ווערטער ארויסגעלאָזט עפּעס געלאַסענער, פּאַמעלאַך. לאַוורעצקי האָט ארויפגעפיהרט דעם געשפּרעך וועגען זיינע ווערק און,

האלב אין שפאס, איהם פארגעלעגט אנצושרייבען פאר איהם א ליברעטטא.

— הם, א ליברעטטא! — האט לעמם געענטפערט: — ניין, דאס איז ניט פאר מיר: איך באזיץ שוין ניט יענע לעבעדיגקייט, יענעם סארט שפיעל פון דער איינבילדונג, וואס איז נויטיג פאר דער אפערא; איך האב שוין איצטער אנגעוואוירען מיינע קרעפ־טען... נאר ווען איך וואלט קענען עפעס טאן, וואלט איך זיך באַ־נוגענט מיט א ראמאנס; פארשטעהט זיך, איך וואלט געוואלט האבען גוטע ווערטער...

ער איז אנטשוויגען געווארען, לאנג געקוקט אומבאוועגליך, מיט די אויגען ארויף צום הימעל.

— למשל, — האט ער ענדליך א זאג געטאן: — עטוואס אויף דעם ארט: איהר שטערען, א, איהר רייניגקע שטערען?...

לאווריעצקי האט זיך עטוואס אויסגעדרעהט צו איהם מיט'ן פנים און אנגעפאנגען אויף איהם צו קוקען.

— איהר שטערען, רייניגקע שטערען, — האט לעמם וויע־דערהאלט. איהר קוקט אלץ־איינס אויף צדיקים און רשעים... אבער נאר די רעכטפארטיגע, — אדער עטוואס אנדערעס פון אט דעם מין... פארשטעהען איך, ד. ה., ניין, — האבען אייך ליעב. אלענפאלס, איך בין ניט קיין פאעט, — ווי קום איך צו דעם! נאר עטוואס פון אט דעם מין, עטוואס ערהאבענעס.

לעמם האט ארויפגערוקט דעם הוט אויפ'ן קארק; אין דער דינער פינסטערניש פון דער ליכטיגער נאכט האט זיין פנים אויס־געזעהן בלאסער, יונגער.

— און איהר אויך, — האט ער פארטגעזעצט און זיין קול איז וואס ווייטער שטילער געווארען:

— איהר ווייסט, ווער עס האט ליעב, ווער עס קען ליעב האבען, דערפאר ווייל איהר זיינט ריינע, איהר נאר אליין קענט טרייסטען... ניין, דאס איז אלץ ניט דאס! איך בין ניט קיין פאעט, — האט ער א זאג געטאן; נאר עטוואס אויף דעם ארט...

— עס טוט מיר לייד וואס איך בין אויך ניט קיין פאעט, — האט לאווריעצקי באמערקט.

— פוסטע פאנטאזיעס! — האט לעמם געענטפערט און

זיך טיעפער אריינגערוקט אין ווינקעל פון דער קארעטע. ער האט צוגעמאכט די אויגען, ווי ער וואלט זיך קלייבען איינשלאפען.

עס זיינען אוועק עטליכע סעקונדען... לאווערעצקי האט זיך איינגעהערט... „שטערען, רייניקע שטערען, ליעבע", האט דער אלטער געמורמעלט.

„ליעבע", האט לאווערעצקי פאר זיך ווידערהאלט, זיך פאר־טראכט, און ס'איז איהם שווער געווארען אויף דער נשמה.

— א זעהר גוטע מוזיק האט איהר אנגעשריבען פאר דער פרידאלינא, קריסטאפאר פעדאריטש, — האט ער א זאג געטאן הויך: — און ווי דענקט איהר, אט דער פרידאלין, נאכדעם ווי דער גראף האט איהם געבראכט צו זיין פרוי, א יא ער איז גע־ווארען איהר געליעבטער, — הא?

— דאס דענקט איהר אזוי, — האט לעמם געענטפערט, ווייל, מסתמא, די ערפאהרונג...

— ער איז פלוצלונג אנטשוויגען געווארען און אין פאר־ווירונג זיך אפגעווענדט. לאווערעצקי האט זיך געצוואונגען צו לאכט, זיך אויך אפגעווענדעט און אנגעפאנגען צו קוקען אויפ'ן וועג.

די שטערען האבען שוין אנגעהויבען בלאסער צו ווערען און דער הימעל איז געווארען אלץ גרויער, בעת די קארעטע איז צו־געפאהרען צום גאניק פון שטיבעל אין וואסיליעווסקאיע. לאוו־רעצקי האט אריינגעפיהרט זיין גאסט אינ'ם צימער, וואס ער האט פאר איהם באשטימט, צוריקגעקומען אין קאבינעט און זיך אוועק־געזעצט נעבען פענסטער. אין סאד האט דער נאכטיגאל געזונ־גען זיין לעצט פארטאגעדיג ליעד. לאווערעצקי האט זיך דער־מאנט, אז אויך ביי די קאליטינס אין סאד האט געזונגען א נאכ־טיגאל; ער האט זיך אויך דערמאנט אן דער שטילער באוועגונג פון ליזא'ס אויגען, ווען, ביי די ערשטע קלאנגען זיינע, האבען זיך אלע געווענדעט צום טונקעלען פענסטער. ער האט זיך פאר־טראכט וועגען איהר הארץ און זיין הארץ איז אין איהם שטיל געווארען: „א ריינע מיידעל", — האט ער שטיל א זאג גע־טאן: — רייניקע שטערען", האט ער צוגעזעצט מיט א שמייכעל און רוהיג זיך געלעגט שלאפען.

לעמם אָבער איז נאָך לאַנג געזעסען אויף זיין בעטעל, מיט א נאַטען־העפטעל אויף זיינע קניע. עס האָט אויסגעזעהן, אַז אַן אומגעוועהנטליכע זיסע מעלאָדיע האָט זיך געקלויבען צו איהם צו־גאַסט: ער האָט שוין געברענט און געשטורמט, ער האָט שוין געפיהלט די מיעדקייט און זיסקייט פון איהר נאָהענטקייט... נאָר ער האָט זיך ניט דערוואַרט אויף איהר.

„ניט קיין פּאָעט און ניט קיין מוזיקער!" האָט ער ענדליך ארויסגעמורמעלט...

און דער מיעדער קאָפּ זיינער האָט זיך שווער אראָפּגעלאָזט אויף דער קישען.

## 23

דעם צווייטען אינדערפריה האָט דער באַלעבאָס און גאַסט געטרונקען טעה אין סאָד אונטער דעם אַלטען לינדען־בוים.

— מאַעסטרא! — האָט אַזוי זיך לאַווּרעצקי א זאָג גע־טאָן: — איהר וועט אין גיכען דארפען פאַרפאַסען א פייערליכע קאַנטאַטא.

— לכבוד וואָס פאַר אַן אַנגעלעגענהייט?

— לכבוד דער חתונה פון פּאַנשינען מיט ליזאַ'ן. האָט איהר באַמערקט ווי ער האָט נעכטען זיך גע'שדכנ'ט צו איהר? ווייזט אויס, אַז אַלעס איז שוין ביי זיי אויף א שטיינער.

— דאָס וועט ניט זיין! — האָט לעמם אויסגעשריען.

— פאַרוואָס?

— דערפאַר, וואָס דאָס איז אוממעגליך. און ווייעדער, — האָט ער צוגעלעגט עטוואָס שפּעטער: — אויף דער וועלט איז אַלעס מעגליך. ספּעציעל דאָ ביי אייך, אין רוסלאַנד.

— לאָמיר רוסלאַנד דערווייל אוועקשטעלען אַן א זייט; נאָר וואָס פאַר א שלעכטעס געפינט איהר אין אָט דער חתונה?

— אַלעס איז שלעכט. ליזאַוועטא מיכאַילאָוונא איז אַן אָרענטליכע פריילין, אַן ערנסטע, מיט ערהאבענע געפיהלען, — און ער... ער איז א די־לע־טאַנט, און א סוף.

— זי האָט איהם אָבער ליעב?

לעמם האָט זיך אויפגעשטעלט פונ׳ם בענקעל.

— ניין, זי האָט איהם ניט ליעב, דאָס הייסט, זי איז זעהר ריין און ווייסט אַליין ניט, וואס עס באַטייט: ליעב האָבען מאדאם פאָן קאַליטין זאָגט איהר, אז ער איז א ווילער יונגער־מאַן, און זי פאָלגט מאדאם פאָן קאַליטין, דערפאַר, וואָס זי איז נאָך גאָר אַ קינד, כאָטש זי איז שוין אלט ניינצעהן יאָהר: זאָגט די תפילות אין־דער־פריה און אין אָווענט, — און דאָס איז זעהר ליבענסווערטה, נאָר זי האָט איהם ניט ליעב. זי קען ליעב האָ־בען נאָר דאָס שעהנע, און ער איז ניט שעהן, ד. ה. די נשמה זיינע איז ניט שעהן.

לעמם האָט געהאַלטען אָט די גאנצע רעדע פליסיג און מיט היץ, ארומגעהענדיג מיט קלייניגקע טריט הין און צוריק פאר דעם קליינעם טעה־טישעל און לויפענדיג מיט די אויגען איבער דער ערד.

— טייערסטער מאעסטרא! — האָט פלוצלוסנג לאוורעצקי אויסגעשריען: — מיר דוכט, אז איהר זייגט אַליין פארליעבט אין מיין קוזינע.

לעמם האָט זיך פלוצלינג אבגעשטעלט.

— איך בעט איך, — האָט ער אנגעפאנגען מיט ניט קיין פעסטער שטימע: — שפּאַסט ניט אזוי פון מיר. איך בין ניט משוגע; איך זעה שוין דעם פינסטערן קבר, ניט קיין ראָז־קאָליר־טע צוקונפט.

לאוורעצקי האָט רחמנות געקראגען אויפ׳ן אלטען; ער האָט ביי איהם געבעטען אום ענטשולדיגונג. לעמם האָט נאָך דער טעה איהם פארגעשפיעלט זיין קאנטאטע, און ביים מיטאג־מאהלצייט, ארויסגערופען טאקע ווידער דורך לאוורעצקי׳ן, האָט ער נאָכאַמאָל זיך צורעדט וועגען ליזא׳ן. לאוורעצקי, האָט איהם אויסגעהארכט אויפמערקזאם און נייגעריג.

— ווי דענקט איהר, קריסטאָפאָר פעדאָריטש, — האָט ער ענדליך א זאג געטאָן: — ביי אונז איז דאָך איצט אַלעס, דאכט זיך, אין ארדנונג, דער סאָד אין גאנצען צובליהט... אפשר וואָלט איך זי איינגעלאדען אהערצו אויף א טאג, צוזאמען מיט איהר מו־

מער און מיין אלטער מוחמע, — הא? אייך וואלט דאס געוועז אנגענעהם?

לעמם האט איינגעבויגען דעם קאפ איבער'ן טעלער.

— לאדט איין, — האט ער א זאג געטאן קוים הערבאר.

— און פאנשינ'ען דארף מען ניט?

— מען דארף ניט, — האט דער אלטער א זאג געטאן מיט כמעט א קינדערשען שמייכעלע.

אין א פאר טעג ארום איז פעדאר איוואניטש אוועק אין שטאדט צו די קאליטינס.

## 24.

ער האט אלעמען געטראפען אין דער היים, נאר ער האט ניט גלייך זיי ערקלערט זיין אבזיכט: ער האט פריהער געוואלט מיט ליזא'ן אליין זיך דורכריידען. א צופאל האט איהם ארויסגעהאל־פען: מען האט זיי ביידען אליין געלאזט אין גאסט־ציעמר. זיי האבען זיך צורעדט; עס האט זיך איהר שוין איינגעגעבען זיך צו־געוועהנען צו איהם, — און בכלל האט זי קיינעם ניט אויסגעמיידט. ער האט איהר אויסגעהערט, געקוקט איהר אין פנים און אין גע־דאנק גע'חזר'ט לעמם'ס ווערטער, און איינגעשטימט מיט איהם.

עס טרעפט אמאל, אז צוויי באקאנטע, נאר ניט נאהענטע צווישען זיך, מענשען זאלען זיך שנעל דערנעהענטערען אין א משך פון עטליכע סעקונדען, — און דער באוואוסטזיין פון אט דער דער־נעהענטערונג דריקט זיך באלד אויס אין זייערע בליקען, אין זייערע פריינדליכע און שטילע שמייכלען, אפילו אין זייערע באוועגונגען גופא. אט טאקע דאס א האט פאסירט מיט לאוורעצקי'ן און ליזא'ן. „אט ס'ארא חברה־מאן", האט זי א קלער געטאן, צערטליך קוקענדיג אויף איהם; „ס'ארא מענש דו ביזט", — האט ער אויך א טראכט געטאן. און דערפאר איז ער ניט קיין סך איבערראשט געווארען, ווען זי האט איהם, אהן דער מינדסטער צעגערונג, ער־קלערט, אז זי טראגט זיך שוין לאנג אום מיט עפעס א זאך, וואס זי וויל איהם זאגען, נאר זי האט מורא איהם צובייזערן.

— האט קיין מורא ניט, רעדט, — האט ער זאג געטאן און זיך אוועקגעשטעלט נעגען איהר.

ליזא האָט א הויב געטאָן אויף איהם איהרע קלאָרע אויגען.

— איהר זייט אזא גוטער, — האָט זי אנגעפאנגען, און אין דער זעלביגער צייט א קלער געטאָן: „יאָ, ער איז טאקע א גוטער..." — ענטשולדיגט מיר, איך וואלט ניט געדארפט וואגען מיט אייך צו רעדען וועגען דעם... נאָר ווי האָט איהר געקענט... פארוואס זייט איהר זיך צוגאנגען מיט אייער פרוי?

לאוורעצקי האָט א ציטער געטאָן, א קוק געטאָן אויף ליזא'ן און זיך נעבען איהר צוגעזעצט.

— קינד מיינס, — האָט ער א זאג געטאָן: ריהרט זיך ניט צו, איך בעט אייך, צו אט דער וואונד; אייערע הענט זיינען טאקע צארט, אבער מיר וועט וועה טאָן.

— איך וויים, — האָט ליזא ווייטער גערעדט, ווי זי וואלט ניט דערהערט, וואס ער רעדט: זי איז געגען אייך שולדיג, איך וויל זי ניט פארענטפערען; נאָר ווי קען מען צושיידען דאס, וואס גאָט האָט פאראייניגט?

— אונזערע איבערצייגונגען מכח דער זאך זיינען צו פאר־שיעדען, ליזאוועטא מיכאילאָוונא, — האָט לאוורעצקי א זאָג גע־טאָן גאנץ שארף: — מיר וועלען זיך איינער דעם אנדערן ניט פאר־שטעהן.

ליזא איז בלאס געוואָרען; איהר גאנצער קערפער האָט א ציטער געטאָן; נאָר זי איז ניט אנטשוויגען געוואָרען.

— איהר מוזט מוחל זיין, — האָט זי שטיל ארויסגעזאָגט: — אויב איהר ווילט מען זאָל אייך מוחל זיין.

— מוחל זיין! — האָט לאוורעצקי אונטערגעכאפט. — איהר וואָלט פריהער געדארפט זיך דערוויסען, פאר וועמען איהר בעט? מוחל זיין אָט דער פרוי, זי נאָכאמאָל אריינגעהמען צו זיך אין הויז, זי, אָט די פוסטע, הארצלאָזע בריאה! און ווער האָט אייך געזאָגט, אז זי וויל זיך צו מיר אומקעהרען? מיין גאָט, זי איז גאנץ צופריעדען מיט איהר לאגע... וואס דארף מען דאָ א סך ריידען! איהר דארפט אפילו איהר נאָמען אויף אייערע ליפען ניט ארויפברענגען. איהר זיינט צו ריין, איהר זיינט אפילו ניט אימשטאנד צו באגרייפען אזא בריאה.

— פארוואס באליידיגט איהר זי? — האָט מיט אָנשטרענ־

גונג ליזא א זאָג געטאָן. דער ציטער אויף איהרע הענט איז גע־וואָרען קענטליך. — איהר האָט זי אליין פארלאָזט, פעדאָר איוואַ־ניטש.

— נאָר איך זאָג דאָך אייך, — האָט לאַווערעצקי געענטפערט און ניט ווילענדיג געוואָרען אומגעדולדיג: — איהר ווייסט ניט, וואָס זי איז פאר א באשעפעניש!

— פאר וואָס־זשע האָט איהר מיט איהר חתונה געהאט? — האָט ליזא ארויסגעמורמעלט און אראָפּגעלאָזט די אויגען.

לאַווערעצקי האָט זיך שנעל א הויב געטאָן פון שטוהל.

— פאר וואָס איך האָב חתונה געהאט? איך בין דעמאָלט געווען יונג און אומערפארען; איך האָב זיך אָפּגענארט, איך בין באצויבערט געוואָרען פון דער שעהנער אויסערליכקייט. קיין פרויען האָב איך ניט געקענט, איך האָב גאָרניט געוואוסט. זאָל אייך גאָט העלפען א בעסערן שדוך! נאָר גלויבט, מען קען פאר קיין זאך ניט קאווירען.

— און איך קען אויך זיין אַן אומגליקליכע, — האָט ליזא א זאָג געטאָן (איהר קול האָט זיך אנגעפאנגען איבערצורייסען): נאָר דעמאָלט וועט מען זיך מוזען אונטערוואַרפען; איך קען ניט ריידען, נאָר ווען מיר אונטערוואַרפען זיך ניט...

לאַווערעצקי האָט צוזאַמענגעדריקט די האנט און א קלאַפּ גע־טאָן מיט'ן פוס.

— זייט אויף מיר ניט בייז, ענטשולדיגט מיר, — האָט ליזא איילענדיג געזאָגט.

אין דער סעקונדע איז אריינגעקומען מאַריא דמיטריעוונא. ליזא איז אויפגעשטאנען און געוואָלט אוועקגעהן.

— ווארט א רגע, — האָט לאַווערעצקי אומערווארטעט זי א רוף געטאָן. — איך האָב עפּעס א גרויסע בקשה צו אייער מאַמע און צו אייך: קומט צו מיר אויף חנוכת־הבית. איהר ווייסט, איך האָב זיך פארשאַפט א פּיאַנאָ; לעמם איז ביי מיר איצטער צו־גאַסט; דער בעז בליהט איצטער; איהר וועט כאַפּען אביסעל פרישע דאָרפישע לופט און איהר וועט קענען צוריקפאָהרען דעם זעלבינגען טאָג, — זיינט איהר מרוצה?

ליזאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, און מאַריאַ דמיט־ריעוונאַ האָט אָנגענומען אַ קרענקליכען אויסזעהען; נאָר לאַוור־רעצקי האָט איהר אפילו דאָס מויל ניט געלאָזט עפענען און גלייך איהר אַ קוש געטאָן אין בײדע הענט. מאַריאַ דמיטריעוונאַ איז שטענדיג עמפּפינדליך צו צערטליכקייטען און האָט גאָר ניט ער־װאַרט אַזאַ ליעבליכקייט פון אָט דעם „העלפאַנט"; זי איז גע־ריהרט געוואָרען דערפון און האָט באַלד איינגעשטימט. בעת זי האָט זיך פאַרקלעהרט, וואָס פאַר אַ טאָג צו באַשטימען, איז לאַוור־רעצקי צוגעגאַנגען צו ליזאַ'ן און, נאָך אַלץ אַן אויפגערעגטער, בגנבה אַ מורמעל געטאָן: „אַ דאַנק, איהר זיינט אַ וואויל מיידעל; איך בין שולדיג . . ." און איהר בלאַס געזיכט האָט זיך פאַררויטעלט מיט אַ פרעהליכען און שעמעוודיגען שמייכעל; איהרע אויגען האָ־בען אויך געשמייכעלט, — ביז דער רגע האָט זי אַלץ מורא געהאַט, טאָמער האָט זי איהם באַליידיגט.

— קען וולאַדימיר ניקאָלאַיעוויטש מיט אונז פאָהרען?

— זיכער, — האָט לאַוורעצקי געענטפערט: — נאָר וואָלט אונז ניט בעסער געוועזען צו זיין אין אונזער פאַמיליען־קרייז?

— נאָר, דאַכט זיך . . . — האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ אָנגע־פאַנגען . . . — אַלענפאַלס, ווי איהר ווילט, — האָט זי צוגעלעגט.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען מיטצונעהמען לענאָטשקאַ'ן און שוראַטשקאַ'ן. מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער רייזע.

— מיר איז שווער, ליכט מיינס, — האָט זי געזאָגט: — צו ברעכען די אַלטע ביינער; און נעכטיגען איז מסתמא ביי דיר ניטאָ וואו; און איך קען גאָר ניט שלאָפען אין קיין פרעמדער בעט. זאָל אָט די יונגוואַרג אַ שפּרינג טאָן.

נאָך אַ מאָל צו בלייבען מיט ליזאַ'ן אַליין האָט זיך שוין לאַוור־רעצקי'ן מעהר ניט איינגעגעבען; נאָר ער האָט אויף איהר אַזוי געקוקט, אַז ס'איז איהר געווען אי גוט אי אַ ביסעל אַ חרפּה, אי זי האָט איהר רחמנות געקראָגען. געזעגענענדיג זיך מיט איהר, האָט ער איהר קרעפטיג אַ דריק געטאָן די האַנט; זי האָט זיך פאַר־טראַכט, בלייבענדיג אַליין.

## 25.

ווען לאווריצקי איז געקומען אהיים, האָט איהם אויפ'ן שוועל פון נאסט־צימער באגעגענט א הויכער און א מאָגערער מאַן, אין אן אָפּגעטראָגענעם בלויען פראק, מיט א געקנייטשטען, נאָר לעַ־בעדיגען פּנים מיט צוקאטשמעטע גרויע באקענבאָרדען, א לאנגען גלייכען נאָז און מיט קליינע גלאנציגע אויגעלאך. דאָס איז געווען מיכאַלעוויטש, זיין אמאָליגער אוניווערזיטעט־חבר. לאווריצקי האָט איהם אָנפאנגס ניט דערקענט, נאָר היים איהם ארומגעכאפּט, ווי נאָר יענער האָט זיך אָנגערופען ביים נאָמען. פון מאָסקווא אָן האָבען זיי זיך ניט געזעהן. עס האָבען זיך א שאָט געטאָן אויסגע־שרייען, פראגען; עס זיינען ארויס אויף גאָט'ס ליכטיגער וועלט שוין לאנג פארגעסענע עריגערונגען. מיכאַלעוויטש האָט איילענדיג גערויכערט א ליולקע נאָך א ליולקע, אלע מאָל א טרונק געטאָן א שלונג טעה, געמאכט מיט די לאנגע הענט און דערצעהלט לאווריצ־קי'ן ווענען זיינע אוואנטיורעס; קיין פרעהליכעס איז אין זיי גאָר־ניט געווען, מיט ערפאָלג אין זיינע אונטערנעהמונגען האָט ער זיך ניט געקענט באריהמען, — דאָך האָט ער אָהן אן אויפהער געלאכט מיט א הייזעריג־נערווזען געלעכטער; מיט א חודש צוריק האָט ער געקראגען א שטעלע אין א פּריוואטען קאנטאָר פון א רייכען אויפקויפער, א דריי הונדערט ווערסט פון דער שטאָדט א... און, ער האָט זיך דערוואוסט, אז לאווריצקי איז צוריקגעקומען פון אויס־לאנד, איז ער צו איהם אראָבגעפארען זיך צו זעהן מיט אן אלטען פריינד. מיכאַלעוויטש האָט גערעדט אזוי האסטיג, ווי אין דער יוגענד, געַ'רעש'ט, געזאָטען, ווי פריהער. לאווריצקי האָט עפּעס יא ארייננעוואָרפען א ווארט וועגען זיין לאגע, נאר מיכאַלעוויטש האָט איהם איבערגעשלאגען און איילענדיג א מורמעל געטאָן: „געהערט, ברודערקע, געהערט, — ווער האָט זיך דארויף געקענט ריכטען?" — און גלייך אריבערגעפיהרט דעם געשפּרעך אויפ'ן פעלד פון אלגעמיינע חקירות.

— איך, ברודערקע, — האָט ער א זאג געטאָן: — דארף מאָר־גען אוועקפאָרען; היינט וועלען מיר, דו ווערסט מיר שוין מוזען ענטשולדיגען, זיך לעגען שפּעט שלאָפען. איך וויל אומבאדינגט

זיך דערוויסען, וואָס ביסטו, וואָסערע מיינונגען, איבערצייגונגען דו האָסט, וואָס איז פון דיר געוואָרען, וואָס האָט דיר דאָס לעבען אויסגעלערענט? (מיכאַלעוויטש האָט זיך נאָך געהאַלטען ביי דער פּראָזעאָלאָגיע פון די דרייסיגער יאָהרען). וואָס ס'איז שייך צו מיר, האָב איך זיך אין פיעלעס געענדערט, ברודער: די ווע‏לען פון לעבען זיינען געפאַלען אויף מיין הארצען, — ווער האָט אָט דאָס געזאָגט? הגם אין דעם וויכטיגען, אין סאַמע עצם האָב איך זיך ניט געענדערט; איך גלויב ווי פריהער אין גוטעס, אין אמת; נאָר ניט נאָר איך גלויב — נאָר איך האָב טאַקע איצטער אמונה, אמונה. הער, דו ווייסט, איך שרייב דאָך אַמאָל ליעדער; ס'איז אין זיי ניטאָ קיין פּאָעזיע, עס איז אבער דאָ דער אמת. איך וועל דיר איבערלייענען מיין לעצטע זאַך: אין איהר האָב איך אויסגעדריקט מיינע הארציגסטע איבערצייגונגען. הער. — מיכאַלעוויטש האָט אנגעפאַנגען צו לייענען זיין ליעד, זי איז געווען גאַנץ לאַנג און האָט זיך פאַרענדיגט מיט די פאָלגענדע פערזען:

מיין האַרץ איז געפאַנגען פון נייע געפיהלען,
און איצטער איז צאַרט ווי א קינד מיין נשמה:
פאַרברענט האָב איך אַלעס, צו וואָס איך פלעג קניהען,
און נאַכדעם מיט בבוד פאַרנייגט זיך צום פייער.

בעת מיכאַלעוויטש האָט דורכגעלייענט די לעצטע צוויי פערזען, האָט ער זיך שיער ניט צוואויינט; קליינע קאָנוואולסיעס — דער סמן פון שטאַרקען געפיהל — זיינען איהם דורכגעלאָפען איבער די ברייטע ליפּען, זיין ניט־שעהנער פּנים איז ליכטיגער געוואָרען. לאַווּרעצקי האָט איהם אויסגעהערט, אויסגעהערט... דער גייסט פון ווידערשפּרוך האָט זיך אין איהם א ריהר געטאָן: איהם האָט אויפגערעגט די שטענדיג־גרייטע, שטענדיג־זידענדע התפּעלות פון'ם מאָסקווער סטודענט. קיין פערטעל שעה איז ניט אוועק, און צווישען זיי האָט זיך צופלאַקערט א ויכוח, איינער פון יענע ענד־לאָזע ויכוחים, אויף וועלכע עס זיינען נאָר פעהיג די רוסען. נאָך יאָהרען און יאָהרען פון שיידונג, וועלכע זיי האָבען פאַרבראַכט אין צוויי פאַרשיעדענע וועלטען, ניט פאַרשטעהענדיג קלאָר ניט קיין

פרעמדע, ניט אפילו די אייגענע געדאנקען, האבען זיי זיך אנגע־טשעפעט אן ווערטער, זיך אבגעענטפערט אפילו מיט די זעלביגע ווערטער און זיך אזוי געקריעגט, ווי עס וואלט דא געגאנגען אן זייערביידענס לעבען אדער טויט: געשריען, געמאכט אזעלכע קולות, אז אלע אין הויז האבען זיך איבערגעשראקען, און דער ארע־מער לעמם, וועלכער האט זיך פארשפארט ביי זיך אין צימער זינט לאווורעצקי איז געקומען, האט עפעס דערפיהלט א מין פארלעגענ־הייט און האט אפילו אנגעפאנגען פאר עטוואס זיך צו שרעקען.

— וואס־זשע ביזטו איצטער? אן ענטוישטער? — האט מיכאלעוויטש געשריען איינס אזייגער ביי־נאכט.

— אט אזוי זיינען דען די ענטוישטע? — האט לאווורעצקי געענטפערט: יענע זיינען בלאס און קראנק, — ווילסטו, הויב איך דיך אויף מיט איין האנט?

נו, אויב ניט קיין ענטוישטער ביזטו א סקעפטיק, דאס איז נאך ערגער. נאר וואס פאר א רעכט האסטו צו זיין א סקעפטיק? ס'האט דיר ניט געגליקט אין לעבען, לאמיר זאגען; דאס איז ניט דיין שולד: דו ביזט געבארען געווארען מיט א הייסער, ליעבענדער נשמה און מען האט דיך איבערגעוואלד אבגעהאלטען פון פרויען: די ערשטע פרוי האט דיך געמוזט אבנארען.

— זי האט דיך אויך אבגענארט, — האט לאווורעצקי בייז באַ־מערקט.

— איך גיב דאס צו, איך גיב דאס צו; איך בין דא געוועזן דאס געצייג פונ'ם מזל, — נאר דאס איז דאך א ליגען, — קיין מזל איז ניטא; אן אלטע געוועהנהייט אומפינקטליך זיך אויסצודריי־קען. נאר וואס־זשע באווייזט דאס?

— עס באווייזט דאס, אז מען האט מיך נאך פון קינדהייט אויסגעלינקט.

— שטעלט מען זיך ווידער אריין אין גליעד! — דארויף ביזטו א מענש, ביזט דאך א מאנספארשוין; קיין ענערגיע דארפ־סטו ניט לייהען! — נאר, מילא, ווי ס'איז דארט ניט געוועזן, קען מען דען, איז דען דערלויבט — פון א פריוואטען פאקט, אזוי צו זאגען, אויפבויען אן אלגעמיינעם געזעץ, אן אומפארענדערליכען רעגעל?

— וואס פאר א רעגעל? — האט איהם לאווערעצקי איבערגע־שלאגען: — איך אנערקען ניט...

— ניין, דאס איז דאך דיין רעגעל, רעגעל, — שלאגט איהם מיכאלעוויטש איבער זיינע רייד.

— דו ביזט אן עגאאיסט, אט וואס! — האט ער געדונערט אין א שטונדע ארום: דו האסט פארלאנגט זעלבסט־צופריעדענ־הייט, דו האסט פארלאנגט גליק און לעבען, האסט געוואלט לעבען נאר פאר זיך...

— וואס איז זעלבסט־צופרידענהייט?

— און אלעס האט דיך אפגענארט; אלעס איז צוקראכען געווארען אונטער דיינע פיס.

— וואס איז זעלבסט־צופרידענהייט, פרעג איך דיך?

— און עס האט טאקע געמוזט צוקראכען ווערען. דען דו האסט געזוכט אן אינהאלט דארטען, וואו דו האסט איהם ניט גע־קענט געפינען, דו האסט געבויט דיין הויז אויף אומבאפעסטיגטען זאמד...

— רעד קלארער, אהן משלים, דען איך פארשטעה דיך ניט.

— דען, גוט, לאך, — דען דו האסט ניט קיין גלויבען, קיין הארציגע ווארימקייט; דער פארנונפט, אלץ נאר דער איינציגער גראשענדיגער פארנונפט... דו ביזט, איינפאך, א נעבעכדיגער, אב־געשטאנענער וואלטעריאנער — אט ווער דו ביזט!

— ווער, איך א וואלטעריאנער?

— יא, פונקט אזעלכער, ווי דיין פאטער און אליין בא־מערקסטו דאס גאר ניט.

— נאך אט דעם, — האט לאווערעצקי אויסגעשריען: — האב איך א רעכט צו זאגען, אז דו ביזט א פאנאטיק.

— ליידער האט מיכאלעוויטש געענטפערט מיט א געפאלען געמיט: איך האב, צום אומגליק, זיך נאך מיט גארניט דער־דיענט צו אזא הויכען טיטול...

— איך האב איצטער שוין אויסגעפונען, ווי דיך צו רופען, — האט דער זעלביגער מיכאלעוויטש געשריהען דריי אזייגער ביי

נאכט: — דו ביזסט ניט קיין סקעפּטיק. ניט קיין ענטוישטער, ניט קיין וואָלטעריאנער, דו ביזט א פּוסט־און־פּאַסניק, און א בייז־וויליגער פּוסט-און־פּאַסניק, א פּוסט־און־פּאַסניק מיט באוואוסט־זיין, ניט קיין נאַאיווער פּוסט־און־פּאַסניק. די נאַאיווע פּוסט־און־פּאַסניקעס ליגען זיך אויפ'ן אויווען און טוען גאָר ניט, דערפאַר ווייל זיי קענען גאָרניט טאָן; זיי טראַכטען גאָרניט, נאָר דו ביזט א דענקענדער מענש — און ליגסט: דו וואָלסט געקענט עטוואָס טאָן — און טוסט גאָרניט; ליגסט מיט'ן זאַטען בויך ארויף און זאָגסט: אזוי דאַרף טאַקע זיין, מען דאַרף ליגען, דאַרפאַר ווייל אַלעס, וואָס מענשען זאָלען ניט טאָן, איז אַלעס הבל הבלים און אבסורדיטעט, וואָס פיהרט צו גאָרניט.

— פון וואנען נעהמסטו אָבער, אז איך ליג? — האָט לאַור־רעצקי געהאַלטען אין איין פרעגען: — פאַרוואָס ביזטו מיך חושד אין אזעלכע געדאַנקען?

— און א חוץ דעם זייט איהר אַלע, אייער גאַנצע חבריה, — האָט פאָרטגעזעצט דער אומרוהיגער מיכאַלעוויטש: אָנגעלייענטע פּוסט־און־פּאַסניקעס. איהר ווייסט אויף וואָס פאַר א פוס דער דייטש הינקט, איהר ווייסט וואָס ס'איז שלעכט ביי די ענגלענ־דער און ביי די פראַנצויזען — און דאָס נעבעכדיגע וויסען אייערס דיענט אייך אַלס שטיצע, באַרעכטיגט אייער אומפאַרשעהמטע פוילקייט, אייער העסליכע אומטעטיגקייט. אַן אַנדערער ווערט נאָך גדול'דיג ביי זיך דערמיט, וואָס ער, הייסט דאָס, איז א חכם איך — ליג, און יענע, די נאַראָנים, דרעהען זיך דעם קאָפּ. יאָ! — ביי אונז זיינען נאָך פאַראַן אזעלכע העררען — איבריגענס, דאָס זאָג איך ניט אויף דיין חשבון, — וועלכע פאַרברייננגען זייער גאַנ־צען לעבען אין עפּעס א מין פאַרשטיינערונג פון בענקשאַפט, גע־וועהנען זיך צו איהר צו, זיצען אויף איהר, ווי... ווי א שוואָם אין סמעטענע, — האָט מיכאַלעוויטש אונטערגעכאַפּט און אַליין זיך צולאַכט פון זיין פאַרגלייך. אָ, אָט די פאַרשטיינערונג פון בענקשאַפט — דאָס איז דער אונטערגאַנג פון די רוסישע מענשען! א גאַנצען יובל קלייבט ער זיך צו אַרבייטען, אָט דער עקעלהאַפ־טיגער פּוסט־און־פּאַסניק...

— וואָס־זשע זידעלסטו זיך? — האָט שוין איצטער לאַור־

רעצקי זיך צוליארעמט — ארבייטען... טאָן... זאָג בעסער, וואָס צו טאָן, נאָר זידעל זיך ניט, פאַלטאָווער דעמאָסטהענעס!

— זעהסט, וואָס איהם האָט זיך פארוואָלט! דאָס, ברוי־דערקע, וועל איך דיר ניט זאָגען; דאָס מוז יעדער אליין וויסען, — האָט דאמאָסטהענעס מיט איראָניע געענטפערט. — א גוטס־באַזיצער, אן אדעליגער — און ווייסט ניט, וואָס צו טאָן! אז קיין גלויבען איז ניטאָ, אניט וואָלסטו געוואוסט; אז קיין גלויבען איז ניטאָ איז אויך ניטאָ קיין אנטפלעקונג.

— לאָז־זשע כאָטש זיך אָפּרוהען, דו רוח; לאָז זיך ארומ־קוקען, — האָט לאָווערעצקי געבעטען.

— קיין מינוט רוה, קיין רגע! — האָט מיכאַלעוויטש מיט א באַפעהלענדער באַוועגונג פון דער האַנט געענטפערט. — קיין אייג־ציגע רגע! — דער טויט וואַרט ניט, און דאָס לעבען דאַרף ניט וואַרטען.

— און ווען, און וואו איז די מענשען איינגעפאלען צו פוסט־און־פּאַסעווען? — האָט ער געשריען פיער א זייגער פאַרטאָג, נאָר שוין מיט א הייזעריגליכען קול: — ביי אונז! איצטער! אין רוסלאַנד! ווען אויף יעדער איינציגער פּערזאָן ליגט א חוב, א גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאר גאָט, פאַר'ן פאָלק, פאַר זיך אליין! מיר שלאָפען און די צייט געהט אַוועק; מיר שלאָפען...

— ערלויב מיר דיר צו באַמערקען, — האָט לעווערעצקי א זאָג געטאָן: — אז מיר שלאָפען שוין איצטער גאָר ניט, גיכער לאָ־זען מיר נאָר אַנדערע ניט שלאָפען. מיר רייסען דעם האַלז, ווי די האָנען. הער נאָר, דאָס קרעהען שוין די האָנען, דאַכט זיך, צום דריטען מאָל.

אָט דער איינפאַל האָט צולאַכט און באַרוהיגט מיכאַלעוויטשען. „נו, א גוטע נאַכט", האָט ער א זאָג געטאָן מיט א שמייכעל, און האָט אַריינגעלעגט די ליולקע אין טאַבאַק־בייטעל. „א גוטע נאַכט", האָט לאָווערעצקי איבערגע'חזר'ט. נאָר די פריינד האָבען נאָך ארי־בער א שטונדע געשמועסט... אלענפאַלס, זייערע קולות האָבען זיך מעהר ניט פאַרהעכערט און זייערע שמועסען זיינען געווען שטילע, טרויעריגע, גוטע שמועסען.

מיכאַלעוויטש איז אויפ'ן צווייטען טאָג אָפּגעפאָהרען, הגם לאָוו־

רעצקי האָט איהם שטארק אָפּגעהאַלטען. פעדאָר איוואַניטש'ען האָט זיך ניט איינגעגעבען איהם צו איבערצייגען זיך אָפּשטעלען; נאָר אָנגערעדט האָט ער זיך מיט איהם זאַט. עס האָט זיך ארויסגע־ציינט, אז מיכאלעוויטש האָט ניט קיין גראָשען ביי דער נשמה. לאַווערעצקי האָט שוין דורך דער נאַכט מיט מיטלייד באַמערקט אויף איהם אַלע סמנים און געוועהנהייטען פון איינגעפונדעוועטער אָרעמקייט; די שטיוועל זיינען ביי איהם געוועזען צודרעהט, אונטען אויפ'ן פראַק האָט געפעהלט איין קנעפּעל, זיינע הענט האָבען פון קיין הענטשקעס ניט געוואוסט, פון די האָר האָט ארויסגעשטאַרצט פּוך; בעת ער איז אָנגעקומען האָט ער אפילו ניט א קלער געטאָן צו בעטען וואַסער אויף ארומוואַשען און ביי דער וועטשערע האָט ער געגעסען ווי א האַי־פיש, מיט די הענט צוריסען דאָס פלייש און מיט א קנאַק געגריזעט די ביינער מיט זיינע שטאַרקע, שוואַרצע ציינער. עס האָט זיך אויך ארויסגעצייגט, אז זיין שטעלע האָט איהם ניט גע־גליקט, אז אַלע זיינע האָפנונגען האָט ער געלעגט אויף דעם אויפ־קויפער, וועלכער האָט איהם גענומען נאָר צוליעב דעם, כדי ער זאָל האָבען ביי זיך אין קאַנטאָר א „געבילדעטען מענשען". נאָך דעם אַלעמען האָט אָבער מיכאלעוויטש ניט פאַרלאָרען זיין מוט און געלעבט זיך ווי א ציניק, א אידעאַליסט, א פּאָעט, אויפריכטיג געווען באַזאָרגט און געקוועלט פון דעם גורל פון דער מענשהייט, פון דעם אייגענעם באַרוף, און זעהר וועניג זיך געקימערט וועגען דעם, ווי אזוי ניט אויסצוגעהן פון הונגער. מיכאלעוויטש האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט, נאָר פלעגט זיך פאַרליעבען אָהן א צאָהל און שרייבען ליעדער וועגען אַלע זיינע געליעבטע; באַ־זאָנדערס לייַדענשאַפטליך האָט ער באַזונגען איין מיסטעריעזע, שוואַרצלאָקיגע „פּאַננאַ"... אמת, עס האָבען זיך ארומגעטראָגען קלאַנגען, אז אָט די פּאַננאַ איז געווען אַן איינפאַכע אידישקע, גוט באַקאַנט צו א סך קאַוואַלעריע־אָפיצערען... נאָר, אז מען טוט א קלער, — איז דאָס דען ניט אַלץ איינס?

מיט לעמם'ען האָט מיכאלעוויטש זיך ניט באַפריינדעט. דעם דייטש האָבען אָנגעשראָקען זיינע פּיעל־רוישיגע רעדעס, זיינע זויערע מאַניערען, צו אזעלכעס איז לעמם ניט געווען צוגעוועהנט... א שלים־מזל דערשמעקט פונדערווייטענס א צווייטען שלים־מזל,

גאָר אויף דער עלטער באפריינדעט ער זיך מיט איהם זעלטען, — און דאָס איז גאָר קיין חדוש ניט: ער האָט זיך מיט איהם ניט מיט וואָס צו טיילען, — אפילו מיט די האָפנונגען.

פאר'ן אָפפאָהרען האָט מיכאַלעוויטש נאָך לאַנג געשמועסט מיט לאוורעצקי'ן, איהם פאָראויסגעזאָגט אונטערגאנג, איהם גע־בעטען ערנסט זיך באשעפטיגען מיט דער לאגע פון זיינע פויערים, זיך געשטעלט אלס ביישפיעל, זאָגענדיג, אז ער האָט זיך אָפגע־רייניגט אינ'ם שמעלץ־אויווען פון יסורים — און דאָ טאקע זיך עטליכע מאָל אָנגערופען א גליקליכער מענש, זיך פארגלייכט צום פויגעל פון הימעל, צו דער ליליע פון טהאָל...

— צו דער שווארצער ליליע, אַלענפאלס, — האָט לאוורעצקי באמערקט.

— ע, ברודער, בלאָז ניט פון זיך, — האָט מיכאַלעוויטש גוט־מוטיג געענטפערט: נאָר דאנק בעסער גאָט, וואָס אין דיינע אָדערן פליסט אויך דאָס אָרענטליכע פּלעבעאישע בלוט. נאָר איך זעה, דו דארפסט איצטער האָבען עפּעס א ריין, ניט־ערדיש וועזען, וואָס זאָל דיך ארויסשטויסען פון דיין אפאטיע.

— א דאנק, ברודער, — האָט לאוורעצקי א זאָג געטאָן: גע־נוג פאר מיר אָט די ניט־ערדישע וועזענס.

— שווייג צ י נ י ק! *) — האָט מיכאַלעוויטש אויסגע־שריהען.

— „ציניק", — פארריכט איהם לאוורעצקי.

— דוקה צ י נ י ק, — חזר'ט מיכאַלעוויטש איבער, ניט פארווירט.

אפילו זיצענדיג אין עקיפאזש, וואוהין מען האָט ארויסגע־טראָגען זיין פלאכען, געלען און מאָדנע גרינגען טשעמאָדאן, האָט ער נאָך אַלץ גערעדט; איינגעוויקעלט אין עפּעס א מין שפאנישען מאנטעל מיט א פארגעלטען קאָלנער און מיט לייבען־לאפּעס אָנ־

---

*) מיכאַלעוויטש איז אַ אוקראַינער, און אין זיין אויסשפּרוך וויל טורגעניעוו איבערגעבען זיין הומישען אקצענט. די קלאַנגען „אי" רעדט ער ראוים האַרט ווי דער רוסישער קלאַנג Ы דאָס וואָרט ציניק קלינגט ווי цынйкъ. לאוורעצקי פארריכט איהם די קלאַנגען.

איבערזעצער.

שטאַט קנאַפּ־לעבער, האָט ער נאָך אַלץ ענטוויקעלט זיינע אַנשוי־אונגען אויף דעם גורל פון רוסלאַנד און געפיהרט אַזוי מיט דער טוֹנ־קעלער האַנט איבער דער לופט ווי ער וואָלט צוזעהט די זאַמען פון דער צוקונפטיגער מזל-ברכה. ענדליך, האָבען זיך די פערד אַ ריהר געטאָן... „געדענק מיינע לעצטע דריי ווערטער", — האָט ער אַ געשריי געטאָן, זיך אַרויסרוקענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער פונ'ם עקיפּאַזש און באַלאַנסירענדיג: — „רעליגיע, פּראָגרעס, מענשליכ־קייט!... זיי געזונט!" זיין קאָפּ, מיט דער אַנגערוקטער היטעל ביז די אויגען, איז פאַרשוואונדען. לאַווערעצקי איז געבליבען אַליין אויפ'ן גאַניקעל — און אויפמערקזאַם זיך איינגעקוקט אין דער ווייט איבער'ן וועג, ביז דער עקיפּאַזש איז פאַרשוואונדען פונ'ם אויג. „ער איז דאָך טאַקע גערעכט", — האָט ער אַ קלער געטאָן אומקעהרענדיג זיך אין הויז: — „איך בין דאָך טאַקע אַ פּוסט־און־פּאַסניק". אַ סך פון מיכאַלעוויטש'עס ווערטער זיינען איהם אומ־ווידערשטעהנדליך אַריין אין דער נשמה, הגם ער האָט דיסקוטירט און ניט איינגעשטימט מיט איהם. איז אַ מענש גוט — קען איהם קיינער ניט ווידערשטעהן.

## 26.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, איז מאַריאַ דמיטריעוונאַ, לויט דעם פאַרשפּרעכען, אָנגעקומען מיט איהר גאַנער יונגוואַרג קיין וואַסיל־יעווסקאָיע. די מיידעלעך זיינען באַלד אַוועקגעלאָפען אין סאָד, און מאַריאַ דמיטריעוונאַ איז זיך מאַט דורכגעגאַנגען איבער די צימערען און מאַט אַלעס געלויבט. איהר באַזוך צו לאַווערעצקי'ן האָט זי גערעכענט פאַר אַ רמז אויף אַ טובה, כמעט פאַר אַ גוטען טאַט. זי האָט העפליך געשמייכעלט, ווען אַנטאָן און אַפּ־ראַקסעיאַ זיינען, לויט דעם אַלטען פּריצישען מנהג, צוגעגאַנגען צו איהר הענטעל, — און מיט אַן אַבגעשוואַכטען קול, אונטערן נאָז, געבעטען טעה. צום גרויסען פאַרדרוס פון אַנטאָנ'ען, וועלכער האָט אָנגעטאָן אויסגעשטריקטע ווייסע הענטשקעס, האָט די טעה סערווירט דער געקומענער פּריצ'טע ניט ער, נאָר לאַווערעצקי'ס נעדונגענער קאַמערדינער, וואָס האָט, לויט דעם אַלטענ'ס ווער־

טער, ניט פֿארשטאנען קיין סדר. דערפֿאר האָט אנטאָן ביים מיטאָג־מאָלצייט אָפּגענומען זיינס. מיט אַ פֿעסטען פֿוס־טריט האָט ער זיך אוועקגעשטעלט הינטער'ן שטוהל פֿון מאַריאַ דמיט־ריעוונא — און שוין קיינעם ניט אָפּגעטראָטען זיין פּלאַץ. די זעהר זעלטענע ערשיינונג פֿון געסט אין וואסיעלעווסקאיע האָט אי באאומרוהיגט, אי דערפֿרעהט דעם אלטען: איהם איז געוועזן אנגענעהם צו זעהן, אז מיט זיין פּריץ קענען זיך גוטע הערען. הגם, ניט ער אליין איז געוועזן אומרוהיג אין יענעם טאָג: לעמם איז אויך געוועזן אומרוהיג. ער האָט אָנגעטאָן אַ קורצינקען טאַבאַק־קאָלירטען פֿראַק מיט אַ פֿארשאַרפּטען עק, ענג פֿארצויגען זיין האַלדז־טיכעל און געהאלטען אין איין אויסהוסטען און אָפּ־ווענדען זיך מיט אן אנגענעהמען און ליעבליכען אויסזעהן. לאַוור־רעצקי האָט מיט פֿארגעניגען באַמערקט אז דאָס דערנעהענטערען זיך צווישען איהם און ליזאַ'ן ווערט פֿאָרגעזעצט: ווי נאָר זי איז אריינגעקומען האָט זי צו איהם גלייך אויסגעצויגען איהר האַנט. נאָך דעם מיטאָג־מאָלצייט האָט לעמם ארויסגעשלעפּט פֿון דער הינטערשטער קעשענע פֿון פֿראַק, וואוהין ער פֿלעגט אלע ווילע אריינשטעקען די האַנט, אַ קליין צונויפֿגעוויקעלט שטיקעל נאָטען פּאַפּיער און, פֿאַרדריקענדיג די ליפּען שווייגענד, האָט ער דאָס אנידערגעלעגט אויף דער פּיאַנאָ. דאָס איז געוועזן אַ ראָמאַנס, וואָס ער האָט פֿארפֿאַסט דורך דער נאַכט אויף אלט־מאָדישע דייטשע ווערטער, אין וועלכע עס איז דערמאָנט געווארען וועגען שטערען. ליזאַ האָט זיך גלייך אוועקגעזעצט נעבען דער פּיאַנאַ און האָט פֿאַנאַנ־דערגעקליבען דעם ראָמאַנס... אַך! די מוזיק איז געוועזן צו פֿאַר־פּלאָנטערט און ניט־אנגענעהם אנגעשטרענגט; מען האָט געזעהן, אז דער קאָמפּאָזיטאָר האָט זיך אָנגעטאָן אַ כח אויסצודריקען עט־וואָס ליידענשאַפֿטליכעס, טיעפֿעס, נאָר ס'איז גאָר ניט ארויסגע־קומען: די אָנשטרענגונג איז פֿאַרבליבען מעהר ניט ווי אן אָנ־שטרענגונג. לאַווערצקי און ליזאַ האָבען דאָס ביידע דערפֿיהלט,— און לעמם האָט דאָס פֿארשטאַנען: ניט זאָגענדיג קיין וואָרט, האָט ער אריינגעלעגט זיין ראָמאַנס צוריק צו זיך אין קעשענע און, אַלס ענטפֿער צו ליזאַ'ס פֿאָרשלאַג דאָס איבערשפּיעלען נאָך אַמאָל,

האָט ער אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, באַדייטענד אַ זאָג געטאָן: „איצטער — אַ סוף" — זיך איינגעהויקערט, איינגעצויגען און איז אָפּגעגאַנגען.

געגען אָוועגט איז די גאַנצע חברה אַוועק כאַפּען פיש. אין טייכעל הינטערן סאָד זיינען געווען אַ סך קורעסען און פּלאָטיצעס. מאַריאַ דמיטריעווגאַ'ן האָט מען אַוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל נעבען ברעג, אין שאָטען, מען האָט איהר אויסגעשפּרייט אַ טעפּיך אונטער די פיס, געגעבען די בעסטע ווענטקעלע; אַנטאָן אַלס אַלטער ערפאַהרענער פישער האָט פאַרגעלעגט זיינע דיענסטע. ער האָט פלייסיג אַרויפגעזעצט די ווערעמלאַך, צוגעקלאַפּט זיי מיט דער האַנט, אָנגעשפּיגען אויף זיי און אַליין אפילו פאַרוואָרפען די ווענטקע, גראַציעז איינבויגענדיג זיך פאָראויס מיט'ן גאַנצען קערפּער. מאַריאַ דמיטריעוונא האָט טאַקע דעם זעלבען טאָג זיך אָפּגערופען וועגען איהם פאַר פעדאָר איוואַניטש'ן מיט דער פאָלגענדער פראַזע אויף דער אינסטיטוט־פראַנצויזישער שפּראַך: "il n'y a plus maintenant de ces gens comme ca comme aturefois." לעמם מיט די צוויי מיידלעך זיינען אַוועק ווייטער, צו דער סאַמע גרעבליע; לאַווערעצקי האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען ליזאַ'ן. די פיש האָבען זיך אָהן אָן אויפהער איינגעביסען, די געכאַפּטע קורעסלאַך האָבען געהאַלטען אין איין בליצען אָט מיט זייערע גאָלדענע, אָט מיט די זילבערנע זייטען; די פרעהליכע אויסגעשרייען פון די מיידעלאַך האָבען ניט אויפגעהערט; מאַריאַ דמיטריעוונא אַליין האָט צופּעסטעט אַ קוויטש געטאָן צוויי מאָל. זעלטענער ווי ביי אַלע האָבען זיך די פיש געכאַפּט ביי לאַווערעצקי'ן און ליזאַן; וואַהרשיינליך איז דאָס געקומען דערפון, וואָס זיי האָבען וועניגער פון די אַנדערע געשענקט אויפמערקזאַמקייט אויף דעם ספּאָרט און האָבען געלאָזט די קאָרקעס פון זייערע ווענטקעס צושווימען צום סאַמע ברעג. דער רויטליכער הויכער טשערעט האָט שטיל גערוישט אַרום זיי, פאָראויס האָט שטיל געשיינט דאָס אומבאַוועגליכע וואַסער, און דער געשפּרעך איז ביי זיי אויך געווען אַ שטילער. ליזאַ איז געשטאַנען אויף אַ קלייניקער קלאַדקע; לאַווערעצקי איז געזעסען אויף אַן איינגעבויגענעם שטאַם פון אַ ראַקיטען־

בוים; ליזא האָט געטראָגען אַ ווייס קלייד, אַרומגעכאַפּט אַרום דער טאַליע מיט אַ ברייטער, אויך ווייסער לענטע; דער שטרויע־נער הוט איז ביי איהר געהאנגען אויף איין האַנט, — מיט דער צווייטער האָט זי מיט אַ געוויסער אָנשטרענגונג אונטערהאַלטען דאָס בויגיגע שטעקעל פון דער וועגטקע. לאַוורעצקי האָט געקוקט אויף איהר ריינעם, עטוואָס שטרענגען פּראָפיל, אויף די אַריבער־געוואָרפענע הינטער די אויערן האָר, אויף די צאַרטע באַקען, וועל־כע האָבען זיך צופלאַמט ביי איהר ווי ביי אַ קינד, — און האָט געטראַכט: „אָ, ווי ליעב דו שטעהסט איבער מיין טייכעל!"
ליזא האָט זיך צו איהם ניט אויסגעקירעוועט, נאָר האָט געקוקט אויף דעם וואַסער — און דאַכט זיך געפינטעלט מיט די אויגען אָדער געשמייכעלט. דער שאָטען פון אַ נאָהענטער לינדען־בוים איז געפאַלען אויף זיי ביידען.

— ווייסט איהר, — האָט לאַוורעצקי אָנגעפאַנגען: — איך האָב אַ סך געקלערט וועגען מיין לעצטען געשפּרעך מיט אייך און בין געקומען צום באַשלוס, אַז איהר זענט אויסערגעוועהנליך גוט.

— איך האָב אינגאַנצען ניט מיט דעם אַבזיכט... — האָט ליזא זיך אַ נעהם געטאָן פאַרענטפערען — און זי האָט זיך פאַר־שעהמט.

— איהר זייט גוט, — האָט לאַוורעצקי איבערגע׳חזר׳ט. איך בין אַ גרויזאַמער מענש, נאָר איך פיהל, אַז אַלע דאַרפען אייך ליעב האָבען. אָט אפילו לעמם; ער איז דאָך איינפאַך פאַרליעבט אין אייך.

די ברעמען ביי ליזא׳ן האָבען זיך — ניט פאַרוואַלקענט, נאָר אַ ציטער געטאָן; דאָס האָט מיט איהר שטענדיג פּאַסירט ווען זי האָט געהערט עטוואָס אומאַנגענעהמעס.

— איך האָב אויף איהם זעהר רחמנות געהאַט, — האָט לאַוו־רעצקי אונטערגעכאַפּט: צוליעב דעם אומגעלונגענעם ראָמאַנס. זיין יונג און ניט קענען — איז נאָך דערטרעגליך; נאָר אַלט ווע־רען און בלייבען אָהן כחות — דאָס איז שווער. און ס׳איז נאָך אַ וועהטאָג, וואָס דו פיהלסט ניט, אַז די כחות געהען אַוועק. דעם אַלטען איז שווער איבערצוטראָגען אַזעלכע קלעפּ!... היט זיך, אַ פישעלע בייסט זיך איין אויף אייער האַקען... מען זאָגט, — האָט

לאווערצקי צוגעלעגט, שוויינענדיג אביסעל: — וולאדימיר ניקאָ־לאַאיטש האָט אָנגעשריבען זעהר אַ ליעבען ראָמאַנס.

— יאָ, — האָט ליזא געענטפערט: — דאָס איז אַ קליינינ־קייט, נאָר ניט קיין שלעכטע.

— און ווי דענקט איהר, — האָט לאווערצקי אַ פרעג געטאָן: עס איז אַ גוטער מוזיקער?

— מיר דוכט, ער האָט גוטע פעהיגקייטען צו מוזיק; נאָר ער האָט ביז איצטער זיך ניט באַשעפטיגט מיט איהר ווי עס באַ־דאַרף צו זיין.

— אַזוי. און אַ מענש איז ער אַ גוטער?

ליזא האָט זיך צולאַכט און שנעל אַ קוק געטאָן אויף פעדאָר איוואַניטש'ען. — ס'אַרא מאָדנע פראַגע! — האָט זי אויסגע־שריהען, ארויסגעכאַפט די ווענטקע און זי וויט פארוואָרפען אויף ס'ניי.

— וואָרום אַ מאָדנע? איך פרעג וועגען איהם ביי אייך, ווי אַ מענש, וואָס איז ניט לאַנג אהער אָנגעקומען, ווי אַ קרוב.

— ווי אַ קרוב?

— יאָ, איך קער אייך דאַכט זיך אָן אַ פעטער?

— וולאַדימיר ניקאָלאַאיטש האָט אַ גוט האַרץ, — האָט ליזא אַ זאָג געטאָן: ער איז קלוג, Maman האָט איהם זעהר ליעב. — ער איז אַ גוטער מענש; פאַרוואָס זאָל איך איהם ניט ליעב האָבען?

— אַ! — האָט לאווערצקי אַ זאָג געטאָן און שטיל געבליבען. אַ האַלב־טרויעריגער, אַ האַלב־שפּאָטישער אויסדרוק האָט דורכ־געבליצט אויף זיין פּנים. דער עקשנות'דיגער בליק זיינער האָט צוטומעלט ליזא'ן, נאָר זי האָט ווייטער געשמייכעלט.

— „נו, און לאָז זיי גאָט געבען גליק!" האָט ער ארויסגע־מורמעלט, ענדליך, ווי פאַר זיך, — און האָט אָפּגעווענדט דעם קאָפּ.

ליזא האָט זיך פאררויטעלט.

— איהר האָט אַ טעות, פעדאָר איוואַניטש, — האָט זי געזאָגט: — אומזיסט קלערט איהר... און אייך געפעלט דען ניט וולאַדימיר ניקאָלאַאיטש? — האָט זי פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

— ער געפעלט מיר ניט.

— פאַר וואָס?

— מיר דוכט, אַז גראד קיין הארץ האָט ער ניט.

דער שמייכל איז פארשוואונדען פון ליזא'ס פּנים.

— איהר זייט געוועהנט שטרענג צו אורטיילען איבער מענשען, — האָט ליזא א זאָג געטאָן נאָך א לאנגען שוויגען.

— איך טראַכט, אז ניט. וואָס פאר א רעכט, איך בעט אייך, האָב איך שטרענג צו משפּט'ן אנדערע, בעת איך אליין נויטיג זיך אין נאכזיכטיגקייט? אָדער איהר האָט אפשר פארגעסען, אז נאָר א פּוילער לאַכט ניט פון מיר?... נו, וואָס — האָט ער צוגעלעגט: — איהר האָט געהאַלטען אייער צוזאָג?

— וואָסער'ן?

— האָט איהר מיך אין זינען געהאט אין אייערע תּפילות און געבעטען פאר מיר?

— יאָ, איך האָב פאר אייך געבעטען און בעט פאר אייך יעדען טאָג. און איהר, איך בעט אייך, רעדט ניט גרינג דערפון.

לאַוורעצקי האָט אָנגעפאנגען פארזיכערען ליזא'ן, אז דאָס איז איהם אפילו אין קאָפּ ניט אריינגעקומען, אז ער רעספּעקטירט טיעף אַלע איבערצייגונגען; נאָכדעם האָט ער זיך אריינגעלאָזט אין א שמועס וועגען רעליגיע, וועגען איהר באַדייטונג אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, וועגען דער באדייטונג פון קריסטענטום...

— א קריסט דארף מען זיין, — האָט ליזא אָנגעפאנגען צו ריידען, ניט אָהן א געוויסער אנשטרענגונג: — ניט צוליעב דעם מען זאָל באגרייפען דאָס הימעלשע... צי... דאָס ערדישע, נאָר צוליעב דעם, וואָס יעדער מענש דארף שטארבען.

לאַוורעצקי האָט מיט א געצוואונגענער איבערראשונג אויפגעהויבען די אויגען אויף ליזא'ן און באגעגענט איהר בליק.

— ס'אַרא וואָרט איהר האָט דאָס ארויסגערעדט! — האָט ער א זאָג געטאָן.

— דאָס וואָרט איז ניט מיינס, — האָט זי געענטפערט.

— ניט אייערס... נאָר פארוואָס האָט איהר אָנגעפאַנגען צו ריידען וועגען טויט?

— איך ווייס ניט. איך טראכט וועגען איהם אָפט.

— אָפט?

— יאָ.

— דאָס קען מען ניט זאָגען, ווען מען קוקט אויף אייך איצט: ביי אייך איז אזא פרעהליכער, ליכטיגער פנים, איהר שמייכעלט...

— יאָ, מיר איז איצטער זעהר פרעהלאך, — האָט ליזא נאַאיוו געענטפערט.

לאַווּרעצקי'ן האָט זיך פארוואָלט נעמען איהרעביידע הענט און זיי קרעפטיג צודריקען...

— ליזא, ליזא! — האָט מאריא דריטריעוונא א געשריי געטאָן: — קום אהער, זעהר נאָר, סארא קורעסעל איך האָב געכאַפּט.

— באלד maman, — האָט ליזא געענטפערט און איז אוועק־געגאַנגען צו איהר, און לאַווּרעצקי איז געבליבען אויף זיין ראַקיר־טען־בוים. „איך רעד מיט איהר אַקוראט, ווי איך וואָלט ניט געווען קיין אָפּגעלעבטער מענש", האָט ער געטראַכט. אוועקגע־הענדיג, האָט ליזא אויפגעהאַנגען איהר הוט אויף א צווייגעל; מיט א מאָדנעם, כמעט צארטען געפיהל האָט לאַווּרעצקי א קוק געטאָן אויף אָט דעם הוט, אויף איהרע לאַנגע, עטוואָס צוקנייטש־טע לענטעס. ליזא האָט זיך שנעל צו איהם אומגעקערט און ווי־דער זיך געשטעלט אויף דער קלאַדקע.

— פאַר וואָס־זשע דאַכט זיך אייך, אז וולאַדימיר ניקאָלאַ־איטש האָט ניט קיין האַרץ? — האָט זי א פרעג געטאָן אין עטליכע סעקונדען ארום.

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, אז איך האָב געקענט א טעות האָבען; נאָר ווייטער, די צייט וועט אַלעס דערווייזען.

ליזא האָט זיך פארטראַכט. לאַווּרעצקי האָט אָנגעפאַנגען צו ריידען וועגען זיין לעבען אין וואַסיליעווסקאָיע, וועגען מיכאַילע־וויטש'ען, וועגען אַנטאָן'ען; ער האָט געפיהלט א באַדערפעניש צו ריידען מיט ליזא'ן, דערצעהלען איהר אַלץ, וואָס ס'איז איהם ארויף אויף דער נשמה: זי האָט אַזוי ליעבליך, אַזוי אויפמערק־

זאָם איהם געהערט; איהרע זעלטענע באַמערקונגען און ענטפערס האָבען איהם געשיינט צו זיין אַזוי אייגפאַך און קלוג. ער האָט דאָס איהר אפילו געזאָגט.

— ווירקליך? האָט זי א זאָג געטאָן: און איך האָב אַלץ געטראַכט, אַז איך, ווי מיין דינסט נאַסטיא, האָב ניט קיין א י י ג ע נ ע ווערטער. זי האָט איינמאָל געזאָגט צו איהר חתן: דיר מוז מיט מיר זיין אומעטיג; מיר זאָגסטו אַלץ עטוואָס גוטס, און ביי מיר זיינען קיין אייגענע ווערטער ניטאָ.

„און א דאַנקען גאָט!" האָט לאַווּרעצקי א טראַכט געטאָן.

## 27.

דערוויילע איז אָנגעקומען דער אָוונט, און מאַריאַ דמיט־ריעוונא האָט אויסגעדריקט איהר פאַרלאַנג זיך אומצוקעהרען א היים. די מיידעלאַך האָט מען מיט מאַטערניש קוים אָפּגעריסען פונ'ם טייכעל און אויסגעריכט אין וועג. לאַווּרעצקי האָט ערקלערט, אַז ער וועט באַגלייטען די געסט ביז האַלבען וועג און האָט באַפעהלען זיך אָנזאָטלען א פערד. אַריינזעצענדיג מאַריאַ דמיטריעוונא אין קאַרעטע, האָט ער זיך דערמאָנט אָן לעמם'ן; נאָר דעם אַלטען האָט מען אין ערגעץ ניט געקענט געפינען. ער איז באַלד פאַר־שוואונדען געוואָרען, ווי נאָר ס'האָט זיך געענדיגט דאָס פיש־כאַפּען. אנטאָן האָט, מיט א מערקווירדיגער קראַפט, פאַר זיינע יאָהרען, פאַרהאַקט דאָס טירעל און שטרענג א געשריי געטאָן: ריהר זיך, קוטשער! די קאַרעטע האָט זיך א ריהר געטאָן. אויף די הינטערשטע פּלעצער זיינען געזעסען מאַריאַ דמיטריעוונא און ליזאַ; אויף די פֿעדערשטע — די מיידעלאַך און די דיענסט. דער אָוונט איז געווען א וואַרעמער, א שטילער און די פענסטער אויף ביידע זייטען פון דער קאַרעטע זיינען געווען אַראָפּגעלאָזט. לאַווּר־רעצקי איז געפאָהרען טריט ביי טריט, נעבען דער קאַרעטע ביי דער זייט פון ליזאַ'ן, אַרויפלעגענדיג די האַנט אויפ'ן טירעל, — ער האָט אַרויפגעלעגט דאָס צוימעל אויפ'ן האַלדז פונ'ם גרינג לויפענדען פערד — און זעלטען זיך דורכגעוואָרפען מיט א צוויי־דריי ווערטער מיט דער יונגער מיידעל. דער בין השמשות איז

פארשוואונדען; עס איז אָנגעקומען די נאכט, נאָר די לופט איז נאָך געוואָרען אפילו ווארעמער; מאריא דמיטריעוונא איז גיך אנדרימעלט געווארען; די מיידעלאך און די דיענסט זיינען אויך איינגעשלאָפען. שנעל און גלייך איז די קארעטע געפאהרען; ליזא האָט זיך איינגעבויגען פאָראויס; די נאָר־וואָס אויפגע־הענדרע לבנה האָט איהר געשיינט אין פנים, א נאכטיג שמעקענדיג ווינטעלע האָט איהר געאָטעמט אין די אויגען און באקען. עס איז איהר געווען גוט. איהר האנט האָט זיך אָנגעשפארט אויפ׳ן טירעל פון דער קארעטע זייט ביי זייט מיט לאווראצקי׳ס האנט. איהם איז אויך געווען גוט: ער האָט זיך געטראָגען אין דער רוהיגער באנאכטיגער היץ, ניט אראָפּגענומען די אויגען פונ׳ם גוטען יונגען פנים, געהערט די יונגע, און אין דער שושקעריי, קלינגענדע שטי־מע, וואָס האָט גערעדט איינפאכע גוטע רייד; און ער האָט ניט באמערקט ווי ער איז אריבערגעפאהרען דעם האלב־וועג. ער האָט ניט געוואָלט אויפוועקען מאריא דמיטריעוונא׳ן, לייכט א דריק געטאָן ליזא׳ס האנט און געזאָגט: „מיר זיינען דאָך פריינד איצ־טער, ניט אמת?” זי האָט א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, ער האָט אָפּגעשטעלט דעם פערד. די קארעטע האָט א פאָהר געטאָן ווייטער, שטיל וויעגענדיג זיך ארויף און אראָפּ; לאווראצקי האָט זיך געלאָזט אהיים טריט־ביי־טריט. דער צויבער פון דער זומער־נאכט האָט איהם ארומגעכאפּט; אלץ ארום האָט זיך געדאכט איז אזוי אומערווארטעט מאָדנע און אין דער זעלביגער צייט אזוי לאנג און אזוי זיס באקאנט; נאָהענט און ווייט — און ווייט האָט זיך געזעהן, כאָטש דאָס אויג האָט קיין סך ניט פארשטאנען דערפון, וואָס ס׳האָט געזעהן — האָט אלעס גערוהט; דאָס יונגע לעבען, וואָס צובליהט זיך, האָט זיך געלאָזט מערקען טאקע אין אָט דער רוהיגקייט. לאווראצקי׳ס פערד איז קרעפטיג געגאנגען, פינקטליך וויגענדיג זיך רעכטס און לינקס; זיין גרויסער שוואר־צער שאָטען איז מיט איהם געגאנגען זייט־ביי־זייט. אינ׳ם קלאַפּ פון זיינע קאָפּיטעס איז געווען עפּעס א סודות׳דיג־מונטערקייט, עפּעס א מין פרייד און זאָנדערבארקייט אין דעם דונערנדען גע־שריי פון די וואכטלען. די שטערען זיינען פארשוואונדען גע־וואָרען אין עפּעס א ליכטיגען רויך; א ניט־פולע לבנה האָט גע־

שיינט מיט עפּעס אַ האַרטען גלאַנץ; איהר ליכטיגקייט האָט זיך צוגאָסען אין אַ בלויען שטראָם איבער׳ן הימעל און איז געפאַלען ווי אַ פלעק פון רויך־קאָלירט גאָלד אויף די דיניקע וואָלקענדאַך, וואָס זיינען פארבייגעגאַנגען נאָהענט; די פרישקייט פון דער לופט האָט אַרויסגערופען אַ פייכטקייט אויף די אויגען, צערט־ליך ארומגעכאַפּט אַלע גליעדער, זיך געגאָסען ווי אַ פרייער שטראָם אין דער ברוסט. לאַוורעצקי האָט זיך געקוויקט און זיך געפרעהט פון זיין פארגעניגען. „נו, מיר׳ן נאָך אַ לעב טאָן. — האָט ער געטראַכט: — אונז האָט נאָך אינגאַנצען ניט איבער־געפרעסען...״ ער האָט ניט דערערדט: וועד אָדער וואָס... נאָכדעם האָט ער אָנגעפאַנגען טראַכטען וועגען ליזאַ׳ן, וועגען דעם, אַז ס׳איז גאָר אַ ספק צי זי האָט פאַנשינען ליעב; אַז ווען ער זאָל זיך מיט איהר געוועזען באַגעגענען אונטער אַנדערע אומשטאַנ־דען,— וויים גאָט, וואָס דערפון וואָלט געקענט געוועזען אַרויסקומען; אַז זי פארשטעהט לעמם׳ען, כאָטש זי האָט ניט קיין „אייגענע״ ווערטער. און דאָס איז אויך ניט אמת: זי האָט יאָ אייגענע ווערטער... „רעדט ניט דערפון אומבאַזאַנגען״ האָט זיך לאַוורעצ־קי׳ן דערמאָנט. ער איז לאַנג געפאָהרען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ, נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעגלייכט, פּאַמעלאַך אויסגע־רעדט:

פאַרברענט האָב איך אַלעם צו וואָס איך פלעג קניהען
און נאָכדעם מיט כבוד פארנייגט זיך צום פייער...

גאָר באַלד נאָכדעם האָט ער מיט׳ן בייטשעל אַ קלאַפּ געטאָן דאָס פערד און גאַלאָפּירט שוין אַזוי ביז אַהיים.

אַראָפּקריכענדיג פונ׳ם פערד, האָט ער דאָס לעצטע מאָל זיך אַרומגעקוקט, מיט אַ געצוואונגענעם, דאַנקבאַרען שמייכעל. די נאַכט, די שטילע, צערטליכע נאַכט, איז געלעגען אויף די בערג־לאַך און טאָלען; פון דער ווייט, פון איהר שמעקעדיגער טיעפ־קייט, גאָט ווייסט פון וואַנען, — פונ׳ם הימעל, צי פון דער ערד, — האָט געצויגען אַ שטילע, ווייכע וואַרעמקייט. לאַוורעצקי האָט געשיקט אַ לעצטען גרוס ליזאַ׳ן און איז אַרויפגעלאָפען אויפ׳ן גאַ־ניקעל.

דער צווייטער טאָג איז אַריבער גאַנץ שלעפּערדיג. פון אין

דערפריה אָן איז געגאנגען א רעגען; לעמם האָט געקוקט קרום און אלץ שטאַרקער און שטאַרקער צונויפגעדריקט די ליפּען, אַקו־ראַט ווי ער וואָלט זיך א נדר געטאָן זיי קיינמאָל ניט עפענען. ווען לאַוורעצקי איז געגאנגען שלאָפען, האָט ער מיט זיך גענומען א פּאַק פראנצויזישע זשורנאלען, וואס זיינען שוין אריבער צוויי וואכען געלעגען ביי איהם אויפ'ן טישעל ניט קיין צופּאַקטע. גלייכ־גילטיג האָט ער זיך א נעם געטאָן רייסען די קאנווערטען און דורכ־לויפען די שפּאַלטען פון די צייטונגען, אין וועלכע ס'איז, אגב, קיין נייס ניט געווען. ער האָט זיי שוין געוואָלט אוועקוואַרפען — נאָר איז פלוצלונג אויפגעשפּרונגען פונ'ם בעטעל ווי אַן אפּגעבריה־טער. אין א פעליעטאָן פון איין צייטונג, האָט דער שוין אונז באוואוסטער מוסיע זשול מודיע געווען זיינע לעזער א „ביטערע נייס": די שעהנינקע באַצויבערענדע מאָסקווערין, — האָט ער גע־שריבען, — איינע פון די קעניגינען פון דער מאָדע, די ציערונג פון די פּאַריזער סאַלאָנען, מאדאם דע לאַוורעטצקי, איז געשטאַר־בען כמעט פלוצלונג, — און אָט די ידיעה, וואָס איז, צום באַדויערן, צו ריכטיג, איז נאָר וואָס דערגאַנגען צו איהם, צו העך זשול'ען. ער איז געווען, — אַזוי האָט ער פאַרגעזעצט, — קען מען זאָ־גען, א פריינד פון דער פאַרשטאָרבענער...

לאַוורעצקי, האָט זיך אָנגעטאָן, אַרויסגעגאנגען אין סאָד און ביז אינדערפריה איז ער אומגעגאנגען הין־און־צוריק איבער איי־נער און דער זעלביגער אַלעע.

## 28.

אויפ'ן צווייטען אינדערפריה, ביי דער טעה, האָט לעמם גע־בעטען לאַוורעצקי'ן, ער זאָל איהם געבען פערד, כדי ער זאָל זיך אומקעהרען אין שטאָדט. „שוין צייט מיר, זיך א נעם טאָן צו דער אַרבייט, דאָס הייסט צו די לעקציעס, — האָט דער אַלטער באַ־מערקט: איך פּטר דאָ נאָר אומזיסט די צייט." לאַוורעצקי האָט איהם ניט גלייך געענטפערט: ער איז עפּעס געווען צושטרויט. „גוט, — האָט ער ענדליך א זאָג געטאָן: — איך וועל מיט אייך אַליין פאָהרען". — אָהן דער הילף פון א דיענער, האָט לעמם,

קרעכצענדיג און כעס'ענדיג זיך, צונויפגעפאקט זיין קליינעם טשע־מאדאן, ארויסגעריסען און פארברענט עטליכע בלעטלאך נאָטען־פּאַפּיער. מען האָט צוגעפיהרט די פערד. ארויסגעהענדיג פונ'ם קאבינעט, האָט לאוורעצקי ארייננעלעגט אין קעשעני דעם נעכטי־גען נומער פון דער צייטונג. די גאנצע צייט פונ'ם וועג, האָבען זיי, אי לאוורעצקי, אי לעמם, ווינציג גערעדט איינער מיט'ן צוויי־טען: יעדער פון זיי איז געווען פארנומען מיט די אייגענע גע־דאנקען, און יעדער איז געווען צופריעדען, וואס דער צווייטער באאומרוהיגט איהם נים. און צושיידט האָבען זיי זיך אויך גאנץ טרוקען, וואס עס טרעפט, אגב, זעהר אפט צווישען פריינד אין רוסלאנד. לאוורעצקי האָט צוגעפיהרט דעם אלטען צו זיין שטי־בעל: יענער איז ארויסגעקראכען, ארויסבאקומען זיין טשעמאָ־דאן און, נים געבענדיג זיין פריינד די האנט (ער האָט געהאלטען דעם טשעמאדאן מיט ביידע הענט געגענאיבער דער ברוסט), נים קוקענדיג אפילו אויף איהם, האָט ער איהם אַ זאָג געטאָן אויף רו־סיש: זייט געזונט! — זייט געזונט, האָט לאוורעצקי נאָכגע־זאָגט און געהייסען דעם קוטשער פאָהרען צו זיך אויף דער קוואר־טיר. ער פלעגט אפדינגען, גלאט פאר א צופאל, א קווארטיר אין דער שטאָדט אָ... לאוורעצקי האָט אנגעשריבען עטליכע בריעף, אויף־גיך אפגעגעסען מיטאג און איז אוועק צו די קאליטינס. ער האָט ביי זיי אין גאסט־צימער געטראָפען נאָר פאנשינען, וועלכער האָט איהם ערקלערט, אז מאריא דמיטריעוונא וועט באלד ארויס־קומען, און איז גלייך מיט דער הארציגסטער ליעבליכקייט אריין מיט איהם אין א געשפּרעך. ביז יענעם טאָג פלעגט פאנשין זיך ווענדען צו לאוורעצקי'ן — מען קען נים זאגען מיט גאוה, נאָר עפּעס נאָכזיכטיג; נאָר ליזא, דערצעהלענדיג פאנשינען וועגען איהר נעכטיגע רייזע, האָט זיך אפגערופען וועגען לאוורעצקי'ן, ווי וועגען א פראכטפולען און קלוגען מענשען; דאָס איז געווען גענוג: מען האָט גענראפט באזיעגען אָט דעם „פראכטפולען" מענ־שען. פאנשין האָט אָנגעפאנגען פון קאָמפּלימענטען צו לאוורעצ־קי'ן, פון דער באשרייבונג פון דעם עקסטאז, מיט וועלכען, לויט זיינע ווערטער, מאריא דמיטריעוונא'ס גאנצע פאמיליע רופט זיך אפּ וועגען וואסיליעווסקאיע, און נאָכדעם, לויט זיין שטייגער,

קונציג אריבערכאפענדיג זיך צו זיך אליין, האט ער אָנגעפאנגען רעדען וועגען זיין באשעפטיגונג, וועגען זיינע אנזיכטען אויפ'ן לעבען, אויף דער וועלט און אויף דעם אמט; געזאָגט א פּאָר ווער־טער וועגען דער צוקונפט פון רוסלאנד, וועגען דעם ווי מען דארף די גובערנאטאָרען האלטען אין די הענט; דאָ טאקע האָט ער פרעהלאך א שפּאס געטאָן וועגען זיך אליין און צוגעלעגט, אז איהם האָט מען צווישען אנדערעס אין פּעטערבורג פארטרויט "de populariser l'idee du cadastre" גערעדט האָט ער גאנץ לאנג, לעזענדיג מיט אומפארזיכטיגער דרייסטקייט אלע שווערינקייטען און, ווי א קונצען־מאכער מיט פילקעס, האָט ער געשפּיעלט מיט די וויכטיגסטע אדמיניסטראטיווע און פּאָליטישע פראגען. די אויסדרוקען: „אָט וואס איך וואלט געטאָן, ווען איך זאל זיין די רעגירונג"; „איהר, אלס קלוגער מענש, וועט באלד מיט מיר איינשטימען" — זיינען ניט אראפּ פון זיין צונג. לאוו־רעצקי האָט קאלט געהאָרכט דאָס פּוסטע ריידען פון פאנשינען: איהם איז ניט געפעלען געוואָרען אָט דער שעהנער, קלוגער, רוהיג־עלעגאנטער יונגער מאן, מיט זיין ליכטיגען שמייכעל, עדעלער שטימע און זוכענדע אויגען. פאנשין האָט שנעל געטראָפען, מיט זיין פלינקען באגרייפען פון יענעם'ס געפיהלען, וואס איז איהם געווען אזוי אייגענטימליך, אז ער פארשאפט ניט קיין ספּעציעלען פארגעניגען זיין קאָמפּאניאָן, און דורך א גוטען תרוץ איז ער פארשוואונדען, באשטימט פאר זיך, אז לאוורעצקי, קען זיין, איז טאקע א פראכטפולער מענש, נאָר ניט קיין סימפּאטישער "Aigri" און, "en somme", עטוואס א מאָדנער. מאריא דמיטריעוונא האָט זיך באוויזען אין דער באגלייטונג פון געדעאָ־נאָווסקי'ן; נאָכדעם איז געקומען מארפא טימאָפעיעוונא מיט לי־זא'ן; נאָך זיי זיינען אָנגעקומען די איבריגע היימישע מענשען; דערנאָך איז אויך צוגעפאָהרען א מוזיק קונסטליעבהאָבערין, בע־לעניצינא, א קליינינקע מאָגערע דאמע, מיט כמעט א קינדערשען, מיעדען און שעהנעם פנים'על, אין א רוישענד שווארץ קלייד, מיט א פיעל־קאָליערטען פּאָכער און גילדענע בראסלעטען; עס איז אויך צוגעפאָהרען איהר מאַן, א רויט־באקיגער אנגעבלאָזע־נער מענש, מיט גרויסע פיס און הענט, מיט ווייסע וויעס און א

אומבאוועגליכען שמייכעל אויף די גראָבע ליפען; צו־גאסט פלעגט זיין ווייב מיט איהם קיינמאָל ניט רעדען, נאר אין דער היים, אין מינוטען פון צערטליכקייט פלעגט זי איהם רופען איהר חזיר'ל. פאנשין איז צוריקגעקומען. ס'איז געווארען זעהר רעש'יג אין די צימערן. ער וואלט פיליכט באלד געווען אוועקגעגאנגען, ווען ניט ליזא. ער האָט געוואלט מיט איהר אויסריידען א פאר ווער־טער פריוואט, נאר א לאנגע צייט האָט ער ניט געקאָנט אויפ־כאפען קיין גינסטיגען מאָמענט און האָט זיך באנוגענט דערמיט, וואס ער האָט אין געהיימער פרייד איהר נאָכגעפאלגט מיט'ן בליק; קיינמאָל נאָך האָט איהם איהר פּנים ניט געשיינט צו זיין ערהאַ־בענער און ליעבליכער. זי האָט זעהר פיעל געוואונען אין דער נאָהענטקייט פון בעלעניצינאַ'ן. יענע האָט זיך אומאויפהערליך בא־וועגט אויפ'ן שטול, געמאכט מיט איהרע שמאָלע אקסעלאך, גע־לאכט מיט א צופּעססטעטען געלעכטער און אָט פארפלישטשעט מיט די אויגען, אָט ברייט זיי פאנאנדערגעעפענט. ליזא איז געזעסען רוהיג, געקוקט גלייך און גאָר ניט געלאכט. די הויז־ווירטין האָט זיך געזעצט שפּיעלען אין קאָרטען מיט מארפא טימאפעיעוונאַ'ן, בעלעניצינאַ'ן און געדעאנאָווסקי'ן, וועלכער האָט געשפּיעלט זעהר פאמעלאך, אלע מאָל א טעות געהאט, געפינטעלט מיט די אויגען און געווישט דעם פּנים מיט א טיכעלע. פאנשין האָט אָנגענומען א מעלאנכאָלישען אויסזעהן, אויסגעדריקט זיך קורץ, פּיעלבאדייי־טענד און טרויעריג, — אקוראַט ווי א ניט אנטפּלעקטער קינסט־לער, — נאָר ניט קוקענדיג אויף אלע בקשות פון מאדאם בעלעני־צינא, וועלכע פלעגט מיט איהם זעהר פלירטירען, האָט ער ניט איינגעשטימט איבערזינגען זיין ראָמאַנס: לאווראצקי האָט איהם געבראכט אין א פארלעגענהייט. פעדאָר איוואנאָוויטש האָט אויך גערעדט ווייניג; דער מאָדנער אויסדרוק פון זיין פּנים האָט אי־בערראשט ליזאַ'ן, ווי נאָר ער איז אריין אין צימער: זי האָט גלייך דערפיהלט, אז ער וויל איהר עטוואס מודיע זיין, נאָר זי אליין ניט וויסענדיג פאר וואָס, האָט מורא געהאט איהם פאנאנ־דערפרעגען. ענדליך איז זי אריין אין זאל אָנגיסען טעה, און ניט ווילענדיג א דרעה געטאָן דעם קאָפּ אין זיין זייט. ער איז גלייך אוועק נאָך איהר.

— וואס איז מיט אייך? — האָט זי א פרעג געטאָן און אוועקגעשטעלט דעם טשייניק אויפ'ן סאמאָוואר.

— איהר האָט דען עטוואס באמערקט? — האָט ער א זאג געטאָן.

— איהר זענט היינט עפּעס אנדערש ווי תמיד.

לאווּרעצקי האָט זיך איינגעבויגען איבער'ן טיש.

— איך האָב געוואלט, — האָט ער אָנגעפאנגען: אייך איבערגעבען עפּעס א ידיעה, נאָר איצטער איז אוממעגליך. — און ווייטער, לייענט איבער, וואס ס'איז אָנגעמערקט מיט'ן בלייפעדער אין אָט דעם פעליעטאָן, — האָט ער צוגעלעגט און איהר געגעבען דאָס העפט פון'ם זשורנאל, וואס ער האָט מיט זיך מיטגענומען. — איך בעט אייך דאָס האלטען בסוד; איך וועל ארייינקומען מארגען אינדערפריה.

ליזא איז איבערראַשט געווארען... פּאנשין האָט זיך באוויזען אויף דער שוועל פון טיר: זי האָט ארייינגעלעגט דעם זשורנאל צו זיך אין קעשעני.

— האָט איהר געלייענט אבערמאַנס וועהק, ליזאוועטא מיכאילאָוונא? — האָט פּאנשין איהר געפרעגט פארטראַכט.

ליזא האָט איהם ווי ס'איז אפּגעענטפערט און איז אוועק פון'ם זאל אויבען. לאווּרעצקי איז צוריק אריין אין גאסט-צימער און איז צוגעקומען צום שפּיעל-טיש. מארפא טימאָפעיעוונא מיט צולאזטע בלענדעלאך פון איהר טשיפּיק און פאררויטעלט, האָט אָנגעפאנגען זיך באקלאָגען אויף איהר פּארטנער, געדעאָנאָווסקי'ן, וואָס האָט, לויט איהרע ווערטער, ניט געקענט א טראָט טאָן.

— ווייזט אויס, אז אין קאָרטען שפּיעלען, — האָט זי געזאָגט: איז עפּעס ניט ווי אויסטראַכטען א ליגען.

יענער האָט געהאלטען אין איין פינטלען מיט די אויגען און זיך ארומווישען; ליזא איז ארייינגעקומען אין גאסט-צימער און זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל; לאווּרעצקי האָט אויף איהר א קוק געטאָן, זי האָט אויף איהם א קוק געטאָן — און ביידע האָבען דערפיהלט כמעט א וועהטאָג. אויף איהר פּנים האָט ער איבערגעלייענט פארוואונדערונג און עפּעס א געהיימען פאָרוואורף. זיך דורכריידען מיט איהר, ווי ס'האָט זיך איהם ניט געוואלט, האָט ער

דאָך ניט געקענט; בלייבען אין איין צימער מיט איהר, אַ גאַסט צווישען די אַנדערע געסט, — איז געוועזען שווער: ער האָט באַשלאָסען אַוועקצוגעהן. געזעגענענדיג זיך מיט איהר, האָט זיך איהם איינגעגעבען איבער'חזר'ן, אַז ער וועט מאָרגען קומען, און האָט צוגעלעגט, אַז ער האָפט אויף איהר פריינדשאַפט.

— קומט, — האָט זי געענטפערט מיט דערזעלביגער פאַרוואונג אויף'ן פּנים.

פאַנשין איז גאר לעבעדיג געוואָרען נאָך לאַווּרעצקי'ס אַוועקגעהן; ער האָט אָנגעפאַנגען צו געבען עצות געדעאָנאָווסקי'ן, שפּאַסיג פלירטירט מיט דער מאַדאַם בעלעניצינא און, לסוף, אויסגעזונגען זיין ראָמאַנס. נאָר מיט ליזא'ן האָט ער גערעדט און געקוקט אויף איהר ווי פריהער: באַדייטענד און עטוואָס טרויעריג.

און לאַווּרעצקי איז ווידער ניט געשלאָפען די גאַנצע נאַכט. עס איז איהם ניט געווען טרויעריג, ער איז ניט געווען אויפגעריהרט, ער איז אינגאַנצען אַנטשוויגען געוואָרען; ער האָט ניט געקענט שלאָפען. ער האָט זיך אַפילו ניט דערמאָנט די פאַרגאַנגענע צייט; ער האָט פּשוט אַריינגעקוקט אין זיין לעבען: זיין האַרץ האָט געקלאַפּט שווער און רעגעלמעסיג, די שעה'ן זיינען געפלויגען, ער האָט אַפילו ניט געטראַכט וועגען שלאָף. צייטענוויייז נאָר איז ביי איהם אַרויפגעשוואומען אַ געדאַנק: „דאָס איז דאָך ניט אמת, דאָס איז הבל הבלים" — און ער פלעגט זיך אָפּשטעלען, אַראָפּלאָזען דעם קאָפּ און אויף ס'ניי זיך גענומען אַריינצוקוקען אין זיין לעבען.

.29

מאַריא דמיטריעוונא האָט ניט זעהר ליעבליך אויפגענומען לאַווּרעצקי'ן, בעת ער איז צו איהר געקומען אויפ'ן צווייטען טאָג. „ווי ער האָט עס אָנגעפאַנגען צם קריכען", האָט זי געטראַכט. ער אַליין פאַר זיך איז איהר ניט שטאַרק געפעלען געוואָרען און דערצו האָט נאָך פאַנשין, אונטער וועמעס ווירקונג זי איז געווען, זעהר ביטרע און אומפאַרזיכטיג איהם אַ לויב געטאָן נעכטען אין אַוועגד. אַזוי ווי זי האָט איהם ניט געהאַלטען פאַר קיין גאַסט און האָט ניט געפונען פאַר נויטיג צו אונטערהאַלטען אַ קרוב, כמעט אַ היי־

מישען מענשען, איז אפילו קיין האלבע שטונדע ניט אוועק, און ער האט שוין שפּאַצירט מיט ליזא'ן אין סאַד איבער אן אלעע. לענאטשקע און שוראטשקא זיינען אומגעלאפען עטליכע טריט פון זיי איבער דער בלומען־בייט.

ליזא איז געווען רוהיג ווי געוועהנליך, נאר אויסערגעוועהנליך בלאס. זי האט ארויסגענומען פון קעשעני א קליין־צונויפגעלעגט בלעטעל פונ'ם זשורנאל און דאס איבערגעגעבען לאוורעצקי'ן.

— דאס איז שרעקליך, — האט זי א זאג געטאָן.

לאוורעצקי האט גארניט געענטפערט.

— נאר, עס קען זיין, אז דאס איז נאָך ניט אמת, — האט ליזא צוגעלעגט.

— אָט דערפאר טאקע האב איך אייך געבעטען קיינעם דער־פון ניט זאגען.

ליזא איז זיך דורכגעגאנגען אביסעל.

— —זאָגט, — האט זי אָנגעפאנגען: — איהר זענט ניט גע־קריינקט? גאר ניט?

— איך וויים אליין ניט, וואס איך פיהל, — האט לאוורעצקי געענטפערט.

— נאָר איהר האט דאך איהר ליעב געהאט פריהער?

— ליעב געהאט.

— זעהר?

— זעהר.

— און עס קרענקט אייך ניט איהר טויט?

— זי איז ניט איצטער פאר מיר געשטאָרבען.

— דאָס איז זינדיג, דאָס וואָס איהר רעדט... זייט ניט אויף מיר ברוגז. איהר האט מיך אָנגערופען אייער פריינד: א פריינד מעג אלעס ריידען. מיר איז, ווירקליך, אזש שרעקליך... נעכטען איז ביי אייך געווען אזא ניט־גוטער פנים... איהר געדענקט, ניט לאנג צוריק, ווי איהר האט זיך געקלאָגט אויף איהר? — און זי איז שוין דעמאָלט, קען זיין אויף דער וועלט ניט געווען. דאָס איז שרעקליך. אקוראט ווי מען וואָלט דאס אייך צוגעשיקט אלס שטראָף.

לאוורעצקי האט ביטער א שמייכעל געטאָן.

— קלערט איהר אזוי ?... יעדענפאלס בין איך איצטער פריי.
ליזא האט א לייכטען ציטער געטאן.

— געגוג, רעדט ניט אזוי. צו וואס דארפט איהר אייער פרייהייט ? ניט וועגען דעם, דארפט איהר איצטער טראכטען, נאר וועגען מחילה...

— איך האב איהר שוין לאנג מוחל געווען, — האט איהר לאורעצקי איבערגעשלאגען און א מאך געטאן מיט דער האנט.

— ניין, ניט דאס, — האט ליזא געענטפערט און זיך פאר־רויטעלט. — איהר האט מיך ניט אזוי פארשטאנען, איהר דארפט א זארג טאן דערפאר, אז מען זאל אייך מוחל זיין...

— ווער זאל מיר מוחל זיין ?

— ווער ? — גאט. ווער קען אייך דען מוחל זיין א חוץ גאט ?

לאורעצקי האט איהר א כאפ געטאן ביי דער האנט.

— אך, ליזאוועטא מיכאילאווגא, גלויבט מיר, — האט ער אויסגעשריען : — איך בין אזוי אויך גענוג געווען געשטראפט. פאר אלעס אפגעקומען, גלויבט מיר.

— דאס קענט איהר ניט וויסען, — האט ליזא שטיל א זאג געטאן. — איהר האט פארגעסען, — נאך גאר ניט לאנג, אט, ווען איהר האט מיט מיר גערעדט, — איהר האט איהר ניט געוואלט מוחל זיין...

ביידע זיינען שווייגענד זיך דורכגעגאנגען איבער דער אלעע.

— און וואס איז מכח אייער טאכטער ? — האט ליזא פלוצ־לונג א פרעג געטאן און זיך אפגעשטעלט.

לאורעצקי האט זיך א טרייסעל געטאן.

— א, באאומרוהיגט זיך ניט ! איך האב שוין צושיקט בריעף אין אלע פלעצער. די צוקונפט פון מיין טאכטער, ווי איהר האט זי... ווי איהר זאגט... איז פארזיכערט, באאומרוהיגט זיך ניט.

ליזא האט טרויעריג א שמייכעל געטאן.

— נאר איהר זענט גערעכט, — האט לאורעצקי פאגרע־זעצט : — וואס זאל איך טאן מיט מיין פרייהייט ? צו וואס טויג זי מיר ?

— ווען האָט איהר ערהאַלטען אָט דעם זשורנאל ? — האָט ליזא א זאָג געטאָן און איהם ניט געענטפערט אויף זיין פראגע.

— אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך אייער באזוך.

— און טאקע... איהר האָט טאקע אפילו ניט א וויין געטאָן ?

— ניין. איך בין געווען איבעראשט ; נאָר פון וואנען זאָלען זיך געווען נעמען טרערען ? וויינען אויף דער פארגאנגענהייט, — נאָר זי איז דאָך ביי מיר אינגאנצען געווען אויסגעברענט ! ... איהר פארברעכען אליין האָט ניט צושטערט מיין גליק, נאָר ער האָט מיר מעהר ניט באוויזען, אז ס'איז גאר קיין גליק קיינמאל ניט געווען. אויף וואס־זשע זאָל מען דאָ וויינען ? און ווייטער, ווער ווייסט ? — אפשר וואָלט דאָס מיך זעהר געקרענקט, ווען איך זאָל אָט די ידיעה געווען באקומען מיט צוויי וואָכען פריהער...

— מיט צוויי וואָכען ? — האָט ליזא געענטפערט. — וואָס איז דען געשעהן אין אָט די צוויי וואָכען ?

לאווראעצקי האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר ליזא האָט זיך פלוצלונג פאררויטעלט נאָך ערגער ווי פריהער.

— יאָ, יאָ, איהר האָט געטראָפען, — האָט לאווראעצקי פלוצלונג אונטערגעכאפט : — אין דעם לויף פון אָט די צוויי וואָכען האָב איך זיך דערוואוסט, וואָס עס הייסט א ריינע פרויען־נשמה, און מיין פארגאנגענהייט האָט זיך נאָך ווייטער פון מיר אָפּגערוקט.

ליזא איז צוטומעלט געוואָרען און שטילינקערהייד אוועקגעגאנגען אויף דער בלומען־בייט צו לענאָטשקא'ן און שוראָטשקא'ן.

— און איך בין צופרידען דערמיט, וואָס איך האָב אייך געצייגט אָט דעם זשורנאל, — האָט לאווראעצקי גערעדט, געהענדיג נאָך איהר : — איך האָב זיך שוין צוגעוועהנט גאָרניט צו באהאלטען פאר אייך, און איך האָף, אז אויך איהר וועט מיר צאָהלען מיט דעם זעלביגען צוטרויען.

— איהר קלערט אזוי ? — האָט ליזא א זאָג געטאָן און זיך אָפּגעשטעלט. אויף אזא'ן אופן וואָלט איך געדאַרפט געווען... נאָר ניין ! דאס איז אוממעגליך.

— וואָס אַזעלכעס? רעדט, רעדט.

—ווירקליך, מיר דוכט אַז איך דאַרף ניט... נאָר ווייטער— האָט ליזאַ צוגעלעגט, און מיט אַ שמייכעל זיך אויסגעקערעוועט צו לאַווערעצקי'ן: וואָס איז דאָס פאַר אַן אָפענהערציגקייט אויף האַלב? — ווייסט איהר? איך האָב היינט ערהאַלטען אַ בריעף.

— פון פּאַנשינען?

— יאָ, פון איהם... פון וואַנען ווייסט איהר?

— ער בעט אייער האַנט?

— יאָ, — האָט ליזאַ ארויסגעזאָגט, און גלייך און ערנסט אַ קוק געטאָן לאַווערעצקי'ן אין די אויגען.

לאַווערעצקי האָט אויך ערנסט אַ קוק געטאָן אויף ליזאַ'ן.

— נו, און וואָס האָט איהר איהם געענטפערט? — האָט ער ענדליך אַ זאָג געטאָן.

— איך ווייס ניט, וואָס צו ענטפערען, — האָט ליזאַ געענטפערט און אַראָפּגעלאָזט די צונויפגעלעגטע הענט.

— ווי? איהר האָט דאָך איהם ליעב?

— יאָ, ער געפעלט מיר; ער איז, דאַכט מיר, אַ גוטער מענש...

— איהר האָט מיר דאָס אייגענע און מיט די זעלביגע ווערטער געזאָגט פיער טעג צוריק. איך וויל וויסען, צי האָט איהר איהם ליעב מיט יענעם קרעפטיגען, ליידענשאַפטליכען געפיהל, וואָס מיר זיינען געוועהנט צו רופען ליעבע?

— ווי איהר פאַרשטעהט, — ניין.

— איהר זענט אין איהם ניט פאַרליעבט?

— ניין. מען דאַרף דאָס דען?

— ווי?

— דער מאַמעשי איז ער געפעלען, — האָט ליזאַ פאַר־געזעצט: — ער איז אַ גוטער; איך האָב גאָגען איהם גאָר ניט.

— פונדעסטוועגען שלאָגט איהר זיך מיט דער דעה?

— יאָ... און עס קען זיין, — איהר, אייערע ווערטער האָבען דאָס גורם געווען. געדענקט איהר, וואָס איהר האָט אייער־נעכ־טען גערעדט? נאָר דאָס איז אַ שוואַכקייט...

— אָ, קינד מיינס! — האָט לאַווערעצקי פּלוצלונג אויסגע־

שריען — און זיין קול האָט אָנגעפאַנגען צו ציטערן: — פּילאָ־זאָפירט ניט אַזוי חריפות'דיג, רופט ניט אָן שוואַכקייט דעם רוף פון אייער הארץ, וואָס וויל זיך ניט אָפּגעבען אָהן ליעבע. נעהמט ניט אויף זיך אַזא שרעקליכע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם מענשען, וועמען איהר האָט ניט ליעב און צו וועמען איהר ווילט געהערען...

— איך פאָלג, איך נעהם גאָר ניט אויף זיך, — האָט ליזא קוים אַרויסגערעדט...

— פאָלגט אייער הארץ; דאָס הארץ אַליין וועט אייך זאָגען דעם אמת, — האָט איהר לאַוורעצקי איבערגעשלאָגען. — ערפאַהרונג, פאַרשטאַנד — דאָס אַלעס איז שטויב און פוסטקייט! נעהמט ביי זיך ניט צו דאָס בעסטע, איינציגע גליק אויף דער וועלט.

— רעדט איהר דאָס, פעדאָר איוואַניטש? איהר אַליין האָט דאָך חתונה געהאַט אויס ליעבע, — נו, זענט איהר געוועזן גליקליך?

לאַוורעצקי האָט אַ פּלעסק געטאָן מיט די הענט.

— אַך, רעדט ניט וועגען מיר! איהר קענט אפילו ניט באַגרייפען אַלעס, וואָס אַ יונגער, אומערפאַהרענער, אומאַרטיג־ערצויגענער איינגעל קען אנעהמען אַלס ליעבע!.. און, נאָך אַלעמען, צו וואָס פיהרען רכילות אויף זיך אַליין? איך האָב אייך נאָר־וואָס געזאָגט, אַז איך האָב פון קיין גליק ניט געוואוסט... ניין! איך בין געוועזן גליקליך!

— מיר דוכט, פעדאָר איוואַניטש, — האָט ליזא אַרויסגערעדט אויף אַ ניעדעריג קול (ווען זי פלעגט ניט איינשטימען מיט איהר קאַמפּאַניאָן, פלעגט זי שטענדיג ניעדעריג מאַכען איהר קול; דערביי פלעגט זי פיהלען אַ גרויסע אויפרעגונג): — דאָס גליק אויף דער וועלט הענגט ניט אָפּ פון אונז...

— פון אונז, פון אונז, גלויבט מיר (ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַרביידע הענט; ליזא איז בלאַס געוואָרען און כמעט מיט שרעק, נאָר אויפמערקזאַם אויף איהם געקוקט: — ווען נאָר מיר אַליין זאָלען ניט קאַליע מאַכען אונזער לעבען. פאַר אַנדערע מענשען קען די הייראַט אויס ליעבע זיין אַן אומגליק;

נאָר ניט פאר אייך, מיט אייער רוהיגען כאראקטער, מיט אייער לויטערער נשמה! איך בעט אייך, האָט ניט חתונה אָהן ליעבע, אויס דעם געפיהל פון חוב, פארלייקענונג, צי וואס... דאס איז די זעלביגע גלויבענלאזיגקייט, די זעלביגע אויסרעכענונג, — און נאָך אן ערגערע. גלויבט מיר, — איך האָב א רעכט דאס צו זאגען: איך האָב טייער באצאָהלט פאר אָט דעם רעכט. און אויב אייער גאָט...

אין דער רגע האָט לאוורעצקי באמערקט, אז לענאָטשקא און שוראָטשקא זיינען געשטאנען נעבען ליזא'ן און מיט שטומער איי־בערראשונג אנגעשטעלט אויף איהם די אויגען. ער האָט ארויסגע־לאָזט ליזא'ס הענט און שנעל א זאָג געטאָן: „ענטשולדיגט מיר, איך בעט אייך", און האָט זיך א לאָז געטאָן צום הויז.

— איין זאך נאָר בעט איך אייך, — האָט ער א זאג געטאָן אומקערענדיג זיך צו ליזא'ן: — באשליסט זיך ניט גלייך, וואַרט צו; טוט א טראכט וועגען דעם, וואס איך האָב אייך געזאגט. אויב אפילו איהר זאָלט מיר ניט גלויבען, אויב איהר זאלט באשטימען חתונה האָבען לויט'ן פארשטאנד — אויך אין אזא פאל דארפט איהר ניט חתונה האָבען מיט פאנשינען: ער קאן ניט זיין אייער מאַן... ניט אמת, איהר זאגט מיר צו זיך ניט צו איילען?

ליזא האָט געוואלט ענטפערען לאוורעצקי'ן, און האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט — ניט דערפאר, וואס זי האָט באשלאסען זיך צו „איילען"; נאָר דערפאר, וואס איהר הארץ האָט צו שטארק ביי איהר געקלאפט, און א געפיהל, עהנליך צו שרעק, האָט ביי איהר אפגעשטעלט דעם אָטעם.

30.

אוועקגעהענדיג פון די קאליטינס, האָט לאוורעצקי זיך באגעג־גענט מיט פאנשינען; זיי האָבען זיך קאלט גענייגט איינער צום צווייטען. לאוורעצקי איז געקומען צו זיך אויף דער קווארטיר און זיך פארשפארט. ער האָט דורכגעלעבט געפיהלען, וועלכע ער האָט קוים ווען עס איז דורכגעלעבט. ווי לאנג ערשט האָט ער זיך געפונ־נען אין א צושטאנד פון „פריעדליכער פארשטיינערונג"? ווי לאנג האָט ער זיך געפיהלט, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, אויפ'ן סאמע

דעק פון טייך? וואס־זשע האט געענדערט זיין לאגע? וואס האט איהם ארויפגעטראגען אויבען, אויף דער אויבערפלאך? דער סאמע געוועהנליכער, אומפארמיידליכער, הגם שטענדיג אומער־ווארטעטער צופאל: דער טוידט? יא; נאר ער האט ניט אזוי פיעל געטראכט וועגען טויט פון דעם ווייב, וועגען זיין פרייהייט, ווי וועגען דעם, — וואס פאר אן ענטפער ליזא וועט געבען פאנ־שינען? ער האט געפיהלט, אין דעם משך פון די לעצטע דריי טעג, אז ער האט אנגעפאנגען צו קוקען אויף איהר מיט אנדערע אויגען; ער האט זיך דערמאנט, ווי, געהענדיג אהיים, האט ער געטראכט וועגען איהר אין דער שטילקייט פון דער נאכט און גע־רעדט צו זיך אליין: „ווען!...” אט דער „ווען”, וואס האט זיך באצויגען צו דער פארגאנגענהייט, צו דעם אוממעגליכען, איז מקוים געווארען, הגם ניט אזוי ווי ער האט גערעכענט, — נאר זיין פרייהייט אליין איז נאך געווען ווינציג. „זי וועט פאלגען דער מו־טער, — האט ער געטראכט: — זי וועט חתונה האבען מיט פאנ־שינען; נאר אויב זי וועט איהם אפילו אפזאגען, — איז דאס ניט אלץ איינס פאר מיר?” פארבייגעהענדיג פארביי דעם שפיגעל האט ער אגב אורחא א קוק געטאן אויף זיין פנים און א קנייטש געטאן מיט די פלייצעס.

דער טאג האט זיך פארבייגעטראגען שנעל אין אט די געדאנ־קען; עס איז אנגעקומען דער אווענט. לאווריעצקי איז אוועק צו די קאליטינס. געגאנגען איז ער שנעל, נאר צום הויז האט ער זיך דערנעהענט מיט פארקלענערטע טריט. פאר'ן גאניקעל איז גע־שטאנען פאנשין'ס עקיפאזש. „נו, — האט לאווריעצקי א טראכט געטאן, — איך וועל ניט זיין קיין עגאאיסט” — און איז ארייננגע־גאנגען אין הויז. אין הויז האט ער קיינעם ניט באגעגענט, און אין גאסט־צימער איז געווען שטיל; ער האט אויפגעעפענט די טהיר און דערזעהן מאריא דמיטריעוונא'ן, וועלכע האט געשפיעלט מיט פאנשינ'ען אין קארטען. פאנשין האט שווייגענד זיך פאר־נייגט פאר איהם, און די הויז־ווירטין האט אויסגעשריהען: אך, ווי אומערווארטעט! — און האט לייכט פארוואלקענט די ברעמען. לאווריעצקי האט זיך צוגעזעצט נעבען איהר און אנגעפאנגען איהר ארייננקוקען אין די קארטען.

— איהר קענט דען שפּיעלען אַ פינף־הונדערט און איינס? —
האָט זי איהם אַ פרעג געטאָן מיט עפּעס אַ מין באַהאַלטענעם פאַר־דרוס, און דערביי מאַכע ערקלעהרט, אַז זי האָט זיך אויסגעביי־טעלט.

פאַנשין האָט אָפּגעצעהלט ניינציג און האָט אָנגעפאַנגען העפ־ליך און רוהיג צו ציהען קאַרטען, מיט אַ שטרענגען און ווירדיגען אויסדרוק אויפ'ן פּנים. אַט אַזוי מוזען שפּיעלען דיפּלאָמאַטען; וואהרשיינליך האָט ער אויך אַזוי געשפּיעלט אין פּעטערבורג מיט עפּעס אַ הויכען באַאַמטען, וועמען ער האָט בדעה געהאַט באַאיינ־פלוסען אַ גוטע מיינונג וועגען זיין געזעצטקייט און רייפקייט. „הונדערט איינס, הונדערט צוויי, צלם, הונדערט דריי", האָט מע־סיג געקלונגען זיין קול, און לאַווערעצקי האָט ניט געקענט פאַר־שטעהן, וואָס אַזעלכעס האָט אין איהם געקלונגען, צי אַ פאַרוואורף, צי זעלבסטצופריעדענהייט.

— קען מען זעהן מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ'ן? האָט ער אַ פרעג געטאָן און באַמערקט, אַז פאַנשין האָט זיך מיט נאָך אַ גרע־סערער ווירדיגקייט אַ נעהם געטאָן אויסמישען די קאַרטען. אפילו קיין שאָטען פון קיין קינסטלער האָט מען שוין אין איהם ניט באַ־מערקט.

— איך דענק, מען קען. זי איז ביי זיך, אויבען, — האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ געענטפערט: — ווערט געוואהר.

לאַווערעצקי איז אַוועק אויבען. מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ'ן האָט ער אויך געטראָפען ביי די קאַרטען: זי האָט געשפּיעלט אין דוראַק מיט נאַסטאַסיע קאַרפּאָוונאַ'ן. ראָסקאַ האָט אויף איהם אַ ביל געטאָן; נאָר ביידע אַלטע פרויען האָבען איהם פריינדליך אויפגענומען, ספּעציעל האָט מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ געשיינט צו זיין אין אַ גוטער שטימונג.

— אַ! פעדיאַ! ברוך הבא, — האָט זי אַ זאָג געטאָן: זעץ זיך, טאַטע מיינער. מיר וועלען באַלד פאַרענדיגען. ווילסט איינגעמאַכטס? שוראָטשקאַ, דערלאַנג איהם דעם סלאָי מיט מאַלינעס. ווילסט ניט? טאָ זיץ אַזוי; נאָר רויכערן — רויכער ניט; איך קען ניט פאַרטראָגען אייער טאַבאַק, און מאַטראָס פאַנגט אויך פון איהם אָן צו ניסען.

לאווּרעצקי האָט זיך אונטערגעאײַלט צו ערקלעהרען, אז ער וויל גאָר ניט רויכערן.

— ביסט געוועזען אונטען? — האָט די אַלטינקע פארטגע־זעצט: — וועמען האָסטו דאָרטען געזעהן? איז פאנשין נאָך אַלץ דאָרטען? און ליזא'ן האָסטו געזעהן? ניין? זי האָט גע־וואָלט אהערצו קומען... אָט איז זי טאקע אליין; געוועזען דער־מאָנען משיח'ן.

ליזא איז אַריין אין צימער און, דערזעהענדיג לאווּרעצקי'ן, האָט זי זיך פארדרויטעלט.

— איך בין אריין צו אייך אויף איין מינוט, מארפא טימאָפע־יעוונא, — האָט זי אָנגעפאנגען...

— פארוואָס עפּעס אויף איין מינוט? — האָט די אַלטע גע־פרעגט. — וואָס עפּעס קענט איהר אַלע, יונגע מיידען, אזוי ניט איינזיצען? זעהסט, ביי מיר איז דאָ א גאַסט: פלוידער אביסעל מיט איהם, אונטערהאַלט איהם.

ליזא האָט זיך צוגעזעצט אויף אַן עק שטוהל, אויפגעהויבען די אויגען אויף לאווּרעצקי'ן — און דערפיהלט, אז זי קען ניט איהם ניט מודיע זיין, מיט וואָס עס האָט זיך געענדיגט איהר באַ־געגעניש מיט פאנשינ'ען. נאָר ווי טוט מען דאָס? ס'איז איהר געווען אי א חרפּה אי עפּעס ניט היימליך. ווי לאַנג האָט זי זיך מיט איהם באקאַנט, מיט אָט דעם מענשען, וואָס געהט זעלטען אין קלויסטער, און טראָגט אזוי גלייכגילטיג איבער דעם טויט פון זיין פרוי, — און דאָ גיט זי איהם שוין איבער איהרע סודות... אמת, ער אינטערעסירט זיך מיט איהר; זי אליין גלויבט איהם און פיהלט צו איהם א צוציהונג; נאָר פונדעסטוועגען איז איהר גע־וואָרען א חרפּה, אקוראט ווי א פרעמדער וואָלט אריין אין איהר מיידעלשען, ריינעם צימער.

מארפא טימאָפעיעוונא איז איהר געקומען צו הילף.

— ווייל, אויב דו וועסט איהם ניט פאראונטערהאַלטען — האָט זי אָנגעפאנגען צו ריידען: — ווער־זשע וועט איהם, נעבעך, פאראונטערהאַלטען? איך בין פאַר איהם צו אַלט, ער איז פאַר מיר צו קלוג, און פאַר נאסטאסיא קארפּאָוונא איז ער צו אַלט, איהר גיב נאָר יונגיטשקע.

— מיט וואָס־זשע קען איך אונטערהאַלטען פעדאָר אי־וואַניטש'ען? — האָט ליזא אַ זאָג געטאָן. — אויב ער וויל, וועל איך פאר איהם בעסער עטוואָס אויסשפּיעלען אויף דער פּיאַנאָ, — האָט זי צוגעלעגט אומבאַשטימט.

— טאַקע, אויסגעצייכענט: דו ביסט ביי מיר אַ חכמה, — האָט מארפא טימאָפעיעוונא געענטפערט. — געהט ליעבענקע מיינע, אַרונטער; ווען איהר וועט ענדיגען — קומט אַרויף; און איך בין נאַר־וואָס געבליבען דער נאַר, פאַרדריסט מיך, וויל איך אָפּגעווינען.

ליזא איז אויפגעשטאַנען, לאַווּרעצקי איז אַוועק נאָך איהר. אַראָפּגעהענדיג די טרעפּ, האָט ליזא זיך אָפּגעשטעלט.

— עס איז אמת, וואָס מען זאָגט, — האָט זי אָנגעפאַנגען: אַז דאָס מענשליכע הארץ איז פול מיט ווידערשפּרוכען. אייער ביישפּיעל וואָלט מיך געדאַרפט איבערשרעקען, מיך מאַכען אומ־צוטרויליך צו חתונות אוים ליעבע, נאָר איך...

— איהר האָט איהם ענטזאָגט? — האָט לאַווּרעצקי איהר איבערגעשלאָגען.

— ניין; אָבער אויך ניט איינגעשטימט. איך האָב איהם אַלעס געזאָגט, אַלעס, וואָס איך האָב געפיהלט, און איהם געבעטען צו וואַרטען. זייט איהר צופריעדען? — האָט זי צוגעלעגט מיט אַ שנעלען שמייכעל, — און לייכט באַריהרענדיג דעם פּאַרענטש מיט דער האַנט, איז זי אַראָפּגעלאָפען פון די טרעפּ.

— וואָס זאָל איך אייך אויסשפּיעלען? — האָט זי אַ פרעג געטאָן און אויפגעהויבען דאָס דעקעל פון דער פּיאַנאָ.

— וואָס איהר ווילט, — האָט לאַווּרעצקי געענטפערט און זיך אַוועקגעזעצט אַזוי, אַז ער זאָל קענען קוקען אויף איהר.

ליזא האָט אָנגעפאַנגען צו שפּיעלען און לאַנג ניט אַראָפּגענומען די אויגען פון איהרע פינגער. ענדליך האָט זי אַ קוק געטאָן אויף לאַווּרעצקי'ן און זיך אָפּגעשטעלט: אַזוי זאָנדערבאַר און מאָדנע האָט זיך איהר אויסגעצייגט זיין פּנים.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

— גאָר ניט, — האָט ער געענטפערט: — מיר איז זעהר גוט; עס פרעהט מיך אייך זעהן, — שפּיעלט ווייטער.

— מיר דוכט, — האָט ליזא געזאָגט אין עטליכע סעקונדען ארום: — ווען ער וואָלט מיך טאַקע באמת ליעב געהאַט, וואָלט ער אָט דעם בריעף נישט אנגעשריבען; ער וואָלט געדאַרפט פיהלען, אַז איך קען איהם ניט ענטפערען איצטער.

— דאָס איז ניט וויכטיג, — האָט לאַווערעצקי אַ זאָג געטאָן:

— וויכטיג איז דאָס, וואָס איהר האָט איהם ניט ליעב.

— הערט אויף, וואָס איז דאָס פאַר אַ געשפּרעך! מיר דערעהט זיך פאַר די אויגען אייער זעליגע פרוי.. און איהר זייט מיר שרעקליך.

— ניט אמת, וואָלדעמאַר, ווי ליעבליך מיין ליזעט שפּיעלט?

— האָט מאַריא דמיטריעוונא געפרעגט אין דער זעלביגער צייט צו פּאַנשינ׳ען.

— יאָ, — האָט פּאַנשין געענטפערט: — זעהר ליעבליך.

מאַריא דמיטריעוונא האָט מיט צערטליכקייט אַ קוק געטאָן אויף איהר יונגען פּאַרטנער; נאָר יענער האָט אָנגענומען נאָך אַ מעהר וויכטיגען און זאָרגזאַמען אויסזעהן און ערקלעהרט פערצעהן קעניגען.

## 31.

לאַווערעצקי איז ניט געווען קיין יונגער מאַן; ער האָט זיך לאַנג ניט געקענט אָפּנאַרען מכח׳ן געפיהל, וואָס ליזא האָט אין איהם געשאַפען; ער האָט זיך געצליך טאַקע אין יענעם טאָג איבערצייגט, אַז ער האָט זיך אין איהר פאַרליעבט. ניט קיין סך פרייד האָט איהם אָט די איבערצייגונג געבראַכט. „האָב איך דען ניט, — האָט ער געקלעהרט, — ביי פינף־און־דרייסיג יאָהר קיין אנדער זאַך צו טאָן, ווי נאָכאַמאָל אָפּגעבען מיין נשמה אין די הענט פון אַ פרוי? נאָר ווי קומט ליזא צו יענער: זי וואָלט ביי מיר ניט געפאָדערט קיין שענדליכע קרבנות; זי וואָלט מיך ניט אָפּגעצויגען פון מיינע באַשעפטיגונגען; זי אַליין וואָלט מיך ערמוטיגט צו אָרענטליכער שטרענגער ארבייט, און מיר וואָלטען ביידע געגאַנגען פאָרווערטס, צו אַ שעהנעם ציעל. יאָ, — האָט ער געענדיגט זיין נאָכטראַכטען: — דאָס אַלעס איז גוט, ס׳איז נאָר

שלעכט, וואָס זי וועט מיט מיר ניט וועלען געהן. ניט אומזיסט האָט זי מיר געזאָגט, אז איך בין איהר שרעקליך. דערפאר האָט זי אויך פּאנשינ׳ען ניט ליעב... א שוואכע טרייסט״.

לאַוורעצקי איז אוועקגעפאָהרען קיין וואסיליעווסקאיע; נאָר ער האָט אפילו קיין פיער טעג דאָרטען ניט דורכגעלעבט, — אזוי אומעטיג האָט זיך איהם עס אויסגעצייגט. איהם האָט אויך פאר־מאַטערט די ערוואַרטונג: די ידיעה, וואָס הערר זשול האָט מיט־געטיילט, האָט געפאָדערט א באשטעטיגונג, נאָר ער האָט ניט ער־האַלטען קיין בריעף. ער האָט זיך אומגעקעהרט אין שטאָדט און איבערגעזעסען אָן אוועקגעגאנגען ביי די קאַליטינס. ער האָט לייכט געקענט באמערקען, אז מאריא דמיטריעוונא איז געגען איהם אויפגערייצט; נאָר איהם האָט זיך איינגעגעבען איהר אביסעל איבערבעטען, פארשפּילענדיג צו איהר א רובעל פּופצעהן אין קאר־טען, — און ער האָט פאַרבראַכט מיט ליזא׳ן כמעט א האַלבע שעה פּריוואַט, ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס די מוטער האָט איהר נאָך אויף דער נאכט געראַטען ניט צו זיין צו פאַמיליאַר מיט א מענשען “Qui a un si grand ridicule”. ער האָט אין איהר געפונען אַן ענדערונג: זי איז געוואָרען עפּעס פארטראכטער, זי האָט איהם פאָרגעוואָרפען פאר זיין אפּוועזענהייט און איהם א פרעג געטאָן, צי וועט ער אויף מאָרגען געהן אין קלויסטער? (אויף מאָרגען איז געוועזען זונטאָג).

— קומט, — האָט זי געזאָגט פריהער, איידער איהם האָט זיך איינגעגעבען צו ענטפערען: וועלען מיר צוזאַמען מתפּלל זיין פאר א י ה ר נשמה. נאָכדעם האָט זי צוגעלעגט, אז זי ווייסט ניט, ווי זיך נוהג זיין — זי ווייסט ניט, צי האָט זי א רעכט לענגער צווינגען פּאנשינ׳ען צו וואַרטען אויף איהר באשלוס.

— פאַרוואָס? — האָט לאַוורעצקי א פרעג געטאָן.

— דערפאר, — האָט זי געזאָגט: — וואָס איך פאנג שוין איצט אָן צו אָנשטויסען זיך, וואָס דאָס וועט זיין פאר א באשלוס.

זי האָט ערקלעהרט, אז דער קאָפּ טוט איהר וועה, און איז אוועק צו זיך אויבען, אומבאשטימט אויסציהענדיג צו לאַוורעצקי׳ן די שפּיצען פון די פינגער.

אויפ׳ן צווייטען טאָג איז לאַוורעצקי אוועק אין קלויסטער.

ווען ער איז געקומען איז שוין ליזא דארטען געווען. זי האט איהם באמערקט, כאטש זי האט זיך צו איהם ניט אויסגעקערעוועט. זי האט פלייסיג געזאגט די תפילות; שטיל האבען געלויכטען איהרע אויגען, שטיל האט זיך איהר קאפ איינגעבויגען און אויפגעהויבען. ער האט דערפיהלט אז זי איז מתפלל פאר איהם, — און א זאנדער־בארער געפיהל האט ארומגעכאפט זיין נשמה. ס'איז איהם געווען אי גוט, אי אביסעל א שאנד. דער עולם, וואס איז געשטאנען אזוי מיט שטאט, די היימישע פנים'ער, דאס הארמאנישע זינגען, דער גערוך פון ווייררויך, די לאנגע משופע'דיגע שטראהלען פון די פענסטער, די פינסטערניש גופא פון די ווענט און סקלעפען — אלעס האט גערעדט צו זיין הארצען. לאנג שוין איז ער ניט געווען אין קיין קלויסטער, לאנג שוין זיך ניט געווענדט צו גאט: ער האט אויך איצטער ניט ארויסגעבראכט קיין תפלה־ווערטער, — ער האט אהן ווערטער אפילו אויך ניט מתפלל געווען, נאר כאטש אויף איין סעקונדע, אויב ניט מיט'ן קערפער, איז ער מיט'ן גאנצען טראכטען זיינעם, צוגעפאלען הכנעה'דיג צו דער ערד. עס האט זיך איהם דערמאנט, ווי אין דער קינדהייט פלעגט ער אלע מאל אין קלויסטער אזוי לאנג זאגען די תפילות, ביז ער האט ניט דערפיהלט ביי זיך אויף'ן שטערען עמיצענס א צערטליכען ריהר; דאס, האט ער דעמאלט געקלעהרט, נעהמט מיך דער שוץ־מלאך, לעגט אויף מיר די חתימה פון אויסדערוועהלטקייט. ער האט א קוק געטאן אויף ליזא'ן... „דו האסט מיך אהער געבראכט, — האט ער א קלעהר געטאן: — ריהר־זשע זיך צו מיר צו, ריהר זיך צו צו מיין נשמה". און זי האט אלץ אזוי שטיל געזאגט די תפילות; איהר פנים האט זיך איהם אויסגעצייגט פרעהליך, און ער איז נאך אמאל געריהרט געווארען, ער האט געבעטען פאר אן אנדער נשמה פריעד, פאר זיינער — מחילה...

זיי האבען זיך באגעגענט אין פארהויף פון קלויסטער; זי האט איהם באגריסט מיט א פרעהליכער און ערנסטער וויכטיגקייט. די זון האט העל באלויכטען דאס יונגע גראז אויף דעם קלויסטער־הויף, די פיעל־קאלירטע קליידער און טיכער פון די פרויען; די גלעקער פון די ארומיגע קלויסטערס האבען אונטערגעברומט אין דער הויך; די וואראביישיקלאך האבען געצוויטשערט אויף די

פּלויטען. לאַווערעצקי איז געשטאַנען מיט אַן אָפּגעדעקטען קאָפּ און
געשמייכעלט; אַ גרינג ווינטעלע האָט אויפגעהויבען זיינע האָר
און די עקען פון ליזא'ס הוט-שפּיצען. ער האָט אריינגעזעצט
ליזא'ן און לענאָטשקאַ'ן, וועלכע איז געווען מיט איהר, אין דער
קאַרעטע, צוגעבען דאָס גאַנצע געלט אָרימע לייט און שטיל אַוועק־
געוואַנדערט אַהיים.

.32

עס זיינען אָנגעקומען שווערע טעג פאַר פעדאָר איוואַניטשען.
ער איז געווען אין אַ שטענדיגען פיבער. יעדען אין־דער־פריה
פלעגט ער אַוועקגעהן אויף דער פּאָסט, אין אויפרעגונג צופאַקען
בריעף און זשורנאַלען, — און אין ערגעץ גאָר ניט געפונען, וואָס
זאָל באַשטעטיגען אָדער אָפּלייקענען דעם פאַטאַלען קלאַנג. אַמאָל
פלעגט ער זיך אַליין נמאס ווערען: „וואָס וואַרט איך דאָ, —
האָט ער געטראַכט: ווי אַ ראָב אויף בלוט, אויף אַ ריכטיגער
ידיעה פון דעם ווייב'ס טויט!". צו די קאַליטינס איז ער גע־
גאַנגען יעדען טאָג; נאָר אויך דאָרטען איז איהם ניט געוואָרען
גרינגער: די ווירטין האָט דייטליך זיך געבלאָזען אויף איהם,
און איהם אויפגענומען אַלס אַ טובה; פּאַנשין איז זיך מיט איהם
באַגאַנגען צו העפליך; לעמם האָט אויף זיך אָנגעצויגען אַ מין
מיזאַנטראָפּיע און פלעגט זיך קוים פאַרנייגען צו איהם, און הויפּט־
זעכליך: ליזא פלעגט איהם עפּעס ווי אויסמיידען. ווען איהר איז
שוין יאָ אויסגעקומען צו בלייבען מיט איהם אַליין, פלעגט אין
איהר, אַנשטאָט דער פריהערדיגער צוטרויליכקייט זיך ארויס־
צייגען אַ צוטומעלטקייט; זי האָט ניט געוואוסט, וואָס איהם צו
זאָגען, און ער אַליין האָט געפיהלט אַ מין אויפרודערונג. ליזא
איז אין עטליכע טעג געוואָרען ניט די, וועלכע ער האָט געקענט:
אין איהרע באַוועגונגען, קול, אין דעם געלעכטער גופא האָט זיך
באַמערקט אַ געהיימער אומרוה, אַ אומגלייכהייט, וואָס איז קיינ־
מאָל פריהער ניט געוועזן. מאַריא דמיטריעוונאַ, ווי אַן עכטע
עגאָאיסטקע, האָט גאָר ניט חושד געווען; נאָר מאַרפאַ טימאָ־
פעיעוונאַ האָט אָנגעפאַנגען וואַרפען אויגען אויף איהר געליעב־

מער. לאווערעצקי האָט ניט איין מאָל זיך פאָרגעוואָרפען, וואָס ער האָט געצייגט ליזא'ן דעם נומער פון זשורנאַל, וועלכען ער האָט ערהאַלטען: ער האָט ניט געקענט זיך אַליין ניט מודה זיין, אז אין זיין גייסטיגען צושטאנד איז געווען עטוואָס אויפרעגענדעס פאר א ריינעם געפיהל. ער האָט זיך אויך משער געווען, אז די ענדערונג אין ליזא'ן איז פאָרגעקומען פון איהר קאַמף מיט זיך אַליין, פון איהרע ספקות: וואָס פאר אַן ענטפער צו געבען פאנשינ'ען? איינמאָל האָט זי איהם געבראכט א בוך, א ראָמאַן פון וואַלטער סקאט, וועלכען זי האָט אַליין ביי איהם געבעטען.

— איהר האָט איבערגעלייענט אָט דעם בוך? — האָט ער א זאָג געטאָן.

— ניין; איך בין איצטער ווייט פון ביכער, — האָט זי געענטפערט און געוואָלט אוועקגעהן.

— שטעהט א מינוט; איך בין מיט אייך שוין אזוי לאנג ניט געווען אַליין. איהר האָט עפּעס אזוי ווי מורא פאר מיר.

— פארוואָס, איך בעט אייך?

— איך ווייס ניט.

לאווערעצקי האָט אָפּגעשוויגען.

— זאָגט, — האָט ער אָנגעפאנגען: — איהר האָט זיך נאָך ניט באשלאָסען?

— וואָס ווילט איהר זאָגען? — האָט זי א זאָג געטאָן, ניט אויפהויבענדיג די אויגען.

— איהר פארשטעהט מיך...

ליזא האָט פּלוצלונג אויפגעפלאַמט.

— פרעגט מיך ניט פון גאָר ניט, — האָט זי א זאָג געטאָן מיט הארץ: איך ווייס גאר ניט; איך ווייס זיך אַליין ניט....

און זי איז טאקע גלייך אוועק.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז לאווערעצקי געקומען צו די קאַליטינס נאָך דעם מיטאָג־מאָהלצייט און געטראָפען דאָרטען אַלע פאָרבאַ־רייטונגען צו אַן אַלנאכטיגער גאטעסדיענסט. אין ווינקעל פון עס־צימער, אויפ'ן פיער־עקיגען טיש, באדעקט מיט א ריינעם טיש־טוך, זיינען שוין געשטאנען צוגעשפּארט צו דער וואנט קליינע היי־ליגע בילדער אין גילדערנע ראַמען, מיט קליינינקע טונקעלע עדעל־

שטיינער אין די קרענצעלאַך. אַן אַלטער דיענער אין אַ גרויען פראק און שטיבלעטען, איז דורכגעגאנגען, ניט איילענדיג און ניט קלאַפּענדיג מיט די קנאַפּעל, דורכ'ן גאַנצען צימער, אָוועקגעשטעלט צוויי וועקסענע ליכט אין צוויי דינינקע לייכטער פאַר די בילדער, זיך שטיל פארנייגט און ארויסגעגאַנגען. דער אומבאַלויכטענער גאסט־צימער איז געווען פוסט. לאַוורעצקי איז דורכגעגאַנגען דעם עס־צימער, געפרעגט צי איז ניט עמיצענס געבורטס־טאָג? ענטפערט מען איהם מיט אַ שושקען, אַז ניין, אַז דער גאַטעס־דיענסט איז באַשטעלט געוואָרען לויט'ן פארלאַנג פון ליזאַוועטא מיכאַילאָוונא און מארפא טימאָפעיעוונא; אַז זיי האָבען בדעה געהאַט ארויסהויבען די וואונדער־צייגענדע איקאָנא, נאָר זי איז אָפּגעפאָהרען צו אַ חולה ערגעץ פאר דרייסיג ווערסט. באַלד איז אָנגעקומען צוזאַמען מיט די דיאקעס דער גלח, שוין ניט קיין יונגער מענש, מיט אַ גרויסען פּליך, און האָט הויך אַ הוסט געטאָן אין פארצימער; די דאמען האָבען זיך באַלד א לאָז געטאָן אין אַ רייהע פונ'ם קאַבינעט און זיינען צוגעגאַנגען צו איהם נאָך אַ ברכה; לאַוורעצקי האָט שווייגענד זיך פאַר זיי פארנייגט. דער גלח איז אביסעל געשטאַנען, נאָך אַמאָל זיך אויסגעהוסט און גע־פרעגט מיט אַ שטילער באַסאָווער שטימע:

— איהר באַפעהלט אפשר צוטרעטען?

— טרעט צו פאָטערל, — האָט מאַריא דמיטריעוונא גע־ענטפערט.

ער האָט אָנגעפאַנגען צוריכטען זיינע בגדים; א דיאקל אין אַ קיטעל האָט אונטערטעניג געבעטען אַ הייסע קויל; עס האָט זיך דערהערט דער גערוך פון ווייררויך. פונ'ם פאָרצימער זיינען ארויסגעגאַנגען די דיענסטען און די לאַקייען און האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קאָמפּאַקט רעדעל פאר די טהירען. ראסקא, וואָס איז קיינמאָל אונטען ניט אראָפּגעגאַנגען, האָט זיך פלוצלונג באוויזען אין עס־צימער: מען האָט איהר אָנגעפאַנגען ארויס־צוטרייבען — זי האָט זיך איבערגעשראָקען, זיך אָנגעפאַנגען צו דרעהען און געבליבען זיצען; דער לאַקיי האָט זי אונטערגעכאַפּט און אַוועקגעטראָגען. דער גאַטעס־דיענסט האָט זיך אָנגעפאַנגען. לאַוורעצקי האָט זיך צוגעשפּאַרט אין אַ ווינקעלע; זיינע געפיהלען

זיינען געווען מאָדנע, כמעט טרויעריגע; ער האָט אַליין ניט גע־קענט גוט פאַנאַנדערקלייבען, וואָס ער האָט געפיהלט. מאַריאַ דמיטריעוונאַ איז געשטאַנען פאַראויס פאַר אַלעמען, פאַר די שטור־לען; זי האָט זיך גע׳צלם׳ט נאָכלעסיג — צופּעסטעט, פּריציש — אַט האָט זי זיך ארומגעקוקט, אַט האָט זי פּלוצלונג אויפגעהויבען די בליקען ארויף: זי האָט זיך געלאַנגווייליגט: מארפא טימאָפעיעווּ־נא האָט געשיינט צו זיין באַזארגט: נאסטאסיא קארפּאָוונא האָט אַלע מאָל זיך אַ לאָז געטאָן אויף די קניע און איז אויפגעשטאַנען מיט עפּעס אַן עניות׳דיגען און ווייכען גערויש; ליזאַ, ווי זי האָט זיך אוועקגעשטעלט, אזוי האָט זי זיך ניט באַוועגט און פון אָרט ניט געריהרט; לויט דעם קאָנצענטרירטען אויסדרוק פון איהר פּנים האָט מען געקענט טרעפען, אַז זי האָט פלייסיג און היים מתפּלל געווען. נאָך דער גאָטעס־דיענסט האָט זי אַ קוש געטאָן דעם צלם און אויך די גרויסע רויטע האַנט פון׳ם גלח. מאַ־ריאַ דמיטריעוונאַ האָט איהם איינגעלאַדען צו טרינקען טעה; ער האָט אראָפּגענומען דאָס שאַלכעל, אָנגענומען עטוואָס אַ וועלט־ליכען אנזעהן און איז אַוועק צוזאַמען מיט די דאַמעס אין גאסט־צימער. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ געשפּרעך, ניט קיין צו לע־בעדיגער. דער גלח האָט אויסגעטרונקען פיער טעפּלאַך טהע, געהאַלטען אין איין ווישען מיט אַ טיכעלע זיין פּליך, דערצעהלט, צווישען אַנדערעס, אַז דער סוחר אוואשניקאָוו האָט מנדב געווען זיבען הונדערט רובעל אויף אַפּצוגילטען דעם קלויסטער־„קומפאל”, און איבערגעגעבען אַ ריכטיגען מיטעל געגען זומער־שפּרינקעלאַך. לאַווּרעצקי האָט זיך געוואַלט צוזעצען נעבען ליזאַ׳ן, נאָר זי האָט זיך געהאַלטען שטרענג, כמעט גראָב, און האָט איין מאָל אויף איהם ניט אַ קוק געטאָן. זי האָט עפּעס ווי מיט אַן אַבזיכט איהם ניט באַמערקט; עפּעס אַ מין קאַלטע, וויכטיגע התפּעלות איז אויף איהר ארויף. לאַוורעצקי׳ן האָט זיך עפּעס אַלץ געגלוסט אַ שמייכעל טאָן און איהר זאָגען עפּעס אַמוזאַנטעס; נאָר אויפ׳ן הארצען איז ביי איהם געווען עפּעס אַ צוטומלעניש, און ער איז, ענדליך, אוועקגעגאַנגען אין עפּעס אַ געהיימער פאַר־לעגענהייט... ער האָט געפיהלט: עפּעס איז געווען אין ליזאַ׳ן, וואוהין ער האָט ניט געקענט אריינדרינגען.

א צווייטען מאָל, ווען לאַווּרעצקי איז געזעסען אין גאַסט־צימער און געהערט דאָס אַריינ׳גנב׳ענענדיגע, נאָר שווערע רעדען פון געדעאָנאָווסקי׳ן, האָט ער פּלוצלונג, אַליין ניט וויסענדיג פאַר־וואָס, זיך אויסגעקערעוועט צו ליזאַ׳ן און אויפגעכאַפּט א טיעפען, אויפמערקזאַמען, פאַרשענדען בליק אין ליזאַ׳ס אויגען... ער איז געווען געווענדט אויף איהם, אָט דער רעטזעלהאַפטער בליק. לאַוו־רעצקי האָט די גאַנצע נאַכט דערנאָך וועגען איהם געטראַכט. ער האָט געליעבט ניט ווי א יונגער, איהם האָט ניט געפּאַסט צו קרעכצען און באַקלאָגען זיך, און ליזאַ אַליין האָט אויך אַזאַ גע־פיהל ניט דערוועקט; נאָר די ליעבע האָט פאַר יעדען עלטער איהרע ליידען — און ער האָט זיי דורכגעלעבט גרינטליך.

.33

איינמאָל אין לאַווּרעצקי, לויט זיין געוואוהנהייט, געזעסען ביי די קאַליטינס. נאָך דעם אויסמאַטערענדען הייסען טאָג איז אָנגע־קומען אַזאַ שעהנער אָוונט, אַז מאַריאַ דמיטריעוונאַ, ניט קוקענדיג אויף איהר שנאה צו א צוג־ווינט, האָט געהייסען עפענען אַלע פענסטער און טהירען אין סאָד און ערקלערט, אַז זי וועט אין קאָרטען ניט שפּיעלען, אַז עס איז פּשוט א זינד אין אַזאַ וועטער צו שפּיעלען אין קאָרטען, נאָר מען דאַרף זיך קוויקען מיט דער נאַטור. פון די געסט איז געווען נאָר איין פּאַנשין. ער איז געווען אָנגעשטימט פון׳ם אָוונט, ניט געוואָלט זינגען פאַר לאַווּרעצקי׳ן, נאָר ער האָט דערפיהלט דעם שטראָם פון קונסט־געפיהלען און זיך א לאָז געטאָן אין פּאָעזיע: איבערגעלייענט גוט, נאָר צו באַ־וואוסטזיניג און מיט אומנויטיגע חריפות, עטליכע ליעדער פון לערמאָנטאָוו׳ן (דעמאָלט איז נאָך פּושקין צוריק ניט געהאַט אַריין אין דער מאָדע) — און פּלוצלונג, ווי ער וואָלט זיך פאַרשעהמט פאַר׳ן אויסגיסען פון זיין האַרץ, האָט ער אָנגעפאַנגען, אויפ׳ן מאָטיוו פון דער באַוואוסטער „דומאַ“, צו טאַדלען און צו באַשול־דיגען דעם יונגען דור; דערביי האָט ער ניט דורכגעלאָזט דעם צופאַל צו ערקלעהרען, ווי ער וואָלט אַלעס א דרעה געטאָן אויף זיין שטייגער, ווען די מאַכט זאָל זיין ביי איהם אין די הענט. „רוס־

לאנד, — זאָגט ער, — איז אפּגעשטאַנען פון אייראָפּא; מען דאַרף זי אונטערטרייבען. מען טענה'ט, אז מיר זיינען יונג — דאָס איז בלאָטע; דערצו נאָך האָבען מיר ניט קיין ערפינדונגס-חוש: כ—וו אליין איז זיך מודה, אז מיר האָבען אפילו קיין מייז-פאַסטקע ניט אויסגעטראַכט. פאַרשטעהט זיך, אז ניט ווילענדיג מוזען מיר נאָכטאַנצען פרעמדע. מיר זיינען קראַנק, זאָגט לער-מאָנטאָוו, — איך בין מיט איהם איינשטימיג; נאָר קראַנק זיינען מיר דערפאַר, וואָס מיר זיינען נאָר געוואָרען האלבע אייראָ-פּעער; מיט דעם וואָס מיר האָבען געגרייזט, דערמיט דאַרפען מיר זיך היילען („le cadastre" האָט לאַווערעצקי א טראַכט גע-טאָן). — ביי אונז, — האָט ער פאָרטגעזעצט, — האָבען זיך די בעסטע קעפּ שוין לאַנג איין דעם איבערצייגט; אלע פעלקער זיינען אין תוך אַריין אלץ איינס; פיהרט נאָר איין גוטע איינריכטונגען — און די זאַך איז געענדיגט. מען קען זיך אפילו צופּאַסען צום עקזיסטירענדען פאָלקס-לעבען; דאָס איז אונזער זאַך, די זאַך פון מענשען... (ער האָט שיער ניט געזאָגט: רעגירונגס-מענשען) פון באַאמטע; נאָר, אין פאַל פון א נויט, זאָרגט אייך ניט: די איינ-ריכטונגען וועלען איבערמאַכען דאָס לעבען גופא". מאַריא דמיט-ריעוונא האָט מיט געפיהל פאַטאַקעוועט פאַנשינ'ען. „אָט ס'אַ קלוגער מענש, — האָט זי געטראַכט, — זיצט ביי מיר און שמו-עסט". ליזא האָט געשוויגען, צוטוליענדיג זיך צום פענסטער; לאַוו-רעצקי האָט אויך געשוויגען; מאַרפאַ טימאָפעיעוונא, וואָס האָט גע-שפּיעלט אין א ווינקעלע אין קאָרטען מיט איהר פריינדין, האָט עפּעס געבורטשעט זיך אונטער'ן נאָז. פאַנשין האָט ארומגעשפּאַנט איבער'ן צימער און גערעדט שעהן, נאָר מיט א געהיימען כעס: כ'האָט געדוכט, אז ער האָט געטאַדעלט ניט דעם גאַנצען דור, נאָר עטליכע איהם באַקאַנטע מענשען. ביי די קאַליטינס אין סאָד, אין א גרויסען קוסט פון בעז האָט געלעבט א נאַכטיגאַל; זיינע ערשטע אווענט-קלאַנגען האָבען זיך צוגאָסען אין די פּויזען פון דער מליצה'-ריגער רעדע; די ערשטע שטערען האָבען זיך אנגעצונדען אויף דעם ראָז-קאָלירטען הימעל, איבער די אומבאַוועגליכע שפּיצען פון די לינדען-בוימער. לאַווערעצקי האָט זיך אויפגעהויבען און אָנגע-פאַנגען אָפּצוענטפערען פאַנשינ'ען; עס האָט זיך אָנגעפאַנגען א

ויכוח. לאַווּרעצקי האָט פּאַרטיידיגט די יוגענד און זעלבסטשטענ־דיגקייט פון רוסלאַנד; האָט אַוועקגעגעבען זיך, זיין דור אַלס קרבן, נאָר זיך איינגעשטעלט פאַר די נייע מענשען, פאַר זייערע איבער־צייגונגען און פאַרלאַנגען; פּאַנשין האָט אָפּגעענטפערט, צורייצט און שאַרף, ערקלערט, אַז קלוגע מענשען דאַרפען אַלעם איבער־מאַכען, און לסוף אַזוי ווייט אַוועק, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסען זיין קאַמער־יונקערישען ראַנג און אַמטליכע קאַריערע און גערו־פען לאַווּרעצקי׳ן אָפּגעשטאַנענער קאָנסערוואַטאָר, אפילו אַ וואונק געטאָן — אמת, זעהר אומדירעקט, — אויף זיין פאַלשער לאַגע אין דער געזעלשאַפט. לאַווּרעצקי איז ניט אין כעס געוואָרען, ניט פאַרשטאַרקט דאָס קול (ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מיכאַלעוויטש האָט איהם אויך גערופען אָפּגעשטאַנענער — אבער וואָלטעריאַנער) —און רוהיג צוקלאַפּט פּאַנשינ׳ען אויף אַלע פּונקטען. ער האָט איהם באַוויזען די אומעגליכקייט פון שפּרונגען און גאוה־דיגע ענדערונגען פון דער הויכקייט פון אַמטליכען באַוואוסטזיין, — ענדערונגען, וואָס ווערען ניט באַרעכטיגט ניט דורך דער קענטניש פון דעם אייגען לאַנד, ניט דורך דעםווירקליכען גלויבען אין אַ אידעאַל, כאָטש אַ נעגאַטיווען; געבראַכט אַלס ביישפּיעל זיין אייגענע ערציהונג, געפאָדערט פריהער פון אַלעם די אַנער־קענונג פון פאָלקס־אמת און הכנעה פאַר איהם, — יענע הכנעה, אָהן וועלכער עס איז אויך אוממעגליך דרייסטקייט נעגען פאַלש־קייט; זיך ניט אָפּגעוועגדט, לסוף, פון׳ם פאַרדיענטען, לויט זיין מיינונג, פאָרוואורף אין לייכטזיניגען פאַרשווענדען פון צייט און כחות.

— דאָס אַלעס איז שעהן! — האָט, ענדליך, אויסגעשריהען פּאַנשין אַן אויפגערייצטער: — אָט האָט איהר זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, — וואָס־זשע קלייבט איהר זיך צו טאָן?

— אַקערן די ערד, — האָט לאַווּרעצקי געענטפערט: — און פלייסען זיך וואָס בעסער זי צו אַקערן.

— דאָס איז זעהר לויבענסווערט, אָהן ספק, — האָט פּאַנ־שין געענטפערט: — און מיר האָט מען שוין דערצעהלט, אַז איהר האָט געמאַכט גרויסע פאַרשריטען אויף דעם געביעט: נאָר,

איהר מוזט דאָך איינשטימען, אז ניט יעדער איז פעהיג צו באַשעפטיגען פון אָט דעם מין.

— Une nature poetique, — האָט מאַריא דמיטריעוונא אנגעפאנגען צו ריידען: — פארשטעהט זיך קען ניט אקערען... et puis, זענט איהר בארופען, וולאדימיר ניקאָלאיעוויטש, צו טאָן אַלעס en grand.

דאָס איז שוין געווען צו־פיעל אפילו פאר פאנשינ׳ען: ער האָט דאָס פארריבען — און פארריבען דעם געשפּרעך. ער האָט געמאכט א פארזוך איבערפיהרען דעם געשפּרעך אויף דער שעהנקייט פונ׳ם אויסגעשטערענטען הימעל, אויף שובערט׳ס מוזיק — אלעס האָט זיך אָבער ניט געקלעפּט; ער האָט געענדיגט דערמיט, וואָס ער האָט פאָרגעלעגט מאַריא דמיטריעוונא׳ן צו שפּיעלען מיט איהר אין קאָרטען. „ווי! אין אזא אָוונט?״ האָט זי שוואך אָפּגעענטפערט; דאָך האָט זי געהייסען ברייננגען די קאָרטען.

פאנשין האָט מיט א קנאק צוריסען א ניי פּעשעל קאָרטען, און ליזא און לאווּרעצקי, אקוראט ווי זיי וואָלטען זיך צוזאמענגערעדט, זיינען ביידע אויפגעשטאנען און זיך אוועקגעזעצט נעבען מאַרפא טימאָפעיעוונא׳ן. עס איז זיי פּלוצלונג ביידען געוואָרען אזוי גוט, אז זיי האָבען אפילו מורא געהאט צו בלייבען אין צווייען, — און אין דער זעלביגער צייט האָבען זיי ביידע דערפיהלט, אז דער שרעק, וואָס זיי האָבען ביידע דורכגעלעבט אין די לעצטע עטליכע טעג איז פארשוואונדען און וועט זיך שוין מעהר קיינמאָל ניט צוריקקעהרען. די אַלטינקע האָט בגנבה עטליכע מאָל א גלעט געטאָן לאווּרעצקי׳ן אין באק, כיטרע פארזשמורעט די אויגען און עטליכע מאָל א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, שטיל מורמלענדיג: „באארבייט דעם חכם, א דאנק״. אין צימער איז אלעס פארשטילט געוואָרען; ס׳האָט זיך געהערט דאָס אונטערטראָסקען פון די וועקסענע ליכט, און אמאָל א קלאַפּ פון א האנט איבער׳ן טיש, און א אויסגעשריי אָדער דאָס צעהלען פון די „אויגען״, — און צוזאמען מיט דער פייכטער קיהלקייט האָט זיך דורך די פענסטער אריינגעגאָסען ווי א ברייטער שטראָם דאָס קרעפּטיגע, ביז חוצפה קלינגענדיגע, ליעד פון דעם נאכטיגאַל.

34.

ליזא האָט קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט בעת'ן ויכוח צווי־שען לאווערעצקי'ן און פאַנשינ'ען נאָר אויפמערקזאם איהם נאָכ־געפאָלגט און איז אינגאנצען געווען אויף לאווערעצקי'ס זייט. פאָליטיק האָט איהר זעהר ווינציג אינטערעסירט; נאָר דער זעלבסט־צוטרויאונגס־טאָן פון דעם וועלטליכען טשינאָווניק (ער האָט זיך נאָך קיינמאָל אזוי ניט ארויסגעזאָגט) האָט איהר אָפּגע־שטויסען; זיין פאראכטונג צו רוסלאנד האָט איהר באַליידיגט. ליזא'ן איז אפילו אין קאָפּ ניט אריין, אז זי איז א פּאטריאָטקע; נאָר מיט רוסישע מענשען איז איהר עפּעס געווען גוט אויף דער נשמה; זי פלעגט, אָהן צערעמאָניעס, שטונדען לאנג שמועסען מיט'ן סטאראָסטא פון איהר מוטער'ס גוט, ווען ער פלעגט קומען אין שטאָדט אריין, און טאקע שמועסען מיט איהם ווי מיט איהרס א גלייכען, אָהן קיין שום נאָכזיכטיגקייט. לאווערעצקי האָט דאָס אלעס געפיהלט: ער וואָלט זיך גאָר ניט געשטעלט אָפּענטפערען פאַנשינ'ען אליין; ער האָט נאָר גערעדט צוליעב ליזא'ן. איינער דעם צווייטען האָבען זיי גאָר ניט געזאָגט, אפילו זייערע אויגען האָבען זיך זעלטען באגעגענט; נאָר ביידע האָבען זיי פארשטאַ־נען, אז זיי זיינען זיך ענג צוזאמענגעקומען אין דעם אָוועגט, פארשטאנען, אז זיי האָבען אי ליעב אי ניט־ליעב איינס און דאָס זעלבע. נאָר אין איין זאך זיינען זיי זיך צוגאַנגען; נאָר ליזא האָט געהיים געהאָפּט צופיהרען איהם צו גאָט. זיי זיינען געזעסען נעבען מארפא טימאָפעיעוונא און, ס'האָט זיך געדוכט, זיי האָ־בען נאָכגעפאָלגט איהר שפּיעל; און זיי האָבען אין דער ווירק־ליכקייט נאָך איהר טאקע נאָכגעפאלגט —— און דערווייל האָט דאָס הארץ ביי יעדען פון זיי געוואקסען אין ברוסט, און קיין זאך איז פאר זיי ניט פארלאָרען געגאַנגען: פאר זיי האָט געזונגען דער נאכטיגאל, און די שטערען האָבען געברענט, און די ביימער האָבען שטיל זיך געשושקעט, פארוויגטע אי פונ'ם שלאָף, אי פון דער ווייכקייט פונ'ם זומער, אי פון דער וואַרעמקייט. לאווערעצקי האָט זיך אינגאנצען איבערגעגעבען דער כוואַליע, וואָס האָט איהם ארומגעכאַפּט — און האָט זיך געפרעהט; נאָר קיין וואָרט קען

ניט אויסדריקען, וואס ס'איז פארגעקומען אין דער רייגער נשמה פונ'ם מיידעל: דאס איז געווען א סוד פאר איהר אליין; זאל־זשע דאס בלייבען א סוד פאר אלעמען. קיינער ווייסט ניט, קיי־נער האט ניט געזעהן און וועט קיינמאל ניט דערזעהן, ווי אזוי עס גיסט זיך אן און צייטיגט זיך אינ'ם שוים פון דער ערד א קער־רענדעל, וואס ווערט גערופען צו לעבען און בליהונג.

דער זייגער האט אויסגעשלאגען צעהן. מארפא טימאפע־יעוונא איז אוועק צו זיך אויבען מיט נאסטאסיא קארפאוונא'ן; לאווורעצקי און ליזא זיינען זיך דורכגעגאנגען איבער'ן צימער, זיך אפגעשטעלט פאר דער אפענער טיר פונ'ם סאד, האבען א קוק געטאן אין דער פינסטערער ווייטקייט, נאכדעם איינער אויפ'ן צווייטען — און זיך צושמייכעלט; אט אזוי, דאכט זיך, וואלטען זיי זיך אנגענומען ביי די הענט און זיך אנגערעדט צו זאט. זיי האבען זיך אומגעקערט צו מאריא דמיטריעוונא'ן און פאנשינען, ביי וועלכע דער קארטען־שפיעל האט זיך פארצויגען. דער לעצ־טער „קעניג" האט זיך ענדליך געענדיגט, און דיווירטין איז אויפגעשטאנען זיפצענדיג און אכצענדיג, פון דעם, מיט קישעלאך באלעגטען שטוהל; פאנשין האט גענומען דעם הוט, א קוש געטאן ביי מאריא דמיטריעוונא'ן די האנט, באמערקט, אז אנדערע מוצלחים וועט קיין זאך ניט שטערען צו שלאפען און הנאה האבען פון דער נאכט, נאר ער וועט מוזען איבערזיצען ביז אינדערפריה איבער נארישע פאפירען, קאלט זיך פארנייגט פאר ליזא'ן (ער האט ניט ערווארטעט, אז אלס ענטפער אויף זיין פארשלאג זאל זי בעטען צוואווארטען, — און דערפאר האט ער זיך אויף איהר געבלאזען) — און איז אוועק. לאווורעצקי איז באלד נאך איהם אוועקגעגאנגען. ביים טויער האבען זיי זיך צושיידט; פאנשין האט אויפגעוועקט זיין קוטשער, א שטויס טוענדיג איהם מיט'ן שפיץ שטעקעל אין האלדז, זיך אריינגעזעצט אין עקיפאזש און אוועקגעפאהרען. לאווורעצקי'ן האט זיך ניט געוואלט געהן א היים: ער איז ארויס פון שטאדט אין פעלד. די נאכט איז גע־ווען שטיל און ליכטיג. הגם קיין לבנה איז ניט געווען; לאוו־רעצקי האט לאנג געוואנדערט איבער דעם באטוי'טען גראז; ער איז ארויף אויף עפעס א שמאל סטעזשקעלע; ער איז דערמיט

אוועק. דאָס האָט איהם צוגעפיהרט צו א לאַנגען פלויט, צו א טויער; ער האָט א פּרואוו געטאָן, אליין ניט ווימענדיג פארוואָס, איהם א שטויס טאָן: ער האָט שוואַך א סקריפּע געטאָן און זיך אויפגעעפענט, אַקוראַט ווי ער וואָלט געווארט אויפ'ן ריהר פון זיין האנט. לאַוורעצקי טוט אַ קוק: ער איז אין א סאָד; מאַכט ער עטליכע טריט איבער א לינדען־בוים אַלעע און פלוצלונג שטעלט ער זיך אָפּ אין פאַרוואונדערונג: ער דערקענט דעם סאָד פון די קאַליטינס.

ער איז גלייך אַריין אינ'ם שוואַרצען פלעק פון דעם שאָטען, וואָס איז געפאלען פון א געדיכטען ניסען־קוסט, און לאַנג געשטאַנען אומבאַוועגליך, זיך געחדוש'ט און געקנייטשט מיט די פּלייצעס.

„דאָס איז ניט אומזיסט", האָט ער א קלער געטאָן.

אַלעס ארום איז געווען שטיל; פון דער זייט פון הויז האָט זיך ניט דערטראָגען קיין שום קלאַנג. ער איז פאָרזיכטיג אַ־יועקגענאַנגען פאָראויס. ביים בויג פון דער אלעע, האָט דאָס גאנצע הויז פלוצלונג אויף איהם אַ קוק געטאָן מיט זיין פינסטערען פנים; נאָר אין צוויי פענסטער אויבען האָט שוואַך געשיינט א ליכט: ביי ליזאַ'ן האָט געברענט אַ ליכטעל הינטער דעם ווייסען פאָרהאַנג, און ביי מארפאַ טימאָפעיעוונאַ אין שלאָף צימער האָט פאר'ן הייליגען בילד מיט א רויט פייערעל געברענט אַ לעמפּעלע און זיך אָפּגעשפּיגעלט אויפ'ן גאָלד ארום דער ראַם; אונטען אויפ'ן באַלקאָן האָט ברייט געגענעצט די טיר, איינגאַנצען א צורעפּענטע. לאַוורעצקי האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דעם הילצערנעם בענקעל, זיך אונטערגעשפּאַרט מיט דער האַנט און זיך גענומען קוקען אויף אָט דער טיר און אויף ליזאַ'ס פענסטער. אין שטאָדט האָט דער זייגער אויסגעקלאַפּט צוועלף; אין הויז האָט א קליינינקער זייגער דין אויסגעקלונגען צוועלף; דער וועכטער האָט דריבנע אַ קלאַפּ געטאָן איבער אַ ברעט. לאַוורעצקי האָט גאָר ניט געקלערט, אויף גאָר ניט געווארט; ס'איז איהם אנגענעהם געווען זיך צו פיהלען נאָהענט פון ליזאַ'ן, זיצען אין איהר סאָד אויף אַ בענקעל, וואו זי איז אויך געזעסען ניט איינמאָל... דאָס ליכט איז פאַרשוואונדען אין ליזאַ'ס צימער.

„אַ גוטע נאַכט, מיין ליעב מיידעל", האָט לאַוורעצקי אַרויס־

געמורמעלט און איז ווייטער געזעסען אומבאוועגליך, ניט אראפּ־נעמענדיג די אויגען פון דעם פענסטער, וואָס איז נאָר־וואָס פינ־סטער געוואָרען.

פּלוצלונג האָט זיך באַוויזען אַ שיין אין איינעם פון די פענ־סטער פון דעם אונטערשטען עטאַזש, איבערגעגאַנגען אין אַ צוויי־טען, אין אַ דריטען... עמיצער איז מיט אַ ליכט געגאַנגען איבער די צימערען. „זאָל דאָס זיין ליזא? ס'קען ניט זיין?..."

לאַוורעצקי האָט זיך אונטערגעהויבען... עס האָט אַ פינקעל געטאָן אַ באַקאַנט געזיכט, און ליזא האָט זיך באַוויזען אין גאַסט־צימער. אין אַ ווייס קלייד, מיט ניט־צופלאָכטענע צעפּ איבער די פּליי־צעס, איז זי שטילינקערהייד צוגעגאַנגען צום טיש, זיך איינגעבוי־גען איבער איהם, אַוועקגעשטעלט די ליכט און עפּעס אַ זוך גע־טאָן; נאָכדעם האָט זי זיך אויסגעקערעוועט מיט'ן פּנים צום סאָד, צוגעקומען נעהענטער צו דער אָפענער טיר, און איינגאַנצען אַ ווייסע, אַ גרינגע, אַ שלאַנקע זיך אפּגעשטעלט אויף דער שוועל. אַ ציטער איז דורכגעלאָפען איבער לאַוורעצקי'ס אברים. — ליזא! — האָט זיך אָפּגעריסען קוים הערבאַר פון זיינע ליפּען.

זי האָט אַ ציטער געטאָן און אָנגעפאַנגען זיך איינקוקען אין דער פינסטערניש.

— ליזא! — האָט ער איבערגעחזר'ט העכער און איז ארויס־געגאַנגען פונ'ם שאָטען פון דער אַלעע.

ליזא האָט מיט שרעק אויסגעצויגען דעם קאָפּ און זיך אַ וואַקעל געטאָן צוריק; זי האָט איהם דערקענט. ער האָט זי אָנ־גערופען צום דריטען מאָל און אויסגעצויגען צו איהר די הענט. זי האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער טיר און איז אריין אין סאָד.

— איהר? — האָט זי אַ זאָג געטאָן. — איהר זענט דאָ?

— איך... איך... הערט מיך אויס, — האָט לאַוורעצקי ארויסגעמורמעלט און האָט זי, אָנכאַפּענדיג איהר ביי דער האַנט, אַוועקגעפיהרט צום בענקעל. ..

זי איז געגאַנגען נאָך איהם אָהן ווידערשטאַנד; איהר בלאַס געזיכט, איהרע אומבאוועגליכע אויגען, אַלע איהרע באַוועגונגען האָבען דערצעהלט פון אומאויסדרוקבאַרער פאַרוואונדערונג.

לאווראַצקי האָט זי אַוועקגעזעצט אויפ'ן בענקעל און אַליין זיך אַוועקגעשטעלט פאַר איהר.

— איך האָב ניט געקלערט אַהערצו קומען, — האָט ער אָנ־געפאנגען: — מיך האָט געבראַכט... איך... איך... איך האָב אייך ליעב, — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַן איינגעהאַלטענעם שרעק.

ליזא האָט פּאַמעלעך אויף איהם אַ קוק געטאָן; עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ערשט אין דער רגע האָט זי באַגריפען, וואו זי איז און וואָס מיט איהר טוט זיך. זי האָט זיך געוואָלט אויפ־הויבען, ניט געקענט און פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט.

— ליזא, — האָט לאַווראַצקי אַרויסגעזאָגט: — ליזא, האָט האָט ער איבערגע'חזר'ט און זיך אַראָפּגעלאָזט צו איהרע פיס...

איהרע אַקסלען האָבען לייכט אויפגעציטערט, די פינגער פון די בלאַסע הענט האָבען זיך פעסטער צוגעדריקט צום פּנים.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט לאַווראַצקי אַ זאָג געטאָן און דערהערט אַ שטיל כליפּען. דאָס הארץ איז איהם פאַרקיהלט געוואָרען... ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס די טרערען באַדייטען. — טאַקע איהר האָט מיך ליעב? — האָט ער אַרויסגעמורמעלט און זיך צוגעטוליעט צו איהרע קניע.

— שטעהט אויף, — האָט זיך דערהערט איהר שטימע: שטעהט אויף, פעדאָר איוואַניטש. וואָס טוען מיר דאָס מיט אייך?

ער איז אויפגעשטאַנען און זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהר אויפ'ן בענקעל. זי האָט שוין ניט געוויינט און אויפמערקזאַם געקוקט אויף איהם מיט איהרע פייכטע אויגען.

— איך האָב מורא: וואָס טוען מיר דאָס? — האָט זי ווידערהאָלט.

— איך האָב אייך ליעב, — האָט ער ווידער אַ זאָג געטאָן:
— איך בין גרייט אייך אַוועקגעבען מיין גאַנץ לעבען.

זי האָט ווידער אַ ציטער געטאָן, אַקוראַט ווי ס'וואָלט איהר עפּעס אַ ביס געטאָן, און האָט אויפגעהויבען די בליקען צום הימעל.

— דאָס איז אַלץ אין גאָט'ס האַנט, — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

— נאָר איהר האָט מיך ליעב? מיר וועלען זיין גליקליך?
זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגען; ער האָט זי שטיל צוגע־צויגען צו זיך, און איהר קאָפּ איז געפאַלען אויף זיין אַקסעל... ער האָט עטוואָס אָפּגענייגט זיין קאָפּ און האָט זיך צוגעריהרט צו איהרע בלאַסע ליפּען.

---

אין א האַלבע שעה אַרום איז שוין לאווּרעצקי געשטאַנען פאַר'ן טויער פונ'ם סאָד. ער האָט איהם געטראָפען צוגעשלאָסען און איז געווען געצוואונגען אַריבערצושפּרינגען איבער'ן פּלויט. ער האָט זיך אומגעקערט אין שטאָדט און איז אוועק איבער די איינגעשלאָפענע גאַסען. א געפיהל פון אומערוואַרטעטער, גרויסער פרייד האָט אָנגעפילט זיין נשמה; אַלע ספקות אין איהם זיינען אָפּגעשטאָרבען. „ווער פאַרשוואונדען, פאַרגאַנגענהייט, פינסטערער חלום, — האָט ער געטראַכט: — זי האָט מיך ליעב, זי וועט זיין מיינע”. פּלוצלונג האָט זיך איהם געדאַכט, אז אין דער לופט, איבער זיין קאָפּ, האָבען זיך צוגאָסען עפּעס וואונדערבאַרע, פייערליכע קלאַנגען; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט: די קלאַנגען האָבען זיך צודונערט נאָך פרעכטיגער; אין א זינגענדען קרעפטיגען שטראָם האָבען זיי זיך צוגאָסען, — און אין זיי האָט דאַכט זיך, גערעדט און געזונגען זיין גאַנץ גליק. ער האָט זיך אומגעקוקט: די קלאַנגען האָבען זיך געטראָגען פון צוויי אויבערשטע פענסטער אין א קליין הויז.

— לעמם! — האָט לאווּרעצקי אויסגעשריהען און איז אוועקגעלאָפען צום הויז. — לעמם! לעמם! — האָט ער איבערגעחזר'ט הויך.

די קלאַנגען זיינען אָפּגעשטאָרבען, און די פיגור פון דעם אַלטען אין א שלאָפראָק, מיט א צועפענטער ברוסט און צופּאַטעלטע האָר, האָט זיך באַוויזען אין פענסטער.

— אהא! האָט ער אַרויסגערעדט מיט ווירדע: — דאָס זענט איהר?

— כריסטאָפאָר פעדאָראָוויטש, וואָס איז דאָס פאַר אַן אויסטערלישע מוזיק! אום גאָטעס ווילען, לאָזט מיך אריין.

דער אַלטער האָט קיין וואָרט ניט גערעדט, מיט א מאַיעסטעט

טעטישער באוועגונג פון דער האנט האט ער דורכ'ן פענסטער ארויסגעווארפען א שליסעל פון דער טיר אין גאס. לאווערעצקי איז פלינק ארויפגעלאפען אויבען, ארייגעגאנגען אין צימער און געוואלט זיך א לאז טאן צו לעמם'ען; נאר יענער האט איהם באפעהלענד אנגעציינגט אויף א שטוהל, אפגעריסען געזאגט: „זעצט אייך און הערט"; אליין זיך געזעצט ביי דער פיאנא, גאוה'דיג און שטרענג א קוק געטאן ארום־און־ארום און אנגעפאנגען צו שפיעלען. לאווערעצקי האט שוין לאנג ניט געהערט אזא שפיעלען; א זיסע, העפטיגע מעלאדיע האט פונ'ם ערשטען קלאנג ארומגעכאפט דאס הארץ; זי האט אינגאנצען געלויכטען, איבגאנצען אויסגעגאנגען פון באגייסטערונג, גליק, שעהנקייט; זי איז געוואקסען און צעגאנגען; זי האט באריהרט אלעס, וואס ס'איז טייער, געהיים, היילינ אויף דער וועלט; זי האט געאטעמט מיט אומשטערבליכען טרויער און איז אוועקגעגאנגען שטארבען אין די הימלען. לאווערעצקי האט זיך אויסגעגלייכט און געשטאנען, א פארקיהלטער און בלאסער פון ענטציקונג. אט די קלאנגען האבען זיך פשוט איינגעגעסען אין זיין נשמה, וואס איז נאר־וואס אויפגעטרייסעלט געווארען פון דעם גליק פון ליעבע; זיי אליין האבען געפלאמט מיט ליעבע. „וויעדערהאלט", האט ער ארויסגעמורמעלט, ווי נאר ס'האט זיך דערהערט דער לעצטער אקארד. דער אלטער האט אויף איהם געווארפען אן אדלער־בליק, זיך א פאר מאל א קלאפ געטאן מיט דער האנט איבער דער ברוסט און, א זאג טוענדיג, ניט איילענדיג, אויף זיין אייגענער מוטער־שפראך: „דאס האב איך געמאכט, דען איך בין א גרויסער מוזיקער", האט ער איבער־א־נייס אויפגעשפילט זיין וואונדערבארע קאמפאזיציע. אין צימער זיינען ניט געווען קיין ליכט; די שיין פון דער אויפגעהענדער לבנה איז משופה געפאלען אין די פענסטער; קלינגענד האט געציטערט די דורכדרינגענדע לופט; דאס קליין, בלאס צימערל האט אויסגעקוקט ווי עפעס א מקום־קדוש, און הויך, און באגייסטערט האט זיך געהויבען אין דער זילבער־קאלירטער האלב־פינסטערניש דער קאפ פון דעם אלטען. לאווערעצקי איז צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם ארומגענומען. צוערשט האט לעמם ניט געענטפערט אויף זיין אומארמונג,

האט איהם אפילו אָפּגעשפּארט מיט'ן עלענבויגען; לאנג, ניט ריהרענדיג זיך מיט קיין איין אבר, האט ער געקוקט אזוי שטרענג, כמעט גראָב, און נאָר אַ מאָל צוויי אַ רעווע געטאָן: אהא! ענדליך האט זיך זיין פארענדערט פּנים בארוהיגט, מילדער געוואָרען און ער האָט, אלס ענטפער אויף לאווריעצקי'ס הייסע גליקווינשע, צוערשט אביסעל אַ שמייכעל געטאָן, נאָכדעם זיך צוּווינט, שוואך כליפּענדיג, ווי אַ קינד.

— דאָס איז וואונדערבאר, — האָט ער געזאָגט: — וואָס איהר זענט גראד איצט געקומען; נאָר איך וויים, אַלץ וויים איך.

— איהר ווייסט אלעס? — האָט לאווריעצקי ארויסגערעדט מיט פארווירונג.

— איהר האָט מיך געהערט, — האָט לעמם געענטפערט: — האָט איהר דען ניט פארשטאַנען, אז איך וויים אלעס?

לאווריעצקי האָט ביז אינדערפריה ניט געקענט איינשלאָפען; ער איז די גאַנצע נאַכט אַזוי געזעסען אויפ'ן בעט. ליזא איז אויך ניט געשלאָפען: זי האָט מתפּלל געווען.

35.

דער לעזער ווייסט, ווי לאווריעצקי איז אויסגעוואקסען און זיך ענטוויקעלט; לאָמיר זאָגען עטליכע ווערטער וועגען ליזא'ס ערציהונג. דער צעהנטער יאָהר האָט זיך איהר געענדיגט, ווען איהר פאָטער איז געשטאָרבען; נאָר ער האָט זיך ווינציג צו איהר אָפּגעגעבען. א פארוואָגעלטער מיט געשעפטען, שטענדיג א באַזארגטער מיט'ן צוואוואוקס פון זיין פארמעגען, א כעסן, א פאַרביטערטער, אַן אומגעדולדיגער, האָט ער ניט קארגענדיג געגעבען געלט אויף לעהרערס, ערציהערס, קליידער און אנדערע באַדערפנישען פון די קינדער; נאָר ער האָט ניט געקענט ליידען, ווי ער אַליין פלעגט זיך אויסדריקען, צו „האָצקען זיך מיט די קוויטשערלאַך”, — און ער האָט טאַקע קיין צייט ניט געהאט מיט זיי זיך צו האָצקען: ער האָט געארבייט, געווען פארטאָן אין געשעפטען, ווינציג געשלאָפען, אמאָל, אמאָל געשפּיעלט אין קאָרטען, ווידער געאַרבייט; ער פלעגט זיך אַליין פארגלייכען צו אַ פערד, איינ־

געשפּאַנט אין אַ דרעש־מאַשין. „שנעל איז דאָס לעבן מיינס אַריבערגעשפּרונגען", האָט ער אַ זאָג געטאָן אויפ'ן טויטן בעט, מיט אַ ביטערן שמייכל אויף די אויסגעטריקנטע ליפּן. מאַריאַ דמיטריעוונאַ האָט אין תוך אַריין ניט פיל מעהר זיך אָפּגעגעבן צו ליזאַ'ן, הגם זי האָט זיך באַריהמט פאַר לאַווורעצקי'ן, אַז אַליין האָט זי ערצויגן איהרע קינדער: זי פלעגט זי קליידן ווי אַ ליאַלקע, פאַר געסט פלעגט זי איהר גלעטן איבער'ן קעפּל און אין די אויגן זי גערופן חכמה'לע און נשמה'לע — און טאַקע מעהר ניט: די פוילע פּריצה פלעגט מיעד ווערן פון יעדער שטאַרקער זאָרג. ביים פאָטער'ס לעבן, איז ליזאַ געווען אונטער דער אויפזיכט פון אַ גוווערנאַנטין, פרייליין מאָראָ פון פאַריז; און נאָך זיין טויט איז זי אַריין אינ'ם רשות פון מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ. מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ'ן קען דער לעזער; און פרייליין מאָראָ איז געווען אַ קליין, איינגעקנייטשט באַשעפעניש מיט פייגעלשע שטיק און אַ פויגעלשען שכל. אין דער יוגענד האָט זי געפיהרט זעהר אַ צושטרויט לעבן און אויף דער עלטער זיינען ביי איהר פאַרבליבן נאָר צוויי תאוות — צו נאַשערייען און צו קאָרטען. ווען זי איז געווען זאַט, ניט געשפּיעלט אין קיין קאָרטען און ניט געפּלוידערט, — האָט איהר פּנים גלייך אָנגענומען כמעט אַ טויט־בלאַס'ן אויסדרוק: זי זיצט אַזוי, קוקט, אָטעמט — און מען זעהט פּשוט, אַז קיין איין געדאַנק לויפט ניט דורך אין קאָפּ. מען האָט זי אפילו ניט געקענט רופן קיין גוטע: פויגעל זיינען דאָך ניט גוט. צי איבער דער לייכטזיניג־פאַרבראַכטער יוגענד, צי פון דער פאַריזער לופט, מיט וועלכער זי האָט זיך אָנגעאַטעמט נאָך פון קינדהייט, — נאָר אין איהר האָט זיך איינגעפונדעוועט עפּעס ווי אַ מין אַלגעמיינער קליינליכער סקעפּטיציזם, וואָס האָט זיך שטענדיג אויסגעדריקט אין די ווערטער: 'tout ca c'est des belises' זי האָט גערעדט אַ פאַרגרייזטען, נאָר ריין־פאַריזער זשאַרגאָן, ניט געפיהרט קיין רכילות, ניט אַרויסגעציינט קיין קאַפּריזן, — וואָס־זשע מעהר דאַרף מען וועלן פון אַ גוווערנאַנטין? אויף ליזאַ'ן האָט זי געהאַט אַ קליינע ווירקונג; דערפאַר איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן אויף איהר די ווירקונג פון איהר אַם, אַגאַפיאַ וולאַסיעוונאַ.

דער שיקזאל פון אַט דער פרוי איז געווען אַ מערקווירדיגער. זי האָט געשטאַמט פון אַ פויערשע פאַמיליע; צו זעכצעהן יאָהר האָט מען זי חתונה געמאכט מיט אַ פויער; נאָר זי האָט זיך זעהר שאַרף אונטערשיידעט פון איהרע שוועסטער פויערטעס. איהר פאָטער איז אַ צוואַנציג יאָהר געווען סטאַראָסטאַ, ערוואָרבען אַ סך געלט און איהר אַלעס נאָכגעגעבען. אַ שעהנהייט איז זי גע־ ווען אַן אויסערגעוועהנליכע, דאָס פראַנטישסטע מיידעל אין דער גאַנצער נאָכבאַרשאַפט, אַ קלוגע, אַ באַריידעווודיגע, אַ מוטיגע. איהר פריץ, דמיטרי פעסטאָוו, מאַריא דמיטריעווגאַ'ס פאָטער, אַ באַ־ שיידענער און שטילער מענש, האָט זי איינמאָל דערזעהן ביים דרעשען, אַ רעד געטאָן מיט איהר און זיך ליידענשאַפטליך אין איהר פאַרליעבט. זי איז געבליבען אַן אלמנה; פעסטאָוו, הגם ער איז געווען אַ פאַרהייראַטער מענש, האָט זי גענומען צו זיך אין הויז, האָט זי געקליידעט ווי אַ פריצה. אַגאַפיאַ האָט זיך באַלד צוגע־ וועהנט צו איהר נייער לאַגע, אַקוראַט ווי זי וואָלט איהר גאַנץ לע־ בען אַנדערש ניט געלעבט. זי איז ווייסער געוואָרען, פולער גע־ וואָרען; איהרע הענט אונטער די באַטיסטענע אַרבעל זיינען גע- ווען ווי „זעמעלאַך", ווי ביי אַ סוחר'ס ווייב; דער סאַמאָוואַר איז ניט אַראָפּ פון'ם טיש; אַ חוץ זייד און סאַמעט, האָט זי גאָרניט געוואָלט טראָגען, געשלאָפען איז זי אויף פוך־קישעלאַך. אַ יאָהר פינף האָט זיך געצויגען אָט דאָס גליקליכע לעבען, נאָר דמיטרי פעסטאָוו איז געשטאָרבען; זיין אלמנה, אַ גוטע פריצה, רחמנות האָבענדיג אויף'ן אָנדענקען פון'ם פאַרשטאָרבענעם מאַן האָט ניט גע־ וואָלט זיך באַגעהן מיט איהר קאָנקורענטקע אומאָרענטליך, נאָך מעהרער דערפאַר, וואָס אַגאַפיאַ האָט זיך פאַר איהר קיינמאָל ניט פאַרגעסען; פונדעסטוועגען האָט זי איהר חתונה געמאכט מיט'ן פיה־אויפזעהער און אַוועקגעשיקט זי פון די אויגען. עס זיינען אַוועק אַ דריי יאָהר. עפּעס איינמאָל אין אַ הייסען זומער טאָג איז די פריצה פאַרפאָהרען צו זיך אויף'ן פיה־הויף. אַגאַפיאַ האָט זי מכבד געווען מיט אַזאַ וואוילען קאַלטען איינגעמאכטס, זיך אַזוי באַשיידען געהאַלטען, און אַליין געווען אַזאַ ריינע, פרעהליכע, מיט אַלעם צופריעדענע, אַז די פריצה האָט איהר געגעבען אַ מחילה און איהר ערלויבט צו געהן אין הויז; און אין אַ פינף־זעקס חדשים

ארום האָט זי זיך צו איהר אזוי צוגעבונדען, אז זי האָט זי געמאכט פאר דער הויז־פּאַרוואַלטערין און איהר איבערגעגעבען די גאנצע באַלעבאַטישקייט. אַגאַפּיאַ איז ווידער אריין אין קראַפט, ווידער פאַרגוטיגט און ווייס געוואָרען; די פּריצה האָט זיך אינגאַנצען אין איהר איינגעגלויבט. אזוי איז אַוועק נאָך אַ יאָהר פינף. אַן אומגליק האָט זיך צום צווייטען מאָל אַ לאָז געטאָן אויף איהר. איהר מאַן, ווען זי האָט געמאכט פאר אַ לאַקיי, האָט אָנגעהויבען טרינקען, פלעגט פאַרפאַלען ווערען פונ׳ם הויז און האָט געענדיגט דערמיט, וואָס ער האָט אַוועקגע׳גנב׳עט זעקס פּריצישע זילבערנע לעפּעל און האָט זיי באַהאַלטען — אויף לפי שעה — אין דעם פרוי׳ס קאַסטען. דאָס איז ענטדעקט געוואָרען. איהם האָט מען ווידער אומגעקערט צו די פיה, און אויף אַגאַפּיאַ׳ן האָט מען ארויפגעוואָרפען אַ חרם; פונ׳ם הויז האָט מען זי ניט אַרויסגעטריבען, נאָר מען האָט איהר אַרונטערגעזעצט פון הויז־פּאַרוואַלטעריי און זי געמאַכט פאַר אַ נייטערין און באַפעהלען איהר אָנשטאָט אַ טשיפּיק טראָגען אויפ׳ן קאָפּ אַ טיכעל. צו אַלעמעס באַוואונדערונג, האָט אַגאַפּיאַ מיט אַן הכנעה׳דיגער מילדקייט צוגענומען אָט דעם קלאַפּ, וואָס האָט איהר אויפגעטרייסעלט. זי איז שוין דעמאָלט אַלט געווען אריבער דרייסיג יאָהר, די קינדער זיינען ביי איהר אַלע אויסגעשטאָרבען, און דער מאַן האָט ניט לאַנג געלעבט. עס איז שוין צייט געווען פאר איהר צו קומען צו זיך: זי איז צו זיך געקומען. זי איז געוואָרען זעהר שווייגענדיג און פרום, ניט דורכגעלאָזט קיין איין מאָרגען־תפלה אין קלויסטער אָדער מעסע, אַוועקגעשענקט אַלע איהרע גוטע מלבושים. פופצעהן יאָהר האָט זי פאַרבראַכט שטיל, געלאַסען, געזעצט, מיט קיינעם זיך ניט געקריעגט, אַלעמען נאָכגעגעבען. האָט איהר ווער אָפּגעזידעלט, — האָט זי נאָר זיך פאַרנייגט און באַדאַנקט פאַר דער לעהרע. די פּריצה האָט איהר שוין לאַנג מוחל געווען, און דעם חרם פון איהר אַראָפּגענומען, און פון קאָפּ אַ טשיפּיק איהר געשענקט: נאָר זי האָט אַליין ניט געוואָלט אַראָפּנעמען איהר טיכעל און איז אַלץ געגאַנגען אין טונקעלע קליידער; און נאָכ׳ן טוידט פון דער פּריצה איז זי געוואָרען נאָך שטילער און נידעריגער. אַ רוסישער מענש האָט מו.־א און בינדט זיך צו לייכט; נאָר זיין אַכטונג איז שווער

צו פארדינען: ניט שנעל און ניט אַלע קענען זי קריגען. אַגאַ־פיא'ן האָבען אַלע אין הויז געאכטעט; קיינער האָט אפילו ניט דערמאָנט איהרע אמאָליגע זינד, אקוראט ווי מען וואָלט זיי צו־זאמען מיט דעם אַלטען פּריץ אין דער ערד באהאַלטען.

ווען קאַליטין איז געוואָרען מאריא דמיטריעווגאַ'ס מאַן, האָט ער לכתילה אגאַפיא'ן געוואָלט איבערגעבען די שטוביגע באַלע־באַטישקייט; נאָר זי האָט זיך אָפּגעזאָגט „איבער'ן נסיון"; ער האָט אויף איהר אָנגעשריען: זי האָט זיך טיעף פאַרנייגט און איז ארויסגעגאַנגען. דער קלוגער קאַליטין האָט פאַרשטאַנען מענשען; ער האָט אגאַפיא'ן אויך פאַרשטאַנען און זי ניט פאַר־געסען. אריבערציהענדיג אין שטאָדט, האָט ער מיט איהר הסכמה, זי באַשטימט אַלס ערציהערין פאַר ליזאַ'ן, וועלכע האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבען געהן אויפ'ן פיפטען יאָהר.

צוערשט האָט ליזאַ זיך געשראָקען פאַר'ן ערנסטען און שטרענ־גען פּנים פון דער נייער ערציהערין; נאָר זי האָט זיך גיך צו איהר צוגעוועהנט און זי שטאַרק ליעב געקראָגען. זי איז אַליין געוועזען אַן ערנסט קינד; איהרע שטריכען האָבען דערמאָנט דאָס שאַרפע רעגעלמעסיגע געשטאַלט פון קאַליטינען; נאָר די אויגען זיינען ניט געווען עהנליך צום פאָטערס; אין זיי האָט געלויכטען אַ שטילע אויפמערקזאַמקייט און גוטסקייט, וואָס איז זעלטען צו זעהן ביי קינדער. מיט ליאַלקעס האָט זי ניט ליעב געהאַט זיך צו שפּיעלען, געלאַכט האָט זי ניט הויך און ניט לאַנג, געהאַלטען זיך מיט ווירדע. פאַרטראַכטען פלעגט זי זיך ניט אָפט, נאָר כמעט שטענדיג ניט אומזיסט; אָפּשוויינענדיג אביסעל, פלעגט זי שטענדיג ענדיגען דערמיט, וואָס זי פלעגט זיך ווענדען צו עמעם אַן עלטערן מיט אַ פראַגע, וואס האָט געצייגט, אַז איהר קאָפּ אַר־בייט איבער אַ נייעם איינדרוק. זי האָט זעהר שנעל אויפגעהערט צו ריידען קינדערש און אויפ'ן פערטען יאָהר האָט זי שוין גערעדט גאַנץ קלאָר. פאַר'ן פאָטער האָט זי מורא געהאַט; דער געפיהל איהרער צו דער מוטער איז געווען אומבאַשטימט, — זי האָט פאַר איהר ניט מורא געהאַט און זיך צו איהר ניט געלאַשטשעט; אגב, צו אגאַפיא'ן פלעגט זי זיך אויך ניט לאַשטשען, כאָטש ליעב גע־האַט האָט זי נאָר איין אגאַפיא'ן. אגאַפיא פלעגט זיך מיט איהר

ניט צושיידען. עס איז מאָדנע געווען צו זעהן זיי אין צווייען. עס טרעפט אַמאָל, אַגאַפּיאַ, אינגאַנצען אָנגעטאָן אין שוואַרצען, מיט אַ טונקעל טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, מיט אַן אויסגעמאָגערטען, ווי וואַקס דורכזיכטיגען, נאָר אַלץ נאָך אַ שעהנעם און אויסדרוקפולען פּנים, זיצט גלייך און ארבייט א זאק; נעבען איהרע פיס, אויף א קליינינקען ביינקעלע זיצט ליזא און איז אויך פארטאָן אין עפּעס אַן ארבייט אדער, ערנסט אויפהויבענדיג די ליכטיגע אויגעלאך, הערט, וואס אגאַפּיא דערצעהלט איהר, און אַגאַפּיאַ דערצעהלט איהר ניט קיין מעשיות: מיט אַ ריטמישער גלייכער שטימע דערצעהלט זי די ביאגראַפיע פון דער אל־ריינסטער בתולה, די ביאָגראַפיעס פון די נזירים, פון די קדושים, פון די הייליגע מאַרטירערינס; זי דערצעהלט ליזא׳ן, ווי אָט די קדושים האָבען געלעבט אין די מדבריות, ווי זיי האָבען זיך געראַטעוועט פון זינד, הונגער געליטען און נויט, — און זיך פאר קיין קסרים ניט געשראָקען און געפּרעדיגט קריסטוס׳עס לעהרע; ווי די פויגלען פונ׳ם הימעל האָבען פאר זיי שפּייז געטראָגען, און די חיות רעות האָבען זיי געפאָלגט; ווי אויף יענע פלעצער, וואו זייער בלוט האָט גערונען זיינען בלומען אויסגעוואקסען. — „די וואנדער־בלומען?” האָט איינמאָל א פרעגט געטאָן ליזא, וועלכע האָט זעהר ליעב געהאט בלומען... אגאַפיא פלעגט רעדען מיט ליזא׳ן ערנסט און הכנעה׳דיג, אקוראַט ווי זי אַליין וואלט געפיהלט, אז זי איז ניט ווערט אַרויסצורעדען אַזעלכע הויכע און הייליגע ווערטער. ליזא האָט איהר געהערט — און דאָס בילד פון דעם איבעראַל־עקזיסטירענדען, אַלוויסענדען גאָט האָט זיך עפּעס מיט אַ מין זיסער קראפט אריינגעדריקט אין איהר נשמה, זי אָנגעפילט מיט אַ ריינעם יראת הכבוד, און קריסטוס איז איהר געוואָרען אַזוי נאָהענט, באַקאַנט, כמעט אַ קרוב: אַגאַפּיא האָט איהר אויך אויסגעלערנט די תפילות. אמאָל פלעגט זי וועקען ליזא׳ן פריה פאַרטאָג, איילענדיג זי אָנטאָן און זי אוועקפיהרען שטילינקערהייד צו דער מאָרגען־תפילה: ליזא איז איהר נאָכגעגאנגען אויף די שפּיץ־פינגער, קוים אָטמענדיג; די קעלט און די האלב־ליכטיגקייט פונ׳ם מאָרגען, די פרישקייט און די פוסטקייט פון קלויסטער, די מיסטעריעזיטעט אַליין פון אָט די אומערוואַרטעטע הליכות, דאָס פאָרזיכטיגע צו־

ריקגעהן אַ היים, אין בעטעלע, — אָט דער גאַנצער געמיש פון פאַרבאָטענעם, מאָדנעם, הייליגען, האָט אויפגעטרייסעלט דאָס מיידעלע, אַריינגעדרינגען אין דער סאַמע טיעפעניש פון איהר וועזען. אַגאַפיאַ האָט קיינמאָל קיינעם ניט קריטיקירט און ליזאַ'ן קיינמאָל ניט געטאַדעלט פאַר שקאָצערייען. ווען זי איז מיט עטוואס געווען אומצופריעדען, האָט זי נאָר געשוויגען; און ליזאַ האָט אָט דאָס שוויגען פאַרשטאַנען; מיט דער פלינקער שאַרפזיכטיגקייט פון אַ קינד האָט זי אויך גוט פאַרשטאַנען, ווען אַגאַפיאַ איז געווען אומצופריעדען מיט אַנדערע — מיט מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ן, אָדער אפילו מיט קאַליטינען אליין. אַריבער דריי יאָהר איז אַגאַפיאַ אַרומגעגאַנגען אַרום ליזאַ'ן; פריילין מאָראָ האָט פאַרנומען איהר פלאַץ; נאָר די לייכטזיניגע פראַנצויזקע, מיט איהרע טרוקענע מאַנירען און אויסגעשרייען: tout ca c'est des betises — האָט ניט געקענט אַרויסשפאַרען פון ליזאַ'ס האַרצען איהר באַליעבטע ערציהערין: די פאַרזייהטע זאָמען האָבען געלאָזט צו טיעפע וואָרצלען. דערצו נאָך איז אַגאַפיאַ, הגם זי האָט אויפגעהערט אַרומגעהן אַרום ליזאַ'ן, געבליבען אין הויז און האָט זיך אָפט געזעהן מיט איהר וויכאַוואַנקע, וועלכע האָט איהר געליעבט ווי פריהער.

אַגאַפיאַ האָט, פונדעסטוועגען, זיך ניט איינגעלעבט מיט מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ, בעת יענע האָט אַריבערגעצויגען צו די קאַליטינס אין הויז. די שטרענגע ערנסטקייט פון דער געוועזענער „פריצה" איז דער אומגעדולדיגער און עקשנות'דיגער אַלטינקער ניט געפעלען געוואָרען. אַגאַפיאַ האָט זיך אָפגעבעטען אויף געבעט אין אַ קלויסטער און זיך שוין ניט צוריקגעקערט. טונקעלע קלאַנגען האָבען זיך אומגעטראָגען, אַז זי איז אַוועק אין אַ נזירים־פלאַץ פון ראַסקאָלניקעס. נאָר דער שפור, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט אין ליזאַ'ס נשמה איז ניט פאַרווישט געוואָרען. זי איז ווי פריהער געגאַנגען צו די אָבענד־תפילות ווי צו אַ יום־טוב, געזאָגט די תפילות מיט פאַרגעניגען, מיט עפעס אַ מין איינגעהאַלטענעם און שעמעוודיגען דראַנג, אויף וואָס מאַריאַ דמיטריעוונאַ האָט זיך ניט ווינציג גע'חדוש'ט, און מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ אליין, הגם זי האָט אין קיין זאַך ניט געשטערט ליזאַ'ן האָט פונדעסטוועגען זיך געפלייסט

צו מעסיגען איהר ברען און איהר ניט ערלויבט צו־פיעל זיך צו קניען: דאָס איז ניט קיין פּריצישער גאַנג. געלערענט האָט זיך ליזא גוט, דאָס הייסט מיט התמדה; מיט קיין באַזונדער־גלענ־צענדע פעהיגקייטען, מיט אַ גרויסען פאַרשטאַנד האָט גאָט איהר ניט געבענשט; אָהן פּראַציע האָט זיך איהר גאָר ניט איינגעגע־בען. זי האָט גוט געשפּיעלט פּיאַנאָ; נאָר איין לעמם האָט גע־וואוסט, וואָס דאָס האָט איהר געקאָסט. געלייענט האָט זי ווינ־ציג; זי האָט ניט געהאַט קיין „איינגענע ווערטער”, נאָר זי האָט זיך געהאַט איהרע געדאַנקען, און איז געגאַנגען מיט איהר וועג. ניט אומזיסט איז זי געווען עהנליך צום פאָטער: ער פלעגט אויך ניט פרעגען ביי קיינעם, וואס צו טאָן. אזוי איז זי געוואקסען — רוהיג, ניט געאיילט, אזוי האָט זי דערגרייכט איהר ניינצעהנ־יאָהריגען אלטער. זי איז געווען זעהר שעהן, אליין ניט וויסענדיג דערפון. אין יעדער באַוועגונג איהרער האָט זיך אויסגעדריקט אַ ניט־ווילענדיגער, עטוואס אומגעלומפּערטער חן; איהר שטימע האָט געקלונגען מיט'ן זילבער פון ניט באַריהרטער יוגענד, דער קלענסטער שפּור פון פארגעניגען האָט אַרויסגערופען אן אנציהענ־דען שמייכעל אויף איהרע ליפּען, האָט צוגעגעבען אַ טיעפען גלאַנץ און עפּעס א געהיימע ליעבליכקייט צו איהרע אויפגעלויכטענע אויגען. אינגאנצען דורכגעדרונגען מיט אַ געפיהל פון חוב, פון שרעק צו באַליידיגען וועמען ס'ניט איז, מיט אַ גוט און איידעל האַרץ, האָט זי ליעב געהאַט אלעמען און קיינעם ניט ספּעציעל; איין גאָט נאָר האָט זי ליעב געהאט באגייסטערט, שרעקעדיג, צערטליך. לאַווּרעצקי האָט דער ערשטער אויפגעריהרט איהר שטיל אינערליך לעבען.

אזוי איז געווען ליזא.

## 36.

אויפ'ן צווייטען טאָג, ארום צוועלף אַ זייגער, איז לאַווּרעצקי אוועק צו די קאַליטינס. אויפ'ן וועג האָט ער באַגעגענט פּאַנ־שינען, וועלכער האָט פאַרבייגעטאַנצט רייטענדיג, מיט אן אראפּ־געדרוקטען הוט ביז די ברעמען. ביי די קאַליטינס האָט מען לאַוו־רעצקין ניט אויפגענומען — צום ערשטען מאָל זינט ער האָט זיך

מיט זיי באקענט. מאריא דמיטריעווונא האָט „גערוהט", — אזוי האָט דער לאַקיי דערלייגט; ביי „זיי" האָט דער קאָפּ וועה געטאָן. מארפא טימאָפעיעווונא און ליזאוועטא מיכאילאווונא זיינען ניט געווען אין דער היים. לאווערעצקי איז אביסעל ארומגעגאנגען נעבען סאָד, מיט א טונקעלער האָפענונג זיך צו באַגעגענען מיט ליזא'ן, נאָר ער האָט קיינעם ניט געזעהן. ער איז צוריקגעקומען אין צוויי שעה ארום און האָט באקומען דעם זעלביגען ענטפער, דער לאַקיי האָט דערביי אויף איהם קרום א קוק געטאָן. לאווערעצקי האָט געקלערט, אז ס'איז ניט פאסענד ער זאל דעם זעלביגען טאָג קומען געוואהר ווערען א דריטען מאָל — און ער האָט באַשטימט אראפּפאָהרען קיין וואסיליעווסקאיע, וואו ער האָט א חוץ דעם באדארפט עטוואס באזאָרגען. אויפ'ן וועג האָט ער געמאכט פארשיעדענע פּלענער, איינער פּרעכטיגער פון'ם צווייטען; נאָר אינ'ם דערפעלע פון זיין מוהמע איז איהם באפאלען א טרויער; ער איז אריין אין א געשפּרעך מיט אנטאָנען; ביים אלטען, עפּעס אזוי ווי אויף צו להכעיס, זיינען געווען ניט קיין פרעהליכע געדאנקען אין קאָפּ. ער האָט דערצעהלט לאווערעצקי'ן, ווי גלאפירא פּעטראָווונא האָט פאר'ן טוידט זיך א ביס געטאָן אין האנט — און אפּשווייגענדיג אביסעל, האָט ער מיט א זיפץ א זאג געטאָן: „יעדער מענש, פּריצ'ל-טאַטע, ווערט איבערגעגעבען זיך אליין צום אויפעסען". עס איז שוין געווען שפּעט, בעת לאווערעצקי האָט זיך א לאָז געטאָן צוריק אין שטאָדט. די נעכטיגע קלאַנגען האָבען איהם ארומגעכאפּט, ליזא'ס געשטאלט האָט אויפגעלעבט אין זיין נשמה אין איהר גאנצער איידעלער קלאָרקייט; ס'איז איהר ווארעמער געווארען אויף דער נשמה ביים געדאַנק, אז זי האָט איהם ליעב, — און ער איז צוגעפאָהרען צו זיין שטאָדטיגען שטיבעלע א בארוהיגטער און א גליקליכער.

דאָס ערשטע, וואס האָט איהם א קלאַפּ געטאָן ביים אריינגאנג אין פארצימער, איז געווען דער גערוך פון פּאטשולי-פּארפיום, וואס ער האָט זעהר פיינט געהאט; דאָ טאקע זיינען געשטאנען עפּעס הויכע קאסטענס און קופערטען. דער פּנים פון דעם קאַמערדינער, וואס איז איהם ארויסגעשפּרונגען אנטקעגען איז איהם עפּעס אויסגעקומען מאָדנע. ניט אפּגעבענדיג זיך קיין חשבון אין

זיינע איינדריקע, האָט ער איבערגעשפּאַנט די שוועל... פון דער
סאַפאַ האָט זיך איהם אַנטקעגען אויפגעהויבען אַ דאַמע אין אַ
שוואַרץ זיידען קלייד מיט פעדער־באַלען און, צוטראָגענדיג אַ באַ־
טיסטען טיכעלע צום בלאַסען פּנים, האָט זי געמאַכט עטליכע שריט,
פאַרנייגט דעם זאָרגפעלטיג פאַרקאַמטען און פאַרפּיומירטען קאָפּ
— און געפאַלען צו זיינע פיס... ערשט דאָ האָט ער זי דערקענט:
די דאַמע איז געווען — זיין ווייב.

דער אָטעם האָט איהם פאַרכאַפּט.... ער האָט זיך צוגע־
טוליעט צו דער וואַנט.

— טעאַדאָר, טרייבט מיך ניט אַוועק; — האָט זי אַ זאָג
געטאָן אויף פראַנצויזיש, און איהר קול האָט ווי מיט אַ מעסער
איהם אַ שניט געטאָן ביים האַרצען.

ער האָט אויף איהר געקוקט געדאַנקענלאָז, און דאָך גלייך
ניט־ווילענדיג באַמערקט, אַז זי איז אי ווייסער געוואָרען, אי גע־
קנייטשט געוואָרען.

— טעאַדאָר! — האָט זי פאַרגעזעצט, זעלטען געוואָרפען
מיט די אויגען און פאַרזיכטיג געבראָכען איהר וואונדער־שעהנע
פינגער מיט די ראָז־קאָלירטע, גלאַנציגע נעגעל: — טעאַדאָר,
איך בין אומגערעכט געגען אייך, שטאַרק אומגערעכט, — כ׳וועל
זאָגען מעהר, איך בין אַ פאַרברעכערין; נאָר הערט מיך אויס;
מיך מאַטערט דער חרטה־געפיהל, איך בין זיך אַליין נמאס געוואָ־
רען, איך האָב מעהר ניט געקענט איבערטראָגען מיין לאַגע; שוין
וויפיעל מאָל האָב איך געקלערט זיך ווענדען צו אייך, נאָר איך
האָב מורא געהאַט פאַר אייער צאָרן; איך האָב באַשלאָסען אי־
בערצורייסען אַלע פעדים מיט דער פאַרגאַנגענהייט...
puis, jai ete si malade, — איך בין געווען אַזוי קראַנק,
— האָט זי צוגעלעגט און אַ פיהר געטאָן מיט דער האַנט איבער׳ן
שטערן און איבער דער באַק, — איך האָב זיך באַנוצט מיט דעם
קלאַנג וועגען מיין טוידט, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט, איך האָב
אַלעס אַוועקגעוואָרפען, ניט אָפּשטעלענדיג זיך, האָב איך טאָג
און נאַכט זיך אַהער געאיילט; איך האָב זיך לאַנג געקווינקעלט
צו שטעלען זיך פאַר אייך, מיין ריכטער —
paraitre devant vous, mon juge; נאָר איך האָב ענד־

ליך באשלאָסען, דערמאָנענדיג זיך אָן אייער שטענדיגער גוטס־קייט, צו פאָהרען צו אייך; איך האָב זיך דערוואוסט אייער אד־רעס אין מאָסקווא. גלויבט מיר, — האָט זי פארגעזעצט, בעת זי האָט שטילינקערהייט זיך אויפגעהויבען פון דער פאָדלאָגע און זיך געזעצט אויפ'ן סאמע ברעג פון א שטוהל: — איך האָב אָפט געטראכט וועגען טוידט און איך וואָלט נאָך געהאַט גענוג מוט צו נעהמען זיך דאָס לעבען — אך, דאָס לעבען איז ביי מיר איצט אַן אומערטרעגליכע משא! — נאָר דער געדאַנק וועגען מיין טאָכטער, וועגען מיין אדאטשקען האָט מיך אפּגעשטעלט; זי איז דאָ, זי שלאָפט אין דעם צווייטען צימער, דאָס אומגליקליך קינד! זי איז מיעד — איהר וועט זי זעהן: זי, אלענפאלס, האָט געגען אייך ניט געזינדיגט, נאָר איך בין אַזוי אומגליקליך, אַזוי אומגליקליך! — האָט מאדאם לאַווערעצקאיא אויסגעשריען און זיך באוואשען מיט טרערען.

לאַווערעצקי איז ענדליך צו זיך געקומען; ער האָט זיך אָפּגעַ־טיילט פון דער וואנט און זיך אויסגעדרעהט צו דער טיר.

— איהר געהט אוועק? — האָט זיין ווייב מיט פארצווייפ־לונג א זאָג געטאָן: — אָ, דאָס איז גרויזאם! ניט אויסרעדען צו מיר קיין איין וואָרט, אפילו קיין איין פאָרוואורף... אָט די פאר־אכטונג הרג'עט מיך, דאָס איז שרעקליך!

לאַווערעצקי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס ווילט איהר פון מיר הערען? — האָט ער ארויס־גערעדט מיט א קלאַנגלאָזער שטימע.

— גאָרניט, גאָרניט, — האָט זי לעבעדיג אונטערגעכאפּט. — איך ווייס, איך האָב קיין רעכט ניט עטוואָס צו פאָדערן; גלויבט מיר, איך בין נאָך ביים זינען; איך האָף ניט, איך וואג אפילו ניט צו האָפען אויף אייער פארצייהונג; איך וואג אייך נאָר צו בע־טען, אַז איהר זאָלט מיר באפעהלען, וואָס איך זאָל טאָן, וואו איך זאָל וואוינען? איך וועל, ווי א שקלאַפין, ערפילען אייער באפעהל, וואָס ער זאָל ניט זיין.

— איך האָב אייך ניט וואָס צו באפעהלען, — האָט לאַוו־רעצקי געענטפערט מיט דער זעלביגער שטימע. — איהר ווייסט — צווישען אונז איז אַלעס געענדיגט... און איצט מעהר, ווי ווען

ס'ניט איז. איהר קענט וואוינען, וואו אייך געפעלט; און אויב אייך איז ווינציג אייער פענסיע...

אָך, רעדט ניט אַזעלכע ווערטער, — האָט איהם ווארוואראַ פּאוולאָוונאַ איבערגעשלאָגען: — האָט אויף מיר רחמנות כאָטש... כאָטש צוליעב אָט דעם מלאכ'על... — און, געזאָגט אָט די ווער־טער, איז ווארוואראַ פּאוולאָוונאַ אויף גיך ארויסגעלאָפען אין צווייטען צימער און גלייך צוריקגעקומען מיט אַ קלייניגקער, זעהר עלע־גאַנט־געקליידעטער מיידעלע אויף די הענט. היבשע, פלאַקסענע לאָ־קען זיינען איהר געפאַלען אויפ'ן שעהנינקען רויטען פּנים'ל, אויף די גרויסע שווארצע, פארשלאָפענע אויגען, זי האָט אי געשמייכעלט, אי האַלב־צוגעמאכט די אויגלעך פון דער שיין, און זיך אָנגעשפּאַרט מיט אַן אויפגעבלאָזען הענטעל אָן דעם האַלז פון דער מוטער.

— Ada, vois, c'est ton pere, — האָט ווארוואראַ פּאוולאָוונאַ אַ זאָג געטאָן, אָפּשארענדיג די לאָקען פון איהרע אויגען און שטארק זי קושענדיג: — prie le avec moi.

— C'est ca, papa — האָט דאָס מיידעלע אַ רעד געטאָן שטיפעליאָווע.

— Oui, mon enfant, n'est-ce pas, que tu L'aimes?

נאָר דאָ האָט שוין לאווערעצקי ניט געקענט אויסהאַלטען.

— אין וואָס פאר אַ מעלאָדראַמאַ איז דאָס דאָ פונקט אַזאַ סצענע? — האָט ער אַ מורמעל געטאָן און איז ארויס פון הויז.

ווארוואראַ פּאוולאָוונאַ איז אַ ווײַלע שטעהן געבליבען אויפ'ן אָרט, קוים אַ פיהר געטאָן מיט די פּלייצעס, אָפּגעטראָגען דאָס מיידעלע אין צווייטען צימער, זי אויסגעטאָן און אוועקגעלעגט שלאָ־פען. נאָכדעם האָט זי גענומען אַ ביכעל, זיך געזעצט נעבען לאָמפּ, צוגעווארט געגען אַ שטונדע און, ענדליך, אליין זיך געלעגט אין בעט.

— Eh bien madame? — האָט איהר אַ פרעג געטאָן איהר דיענסט, אַ פראנצויזקע, וועמען זי האָט מיטגענומען פון פּאריז, אראָפּנעהמענדיג פון איהר דעם קאָרסעט.

— Eh bien Justine, — האָט זי געענטפערט: — ער איז זעהר אַלט געוואָרען, נאָר, מיר דוכט ער איז אַלץ אַזאַ גוטער.

דערלאנגט מיר די הענטשקעס אויף ביי־נאכט, גרייט מיר צו אויף מארגען א גרוי קלייד ביז ארויף; און פארגעסט ניט קיין שאפענע קאטלעטען פאר אדא'ן... אמת, ס'איז זיי דא שווער צו קריגען; נאר מען דארף זיך צופלייסען.

— A la guerre, comme a la guerre, — האט זשום־טינא געענטפערט און פארלאשען דאס ליכט.

.37

אריבער צוויי שעה האט זיך לאוורעצקי אומגעשלייעט איבער די גאסען פון שטאדט. עס איז איהם ארויף אויפ'ן זכרון די נאכט, וואס ער האט פארבראכט אינ'ם אומגעגענד פון פאריז. אין הארצען האט זיך ביי איהם אפגעריסען, און אין קאפ, א פוס־טער און אקוראט ווי א פארטויבטער, האבען זיך געדרעהט אלץ איינע און די זעלביגע געדאנקען, פינסטערע, נארישע, בייזע. „זי לעבט, זי איז דא", האט ער געמורמעלט מיט איבערראשונג, וואס האט געהאלטען אין איין וואקסען. ער האט געפיהלט, אז ער האט פארלוירען ליזא'ן. דער האס האט איהם געשטיקט; צו פלוצלונג האט איהם אט דער אומגליק א קלאפ געטאן. ווי האט ער געקענט אזוי לייכט גלויבען אין דער נארישער פלוידעריי פון א פעליטאן, א שטיקעל פאפיער? „נו, וואלט איך ניט געגלויבט, — האט ער א קלער געטאן: — וואס פאר א חלוק וואלט דען געווען? איך וואלט ניט געוואוסט, אז ליזא האט מיך ליעב; זי אליין וואלט דאס ניט געוואוסט". ער האט ניט געקענט אוועקטרייבען פון זיך דאס גע־שטאלט, דאס קול, די בליקען פון זיין ווייב... און ער האט זיך גע־שאלטען, געשאלטען אלעס אין דער וועלט.

אן אויסגעמאטערטער, איז ער גענגען טאג געקומען צו לעמם'ען. א לאנגע צייט האט ער ניט געקענט זיך דערקלאפען; ענדליך, האט זיך אין פענסטער באוויזען דער קאפ פונ'ם אלטען אין א קאלפאק, א זויערער, צוקנייטשטער, לחלוטין ניט ענליך צו יענעם באגייס־טערט־גרוויזאמען קאפ, וועלכער האט, מיט פיער־און־צוואנציג שעה צוריק, פון דער גאנצער הויך פון זיין קינסטלערשער מאיעסטעט קעני־גליך א קוק געטאן אויף לאוורעצקי'ן.

— וואס דארפט איהר? — האט לעמם געפרעגט: — איך קען

ניט אַלע נאכט שפּיעלען, איך האָב איינגענומען עטוואס צום פאַר־דייען. — נאָר, ווייזט אויס, דער פּנים ביי לאַוורעצקי'ן איז געווען זעהר מאָדנע: דער אַלטער האָט זיך געמאַכט פון דער האנט א דאַ־שעק אויף די אויגען, האָט זיך איינגעקוקט אין זיין נאַכט־באַזו־כער און איהם אריינגעלאָזט.

לאַוורעצקי איז אריין אין צימער און זיך אראפּגעלאָזט אויף א שטוהל; דער אַלטער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאר איהם, אונ־טערגעבויגען די פּאָלעס פון זיין פּיעל־קאָלירטען אלטען כאַלאַט, זיך איינגעהויקערט און געקייעט מיט די ליפּען.

— מיין ווייב איז געקומען צופאָהרען, — האָט לאַוורעצקי א זאָג געטאָן, אויפגעהויבען דעם קאָפּ און פּלוצלונג אליין ניט ווילענדיג זיך צולאַכט.

לעמ'ס פּנים האָט אויסגעדריקט איבערראַשונג, נאָר ער האָט אפילו קיין שמייכעל ניט געטאָן, ער האָט זיך נאָר שטאַר־קער איינגעוויקעלט אין כאַלאַט.

— איהר ווייסט דאָך ניט, — האָט לאַוורעצקי פאַרגעזעצט:
— איך האָב זיך פאַרגעשטעלט... איך האָב איבערגעלייענט אין א צייטונג, אז זי איז שוין אויף דער וועלט ניטאָ.

— אָ־אָ, דאָס האָט איהר ניט לאַנג געלייענט? — האָט לעמם געפרעגט.

— ניט לאַנג.

— אָ־אָ, — האָט דער אַלטער ווידערהאָלט און הויך אויפ־געהויבען די ברעמען. — און זי איז געקומען צופאָהרען.

— געקומען. זי איז איצטער ביי מיר; און איך... איך בין אַן אומגליקליכער מענש.

און ער האָט ווידער א שמייכעל געטאָן.

— איהר זענט אַן אומגליקליכער מענש, — האָט לעמם פּאַ־מעלאַך ווידערהאָלט.

— כריסטאָפער פעדאָריטש, — האָט לאַוורעצקי אנגעפאַנ־גען: — וועט איהר זיך אונטערנעמען צושטעלען א בריוועלע?

— הם. מעג מען וויסען וועמען?

— ליזא'ן...

— א, יאָ, יאָ, כ'פאַרשטעה. גוט. און ווען וועט מען דאַרפען צושטעלען דאָס בריוועלע?

— מאָרגען, אם פריהסטען.

— הם. מען קען שיקען קאַטרין'ען, מיין קוכערין. ניין, איך וועל אליין געהן.

— און איהר וועט מיר ברייננען אַן ענטפער?

— און איך וועל ברייננען אַן ענטפער.

לעמם האָט א זיפץ געטאָן.

— יאָ, מיין אָרעמער יונגער פריינד; איהר זענט באמת אַן אומגליקליכער מענש.

לאַווערעצקי האָט אָנגעשריבען צוויי ווערטער צו ליזא'ן: ער האָט איהר מודיע געווען וועגען דעם קומען פונ'ם ווייב, איהר געבעטען איהם באַשטימען א צייט מיט איהר זיך צו זעהן, — און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַ שמאָלינקער סאָפקא מיט'ן פּנים צו דער וואַנט; און דער אַלטער האָט זיך געלעגט אין בעט און לאַנג זיך געדרעהט, הוסטענדיג און טרינקענדיג אַלע מאָל זיין געקאָכטע רפואה.

עס איז געקומען דער פריהמאָרגען; ביידע האָבען זיי זיך אויפגעהויבען. מיט מאָדנע אויגען האָבען זיי איינער אויפ'ן צווייטען אַ קוק געטאָן. לאַווערעצקי'ן האָט זיך געוואָלט אין דער רגע נעמען דאָס לעבען. די קוכערין קאַטרין האָט זיי געבראַכט עפּעס עקעלהאַפטע קאַפע. ס'האָט אויסגעקלונגען אַכט אַזייגער. לעמם האָט אָנגעטאָן דעם הוט און, זאָגענדיג, אַז די לעקציע ביי די קאַליטינס גיט ער אום צעהן אוהר, נאָר, אַז ער וועט שוין געפינען אַ פּאַסענדען תירוץ, איז אַוועק. לאַווערעצקי האָט זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן אויפ'ן סאָפקעלע און ווידער האָט זיך פון סאַמע דעק פון זיין נשמה אַ ריהר געטאָן עפּעס א ביטערער געלעכטער. ער האָט געקלערט, ווי אַזוי דאָס ווייב האָט איהם פאַרטריבען פון הויז; ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ליזא'ס לאַגע, פאַרמאַכענדיג די אויגען און פאַרוואָרפענדיג די הענט הינטער'ן קאָפּ. ענדליך איז לעמם צוריקגעקומען און איהם געבראַכט אַ שטיקעל פּאַפּיער אויף וועלכען ליזא האָט מיט א בליישטיפט אָנגעצייכענט די פאָלגענדע ווערטער: „היינט קענען מיר זיך ניט זעהן; ס'קען זיין —

מאָרגען אין אָוונט. זייט געזונט." לאַווּרעצקי האָט טרוקען און צושטרויט באַדאַנקט לעמם'ען און איז אוועק צו זיך אהיים.

ער האָט געטראָפען די פרוי ביים איבערבייסען; אדא, אינ־גאַנצען אַ געקרויזטע, אין אַ ווייסינקער קליידעלע מיט בלויאינקע בלענדעלאך, האָט געגעסען אַ קאָטלעט'ל פון שאָפּען־פלייש. וואַר־וואַרא פּאַוולאָוונא איז גלייך אויפגעשטאַנען, ווי נאָר לאַווּרעצקי איז אַריינגעקומען אין צימער, און מיט געהאָרכזאַמקייט אויפ'ן פּנים, איז זי צו איהם צוגעגאַנגען. ער האָט זי געבעטען איהם נאָכגעהן אין קאַבינעט, פאַרשלאָסען הינטער זיך די טיר און אָנגעפאַנגען צו געהן אהער און אהין; זי האָט זיך געזעצט, צניעות'דיג אוועק־געלעגט איין האַנט אויף דער צווייטער און זיך גענומען איהם נאָכפאָלגען מיט איהרע, נאָך אַלץ שעהנע, הגם עטוואָס אונטער־געפאַרבטע, אויגען.

לאַווּרעצקי האָט אַ לאַנגע צייט ניט געקענט אָנפאַנגען צו ריידען: ער האָט געפיהלט, אַז ער באַהערשט זיך ניט; ער האָט קלאָר געזעהן, אַז וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ האָט פאַר איהם לחלוטין ניט קיין מורא, נאָר מאַכט דעם אָנשטעל, אַז אָט־אָט פאַלט זי אין חלשות.

— הערט אויס, מאַדאַם, — האָט ער ענדליך אָנגעפאַנגען, שווער אָטעמענדיג און צייטענוויז צונויפדריקענדיג די צייהן: — מיר האָבען ניט וואָס צו פאַרשטעלען זיך איינער פאַר'ן צווייטען; איך גלויב ניט אין אייער חרטה; און אפילו זי זאָל זיין אויפ־ריכטיג, זיך נאָכאַמאָל צונויפגעהן מיט אייך, לעבען מיט אייך — איז פאַר מיר אוממעגליך.

וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ האָט צוזאַמענגעדריקט די ליפּען און פאַרזשמורעט די אויגען. „דאָס איז עקעל, — האָט זי אַ טראַכט געטאָן: — זיכער! איך בין פאַר איהם אפילו ניט קיין פרויענ־צימער".

— אוממעגליך, — האָט לאַווּרעצקי ווידערהאָלט און זיך פאַרשפּילעט ביז אַרויף. איך ווייס ניט צוליעב וואָס אייך איז גראַד געפעלען אהער צו קומען: וואַרשיינליך, עס איז ביי אייך קיין געלט מעהר ניט געבליבען.

— וועה! איהר באַליידיגט מיר, — האָט וואַרוואַרא פּאַוו־לאָוונאַ אַרויסגעמורמעלט.

— ווי ס'זאָל דאָרטען ניט זיין — זענט איהר פונדעסט־וועגען, צום באַדויערען, מיין ווייב. איך קען דאָך אייך ניט אַוועקטרייבען... און אָט וואָס איך לעג אייך פאָר. איהר קענט שוין היינט, אויב אייך געפעלט, אַוועקפאָהרען קיין לאַווריקי, וואוינט דאָרטען; דאָרט, ווייסט איהר, איז דאָ אַ וואויל הויז; איהר וועט קריגען אַלעס, וואָס איהר דאַרפט, אַ חוץ דער פּענסיע... שטימט איהר איין?

וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ האָט אונטערגעטראָגען אַן אויסגע־נעהט טיכעלע צום פּנים.

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, נערוועז אַ ציה טוענדיג מיט די ליפּען: — אַז איך וועל אויף אַלץ זיין איינשטימיג, וואָס אייך זאָל זיך ניט פאַרגלוסטען מיט מיר צו טאָן; איצטיגס מאָל בלייבט מיר אייך צו פרעגען: וועט איהר מיר ערלויבען, אַם־ווינציגסטען, אייך אָפּצודאַנקען פאַר אייער גרויסמוטיגקייט?

— אָהן דאַנקבאַרקייט, איך בעט אייך, — אַזוי איז בע־סער, — האָט איילענדיג לאַווערצקי אַרויסגערעדט. — הייסט דאָס, — האָט ער פאַרגעזעצט און זיך גענומען שאַרען צו דער טיר: — איך מעג זיך פאַרלאָזען...

— שוין מאָרגען וועל איך זיין אין לאַווריקי, — האָט וואַר־וואַרא פּאַוולאָוונאַ אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעהויבען מיט דרך ארץ פונ'ם אָרט. — נאָר, פּעאָדאָר איוואַניטש... (קיין טעאָדאָר האָט זי איהם שוין מעהר ניט גערופען).

— וואָס ווילט איהר?

— איך ווייס, איך האָב זיך נאָך מיין מחילה ניט פאַר־דיענט מיט גאָרניט; קען איך כאָטש האָפען, אַם־ווינציגסטען, אַז מיט דער צייט...

— אָך, וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ, — האָט איהר לאַווערצקי איבערגעשלאָגען: — איהר זענט אַ קלוגע פרויענצימער, אָבער

איך בין דאָך אויך ניט קיין נאַר, איך ווייס, אַז דאָס דאַרפט איהר אינגאַנצען ניט האָבען. און מוחל געווען האָב איך אייך שוין פון לאַנג; נאָר צווישען אונז איז שטענדיג געלעגען אַ תהום.

— איך וועל זיך קענען אונטערוואַרפען, — האָט וואַר־וואַראַ פּאַוולאָוונאַ געענטפערט און אָנגעבויגען דעם קאָפּ — איך האָב מיין שולד ניט פאַרגעסען; איך וואָלט זיך אפילו ניט גע־חדוש'ט ווען איך ווער געוואָהר, אַז איהר האָט זיך דערפרעהט מיט דער ידיעה וועגען מיין טויט — האָט זי הכנעה'דיג צוגעלעגט, לייכט אָנצייגענדיג מיט דער האַנט אויפ'ן נומער פונ'ם זשורנאַל, וואָס לאַווריצקי האָט פאַרגעסען אויפ'ן טיש.

פעדאָר איוואַניטש האָט אַ ציטער געטאָן: דער פעליטאָן איז געווען באַצייכענט מיט אַ בליי־שטיפט. וואַרוואַראַ פּאַוו־לאָוונאַ האָט מיט נאָך אַ גרעסערער ערנידעריגונג אויף איהם אַ קוק געטאָן. זי איז געווען זעהר שעהן אין אָט דער רגע. דאָס גרויע פּאַריזער קלייד האָט האַרמאָניש ארומגעכאַפּט איהר בוי־גיגען כמעט זיבעצעהן־יאָהריגען קערפּער. איהר דינער, דעליקאַ־טער האַלדז, וואָס איז געווען ארומגערינגעלט מיט אַ ווייסען קראַ־גענדעל, די רעגעלמעסיג־אָטמענדע ברוסט, די הענט אָהן בראַס־לעטען און פינגערלאַך — איהר גאַנצע פיגור, פון די גלאַנציגע האָר ביז דעם ברעג פון דעם עטוואָס ארויסגעשטעלטען קאַמאַש, איז געווען אַזוי גראַציעז...

לאַווריצקי האָט זי אָפּגעמאָסטען מיט אַ בייזען בליק, שיער ניט אויסגעשריהען: ''bravo'' שיער ניט אַ קלאַפּ געטאָן מיט'ן פויסט איבער'ן מח — און איז אַוועק. אין אַ שטונדע ארום האָט ער זיך אוועקגעלאָזט קיין וואַסיליעווסקאַיע, און אין צוויי שעה ארום, האָט וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ געהייסען דינגען די בעס־טע קאַרעטע אין שטאָדט, האָט אָנגעטאָן אַן איינפאַכען שטרויע־נעם הוט מיט אַ שוואַרצען טול און אַ באַשיידענעם מאַנטעל, האָט איבערגעגעבען אַדאַ'ן צו זשוסטינע'ן און איז אוועק צו די קאַלי־טינס: פון די פראַגען, וואָס זי האָט געשטעלט דער דיענערשאַפט, האָט זי זיך דערוואוסט, אַז איהר מאַן פלעגט צו זיי פאָהרען יעדען טאָג.

38.

דער טאָג, ווען לאַווּרעצקי׳ס פרוי איז אָנגעקומען אין דער שטאָדט א..., פאַר איהם ניט קיין פרעהליכער טאָג, איז אויך גע־ ווען א שווערער טאָג פאַר ליזא׳ן. נאָך איידער עס האָט איהר געלונגען אראָפּגעהן אונטען און באַגריסען די מוטער, האָט זיך שוין הינטערן פענסטער דערהערט א קלאַפּעריי פון פערדישע קאָפּיטעס, און זי האָט מיט א געהיימען שרעק דערזעהן פאַנשינען, וועלכער איז אַריינגעפאָהרען אין הויף. „ער איז געקומען אַזוי פריה צוליעב אַן ענטגילטיגער פארשטענדניש", — האָט זי א טראַכט געטאָן — און האָט זיך ניט אָפּגענאַרט; אַרומדרעהענ־ דיג זיך א ביסעל אין גאַסט־צימער, האָט ער איהר פאָרגעלעגט צו געהן מיט איהם אין סאָד און געפאָדערט די לעזונג פון זיין גורל. ליזא האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איהם ערקלערט, אַז זי קען ניט ווערען זיין פרוי. ער האָט זי אויסגעהערט ביז׳ן סוף, שטע־ הענדיג צו איהר מיט דער זייט און אָנדרוקענדיג דעם הוט אויפ׳ן שטערען; העפליך, נאָר מיט א פארענדערטער שטימע האָט ער איהר געפרעגט: צי איז דאָס איהר לעצט וואָרט, און צי האָט ער איהר מיט וואָס ס׳ניט איז געגעבען א געלעגענהייט צו אַן עהנלי־ כער ענדערונג אין איהרע געדאַנקען? נאָכדעם האָט ער צוגע־ דריקט די האַנט צו די אויגען, קורץ און אָפּגעריסען א זיפץ גע־ טאָן און א רים געטאָן די האַנט פון׳ם פּנים.

— איך האָב ניט געוואָלט געהן איבער אַן אויסגעטראָטענעם וועג, — האָט ער טעמפּ א זאָג געטאָן: איך האָב זיך געוואָלט געפינען א וועג נאָך דער נייגונג פון מיין האַרצען; נאָר, ווייזט אויס, אַז דאָס איז ניט באַשערט. זיי געזונט פאַנטאַזיע! — ער האָט זיך טיעף פאַרנייגט פאַר ליזא׳ן און זיך אומגעקעהרט אין הויז.

זי האָט געהאָפט, אַז ער וועט גלייך אָבפאָהרען; נאָר ער איז אַוועק צו מאַריא דמיטריעוונא׳ן אין קאַבינעט און ביי איהר אָפּגעזעסען אַרום א שעה. בעת ער איז אַוועקגעגאַנגען האָט ער געזאָגט צו ליזא׳ן: Votre mere vous appelle adieu a jamais... זיך אַרויפגעזעצט אויפ׳ן פערד און פון דעם גאַנעקעל

אָן האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן מיט'ן שנעלסטען גאַלאָפּ. ליזא איז אַריינגעקומען צו מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ן און זי געטראָפען וויינען: פאַנשין האָט איהר מודיע געווען זיין אומגליק.

— פאַרוואָס האָסטו מיך דער'הרג'עט? פאַרוואָס האָסטו מיך דער'הרג'עט? — אַזוי האָט די צואַוועהטאָגטע אלמנה אָנגעפאַנגען איהרע יללות. — וועמען נאָך דאַרפסטו דאָס דען האָבען? וואָס שטעהט ער דיר ניט אָן פאַר קיין מאַן? אַ קאַמער־יונקער! ניט אינטערעסאנט! ער קען אין פּעטערבורג חתונה האָבען מיט אירגענד וועלכער פריילין. און איך, איך האָב געהאָפט! און לאַנג שוין האָסטו זיך צו איהם געענדערט? אָט דער וואָלקען איז פון ערגעץ אַן אָנגעטראָגענער, — אַליין איז ער ניט געקומען. איז דאָס ניט יענער שוטה? אָט האָט זי זיך געפונען אַ בעל־עצה!

— און ער, דאָס טייבעלע — האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ פאָרגעזעצט: — ווי ווירדיג ער איז, ווי אויפמערקזאם ער איז אינ'ם טרויער גופא! ער האָט צוגעזאָגט מיך ניט פאַרלאָזען. אַך, איך וועל דאָס ניט איבערטראָגען! אַך, דער קאָפּ האָט מיר שטאַרק אָנגעהויבען וועה צו טאָן. שיק צו מיר פּאַלאַשקאַ'ן. דו וועסט מיך דערהרג'ענען, אויב דו וועסט ניט ענדערען דיין באַשלוס,— הערסט? און נאָכדעם ווי זי האָט ליזא'ן אַ פּאָר מאָל אָנגערופען „אומדאנקבאַרע”, האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ זי אַרויסגעשיקט.

זי איז אַוועק צו זיך אין צימער. נאָר זי האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט זיך אָפּצורוהען פון דער ערקלערונג מיט פאַנשינען און מיט דער מוטער, און ווידער אמאָל האָט זיך דער שטורם אָנגערוקט אויף איהר, און פון אַזאַ זייט, פון וועלכער זי האָט איהם אם־ווינציגסטען ערוואַרטעט. מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ איז אַריינגעקומען צו איהר אין צימער און גלייך פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר. דער פּנים ביי דער אַלטינקער איז געווען בלאַס, דער טשיפּיק אויף אַ זייט, די אויגען איהרע האָבען געבליסטשעט, די הענט, די ליפען האָבען געציטערט. ליזא איז איבערראַשט געוואָרען: זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן איהר קלוגע און באַטראַכטע מוהמע אין אַזאַ צושטאַנד.

— זעהר שעהן, פריילין, — האָט מאַרפאַ טימאָפיעוונאַ אָנ־

געפאנגען מיט א ציטערדיגען און אפגעהאקטען מורמעל: —
זעהר שעהן! — ווער האט דאס דיך אבער אויסגעלערנט, מאמע
מיינע?... גיב מיר א ביסעל וואסער; איך קען ניט ריידען.

— בארוהיגט אייך, מוהמעניו; וואס איז מיט אייך? —
האט ליזא געזאגט און איהר דערלאנגט א גלאז וואסער. — איהר
אליין, דוכט זיך, האט דאך ניט ליעב געהאט דעם הער פאנשינען.

מארפא טימאפעניעוונא האט אפגערוקט די גלאז.

— טרינקען קען איך ניט: די לעצטע צייהן וועל איך זיך
אויסשלאגען. וואס פאר א פאנשין? וואס קעהר זיך דא אן
פאנשין? דו זאג מיר בעסער, ווער האט דיך אויסגעלערנט צו
מאכען ראנדעוואוס ביי נאכט — א? מאמע מיינע?

ליזא איז בלאס געווארען.

— זאל דיר גאר אויף דער דעה ניט קומען פאררײדען די
צייהן, — האט מארפא טימאפעיעוונא פארגעזעצט. — שוראטשקא
אליין האט אלעס געזעהן און מיר דערצעהלט. איך האב איהר
פארבאטען צו פלוידערען, נאר זי וועט קיין ליגען ניט זאגען.

— איך פאררייד גאר ניט די צייהן מוהמעניו, — האט קוים
הערבאר א זאג געטאן ליזא.

— א־א! האט אזוי א הייסט דאס, מאמע מיינע; דו
האסט איהם באשטימט א רענדעוואו, אט דעם אלטען מה־יעשה־
ניק, אט דעם בעל־תשובה?

— ניין.

— ווי דען־זשע?

— איך בין אראפגעגאנגען אונטען, אין גאסט־צימער, נאך
א ביכעל; ער איז געווען אין סאד און האט מיך א רוף געטאן.

— און דו ביסט געגאנגען? זעהר שעהן. האסט איהם דען
ליעב, צי וואס?

— איך האב איהם ליעב, — האט מיט א שטיל קול גע־
ענטפערט ליזא.

— מאמע מיינע! זי האט איהם ליעב! — מארפא טימא־
פעיעוונא האט פון זיך ארונטערגעריסען דעם טשיפיק. — א
פארהייראטען מאן האט זי ליעב! הא? ליעבט איהם!

— ער האט מיר דערצעהלט, — האט ליזא אנגעפאנגען...

— וואָס האָט ער דיר דערצעהלט, דער ליעבינקער, וואָ־אָס?

— ער האָט מיר דערצעהלט, אז זיין ווייב איז געשטארבען.

מארפא טימאָפיעוונא האָט זיך איבערגע׳צלם׳ט.

— ברוך דין אמת, — האָט זי ארויסגעמורמעלט: — גע־וועזן א פּוסטע פּרויקע — ס׳זאָל איהר צו קיין שאנד ניט זיין. אָט ווי אזוי עס איז: אַן אלמן הייסט דאָס איז ער. ער איז דאָך נאָר טאקע, ווי איך זעה אַ צאַצקע. איין ווייב האָט ער אוועק־גע׳הרג׳עט, און נעמט זיך שוין צו אַ צווייטער. ס׳אַרא פּרומינ־קער? נאָר אָט וואָס איך וועל דיר זאָגען, פּלימעניצע: אין אונ־זערע צייטען, ווען איך בין געווען יונג, פלעגען די מיידען טייער באַצאָהלען פאר אַזעלכע שטיק. דו זיי אויף מיר ניט ברוגז, מאַ־מע מיינע; פאר׳ן אמת זיינען נאָר נאַראָנים ברוגז. איך האָב איהם היינט ניט געהייסען אריינלאָזען. איך האָב איהם ליעב, נאָר דאָס וועל איך איהם קיינמאָל ניט מוחל זיין. זעהסט, אַן אלמן! גיב מיר אַ ביסעל וואסער... נאָר דערפאר וואָס דו האָסט אוועקגעשיקט פאַנשינען מיט אַ נאָז, ביסטו ביי מיר אַ בריה; נאָר דו זיץ ניט דורך די נעכט מיט אָט דעם ציעגענעם מין, מיט די מענער; פּארוויסט מיר ניט מיין עלטער! ווייל איך קען ניט נאָר צערטלען — נאָר אויך בייסען... אַן אלמן!

מארפא טימאָפעיעוונא איז אוועקגעגאנגען, און ליזא האָט זיך געזעצט אין אַ ווינקעלע און אָנגעהויבען וויינען. עס איז איהר געוואָרען ביטער אויף דער נשמה; אַזא ערניעדערונג האָט זי זיך ניט פאַרדיענט. ניט אין פרייד האָט זיך איהר ליעבע ארויסגע־צייגט: דאָס צווייטע מאָל האָט זי שוין געוויינט זינט דעם נעכ־טיגען אָווענט. אין איהר הארצען איז קוים געבאָרען געוואָרען יענער נייער, אומערוואַרטעטער געפיהל, און ווי טהייער זי האָט שוין באַצאָהלט פאר איהם, ווי גראָב ער האָבען זיך אריינגערוקט פרעמדע הענט אין איהר הייליגען סוד! ס׳איז איהר געווען אי אַ בזיון, אי אַ פאַרדרוס, אי אַ וועהטאָג: נאָר ניט קיין שרעק, ניט קיין ספקות זיינען אין איהר געווען, — און לאַוורעצקי איז איהר געוואָרען נאָך טהייערער. זי האָט געצווייפעלט, כל זמן זי האָט זיך אליין ניט פארשטאַנען; נאָר נאָך יענעם ראנדעוואו, נאָך יענעם קוש — האָט זי שוין ניט געקענט צווייפלען; זי האָט

געוואוסט, אז זי ליעבט, — און ליעב געקראַנגען אַרענטליך, ניט אויף קאַטאָוועס, זיך צוגעבונדען שטארק, אויף'ן גאַנצען לעבען — און ניט מורא געהאט פאר קיין סטראַשונקעס; זי האָט געפיהלט, אַז צוואַנג קען אָט דעם בונד ניט צורייסען.

.34

מאריא טימאָפעיעוונא האָט זיך זעהר דערשראָקען, ווען מען האָט איהר דערלעגט אַז ווארוואַרא פּאַוולאָוונא לאַווּרעצקאַיאַ איז געקומען; זי האָט אפילו ניט געוואוסט — צי זאָל זי הייסען זי אויפנעהמען; זי האָט מורא געהאט צו באַליידיגען פעדאָר איוואַניטש'ן. ענדליך, האָט די נייגעריגקייט מנצח געווען. „וואָס איז? — האָט זי אַ טראַכט געטאָן: — זי איז דאָך אויך אַ קרובה", — און זיך אַוועקזעצענדיג אויף אַ שטוהל, האָט זי געזאָגט צום לאַקיי: „בעט אריין! עס זיינען אַוועק עטליכע סעקונדען; די טיר האָט זיך געעפענט: ווארוואַרא פּאַוולאָוונא האָט שנעל, מיט קוים הערבאַרע טריט, זיך אַ לאָז געטאָן צו מאריא דמיטריעוונא, ניט געלאָזט איהר אויפשטעהן פון שטוהל און כמעט איינגעבויגען פאר איהר די קניע.

— אַ דאַנק אייך, מוהמעניו, — האָט זי אָנגעפאַנגען מיט אַ געריהרטער און שטילער שטימע אויף רוסיש: — אַ דאַנק אייך; איך האָב גאָר ניט געהאָפט אויף אַזאַ געפעליגקייט פון אייער זייט; איהר זענט גוט ווי אַ מלאך.

זאָגענדיג אָט די ווערטער, האָט ווארוואַרא פּאַוולאָוונא אומערוואַרטעט באַהערשט איין האַנט פון מאריא דמיטריעוונא, לייכט זי אַ דריק געטאָן אין איהרע לילאַ־קאַליערטע שטאָפענע הענטשקעס, שקלאַפיש זי צוגעטראָגען צו די ראָז־קאָלירטע און פולע ליפען. מאריא דמיטריעוונא האָט זיך אינגאַנצען פארלוירען, ווען זי האָט דערזעהן אַזאַ שעהנע, באַצויבערענד־ געקליידטע דאַמע כמעט ביי איהרע פיס; זי האָט ניט געוואוסט, ווי זיך נוהג זיין: אי זי האָט ביי איהר געוואָלט צונעהמען די האַנט, אי זי האָט זי געוואָלט אַוועקזעצען, אי זאָגען איהר עפּעס אַ צערטליך וואָרט; געענדיגט האָט זי דערמיט, וואָס זי האָט זיך אביסעל אונטערגע־

הויבען און אַ קוש געטאָן ווארוואַרא פּאוולאָוונא'ן אינ'ם גלאַטען און שמעקעדיגען שטערען. ווארוואַרא פּאוולאָוונא איז איגנאַנצען באַטויבט געוואָרען פון אַט דעם קוש.

— אַ גוט מאָרגען, bonjour, — האָט מאַריאַ דמיטריעוונא געזאָגט: — זיכער, איך האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט... אַלענפאַלס, איך בין, פאַרשטעהט זיך, צופריעדען אייך צו זעהן. איהר פאַרשטעהט, טהייערע מיינע, — איך דאַרף ניט זיין קיין ריכטער צווישען מאַן און ווייב...

— מיין מאַן איז אין אַלעם גערעכט, — האָט ווארוואַרא פּאוולאָוונא איהר איבערגעשלאָגען: — איך אַליין בין שולדיג.

— דאָס זיינען זעהר לויבענסווירדיגע געפיהלען, — האָט מאַריאַ דמיטריעוונא געענטפערט: — זעהר. שוין לאַנג זענט איהר געקומען? האָט איהר איהם געזעהן? אָבער זיצט, איך בעט אייך.

— איך בין נעכטען געקומען, — האָט ווארוואַרא פּאוולאָוונא געענטפערט און זיך מיט הכנעה געזעצט אויף אַ שטוהל: — איך האָב געזעהן פעדאָר איוואַנימש'ן, איך האָב מיט איהם גערעדט.

— אַ! נו, און ער וואָס?

— איך האָב זיך געשראָקען, אַז מיין פּלוצליך קומען וועט דערוועקען זיין צאָרן, — האָט ווארוואַרא פּאוולאָוונא פאָרטגעזעצט: — נאָר ער האָט זיך פון מיר ניט אָפּגעווענדעט.

— דאָס הייסט, ער האָט ניט... יאַ, יאַ, איך פאַרשטעה, — האָט מאַריאַ דמיטריעוונא אַ זאָג געטאָן. — ער איז נאָר לפנים אַביסעל גראָב, אָבער דאָס האַרץ איז ביי איהם אַ ווייכס.

— פעדאָר איוואַניטש האָט מיר ניט מוחל געווען; ער האָט מיך ניט געוואָלט אויסהערען... נאָר ער איז געווען אַזוי גוט, אַז ער האָט מיר באַשטימט לאַוורינקי אַלס וואוין־פּלאַץ.

— אַ! אַ שעהנער מאַיאָנטעק!

— מאָרגען פאָהר איך טאַקען אַהין אַוועק, כדי צו טאָן זיין ווילען; נאָר איך האָב עס גערעכענט אַלס חוב צו זיין ביי אייך פריהער.

— איך בין אייך זעהר, זעהר דאַנקבאַר, מיין טהייערע. קיין קרובים דאַרף מען קיינמאָל ניט פאַרגעסען. ווייסט איהר, איך וואונדער זיך, ווי גוט איהר רעדט רוסיש. C'est etonnant.

— איך בין צו לאנג געווען אין אויסלאנד, מאריא דמיטרי־עוונא, איך ווייס דאָס; נאָר דאָס הארץ ביי מיר איז שטענדיג געווען א רוסיש, און איך האָב ניט פארגעסען מיין פאָטערלאנד.

— אזוי, אזוי; דאָס איז בעסער פון אלץ. פעדאָר איוואַניטש האָט דאָך אייך גאָר ניט ערווארטעט... יאָ, פארלאָזט אייך אויף מיין ערפאהרונג: la patrie evant tout. אך, צייגט, איך בעט אייך, וואס איז דאס ביי אייך פאר א שעהנער מאנטעל?

— ער געפעלט אייך? ווארוואַרא פאוולאָוונא האָט איהם פלינק אראָפּגעלאָזט פון די פלייצעס. — ער איז זעהר אן איינפאכער, פון Madame Baudran

— דאָס זעהט מען גלייך פון Madame Baudran. . . ווי ליעבליך און מיט וואָס פאר א געשמאק! איך גלויב, איהר האָט מיט זיך געבראכט א מענגע ענטציקענדע זאכען.

— מיין גאנצער טואלעט איז פאר אייך פריי, טהייערסטע מוהמעניו. אויב איהר וועט ערלויבען קען איך וואָס ס'ניט איז צייגען אייער קאמער־מיידעל. איך האָב א דיענסט־מיידעל פון פאַריז — א װאונדערבארע נייטאָרין.

— איהר זענט זעהר גוט, מיין טהייערע. נאָר, ווירקליך, ס'איז מיר א בזיון.

— א בזיון... — האָט ווארוואַרא פאוולאָוונא ווידערהאָלט מיט א פאָרוואורף. — ווילט איהר מיך באגליקען — טוט מיט מיר, ווי איהר וואָלט געטאָן מיט אייער אייגענטום!

מאריא דמיטריעוונא האָט זיך געשמאָלצען פון נחת.

— Vous etes charmante, — האָט זי א זאָג געטאָן.

— ווארום-זשע נעהמט איהר ניט אראָפּ אייער הוט, הענטשקעס?

— ווי? איהר ערלויבט? — האָט ווארוואַרא פאוולאָוונא א פרעג געטאָן און לייכט, ווי מיט אויפרעגונג, צונויפגעלעגט די הענט.

— זעלבסטפארשטענדליך; איך האָף, איהר וועט מיט אונז עסען מיטאָג. איך... איך וועל אייך באקאנען מיט מיין טאָכטער.

— מאריא דמיטריעוונא איז אביסעל צוטומעלט געוואָרען. „נו! נאָר דאָס געהט אָפּ!" האָט זי א קלעהר געטאָן. זי איז מיר היינט עפּעס ניט געזונט.

— O, ma tante, ווי גוט איהר זענט! — האָט ווארוואַרא פּאווּלאָוונא אויסגעשריהען — און צוגעטראָגען אַ טיכעלע צו די אויגען.

אַ קאָזאַקעל האָט דערלעגט, אז געדעאָנאָווסקי איז געקומען. דער אַלטער פּלאַפּלער איז אריינגעקומען, טיעף־פּארנייגענדיג זיך און שמייכלענדיג. מאַריאַ דמיטריעוונא האָט איהם פאָרגעשטעלט איהר גאַסט. לכתחילה איז ער אביסעל צוטומעלט געוואָרען; נאָר ווארוואַרא פּאווּלאָוונא איז זיך מיט איהם באַגאַנגען אַזוי קאָקעטיש־העפליך, אז די אויערלאַך האָבען זיך ביי איהם צעברענט, און ליגען, רכילות, קאָמפּלימענטען האָבען זיך געהאַלטען אין איין שיטען פון זיין מויל. ווארוואַרא פּאווּלאָוונא האָט איהם אויסגעהערט, שמייכלענדיג פאַרזיכטיג און אַליין צוביסלאַך זיך צו־רעדט. זי האָט באַשיידען דערצעהלט וועגען פּאַריז, וועגען איהרע רייזעס, וועגען באַדען; אַ פּאָר מאָל האָט זי צולאַכט מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ן, און יעדער מאָל נאָכדעם עטוואָס אַ זיפץ געטאָן, ווי זי וואָלט אין געדאַנק זיך פאָרגעוואָרפען פאַר אומפּאַסיגע פרעה־ליכקייט: אויסגעבעטען אַן ערלויבניס מיטברייענגען אדאַ'ן; זי האָט אַראָפּגענומען די הענטשקעס און געצייגט מיט איהרע גלאַטע הענט, ארומגעוואַשענע מיט זייף al a guimauve, — ווי און וואו מען טראָגט פעדערען־באַלען, בלאַנדעלאַך און ציערונג; האָט צוגעזאָגט ברייגנען אַ סלאָיעקעל מיט ענגלישע פּאַרפיום; Vitoria's Essene און האָט זיך דערפרעהט, ווי אַ קינד, ווען מאַריאַ דמיטריעוונא האָט איינגעשטימט צונעהמען איהר מתנה; האָט אַ וויין געטאָן, בעת זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס פאַר אַ גע־פיהל זי האָט דורכגעלעבט, ווען זי האָט צום ערשטען מאָל דער־הערט די רוסישע גלעקער: „אַזוי טיעף האָבען זיי אויפגעטריי־סעלט מיין סאַמע האַרץ", האָט זי אַ זאָג געטאָן.

אין דער רגע איז אריין ליזאַ.

פון אין־דער־פריה, פון דער מינוט, וואָס זי, אינגאַנצען קאַלט ווערענדיג פון שרעק, האָט איבערגעלייענט לאַווּרעצקי'ס בריוועלע, האָט זיך ליזאַ געגרייט צו דער באַגעגעניש מיט זיין ווייב; זי האָט געהאַט אַ פאָרגעפיהל, אז זי וועט זי זעהן. זי האָט באַ־שטימט זי ניט אויסמיידען אַלס שטראָף פאַר איהרע, ווי זי האָט

זיי אָנגערופען, פּאַרבּרעכערישע האָפנונגען. דער פּלוצליכער בּראָך אין איהר שיקזאַל האָט זי אויפגעטרייסעלט ביז דעם סאַמע פונ־דאמענט; אין „אַ וואָסערע צוויי שעה איז איהר פּנים שוין מאַגער געוואָרען; נאָר זי האָט אפילו קיין איין טרער ניט פאַרגאָסען. „אַ מצוה אויף מיר”, האָט זי זיך אַליין געזאָגט און מיט מיה און אויפרעגונג דערשטיקט אין איהר נשמה עפּעס אַזעלכע בּי־טערע, בּייזע, איהר אַליין שרעקענדע אימפּולסען. — „נו, מען דאַרף געהן!” האָט זי אַ טראַכט געטאָן, ווי נאָר זי האָט זיך דערוואוסט, אַז מאַדאַם לאַווערעצקאַיאַ איז געקומען, און זי איז אַריינגעגאַנגען... לאַנג איז זי געשטאַנען פאַר דער טהיר פון גאַסט־צימער, איידער זי האָט זיך בּאַשלאָסען זי אויפצועפענען; מיט'ן געדאַנק „איך בּין געגען איהר שולדיג”, — האָט זי איבּערגעטראָטען די שוועל און זיך געצוואונגען אַ קוק טאָן אויף איהר, זיך געצוואונגען אַ שמייכעל טאָן. וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ איז איהר געגאַנגען אַנט־קעגען, ווי נאָר זי האָט זי דערזעהן, און זיך קוים־קוים, אָבּער ווירדיג פאַר איהר איינגעבּויגען. „ערלויבּט מיר זיך פאָרשטע־לען” האָט זי אָנגעפאַנגען צו ריידען מיט אַ שטימע, וואָס זוכט זיך אַריינצוגנב'ענען: אייער Maman איז אַזוי געפעליג צו מיר, אַז איך האָף, דאָס איהר וועט אויך... זיין גוט”. דער אויסדרוק פון וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ'ס פּנים, בּעת זי האָט געזאָגט אָט דאָס לעצטע וואָרט, איהר כיטרע שמייכעלע, דער קאַלטער און אין דער זעלבּיגער צייט ווייכער בּליק, די בּאַוועגונג פון איהרע הענט און פּלייצעס, איהר גאַנצער וועזען — האָבּען ערוועקט אַזאַ געפיהל פון עקעל אין ליזאַ'ן, אַז זי האָט איהר גאָר ניט געקענט ענטפערען און איבּער די קרעפטען אויסגעצויגען צו איהר די האַנט. „אָט דער פריילין איבּעלט פון מיר”, האָט וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ גע־טראַכט, קרעפטיג צודריקענדיג ליזאַ'ס קאַלטע פינגער און אויס־קערעווענדיג זיך צו מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ן, האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן: mais elle est delicieuse ליזאַ האָט שוואַך אויפ־געפלאַמט: שפּאָט, בּאַליידיגונג האָט זי דערהערט אין אָט דעם אויסגעשריי; נאָר זי האָט בּאַשלאָסען ניט צו גלויבּען איהרע איינדריקען. און האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבּען פענסטער בּיים נייהראָם. וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ האָט זי דאָרט אויך ניט געלאָזט

צו רוה: איז צוגעגאנגען צו איהר, אָנגעפאנגען צו לויבען איהר געשמאַק, איהר קונסט... דאָס האַרץ ביי ליזאַ'ן האָט אָנגעהויבען קלאַפען שטאַרק און קרענקליך: זי האָט זיך קוים באַהערשט, זי איז קוים איינגעזעסען אויפ'ן פּלאַץ. איהר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ ווייסט אַלעס און, טריאומפירענדיג געהיים, לאַכט זי פון איהר אונטער. צו איהר גליק, האָט געדעאָנאָווסקי אָנגעפאנגען צו רעדען מיט וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ און אָפּגעצויגען איהר אויפמערקזאַמקייט. ליזאַ האָט זיך אָנגעבויגען איבער דעם נייהראַם און בגנבה זי באַאָבאַכטעט. „אָט די פרוי, — האָט זי געטראַכט: — האָט ע ר געליעבט". נאָר זי האָט גלייך פאַרטריבען דעם עצם געדאַנק פון לאַווערעצקי'ן: זי האָט מורא געהאַט אָנווערען די מאַכט איבער זיך, זי האָט געפיהלט, אַז דער קאָפּ דרעהט זיך איהר שטיל. מאַריאַ דמיטריעוונאַ האָט אָנגעפאַנגען צו רעדען וועגען מוזיק.

— איך האָב געהערט, טהייערע מיינע, — האָט זי אָנגעפאַנגען: — איהר זייט אַ וואונדערבאַרע ווירטואָזין.

— איך האָב שוין לאַנג ניט געשפּיעלט, — האָט וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ געענטפערט, זיך באַלד געזעצט נעבען דער פּיאַנאָ, און פלינק אַ לויף געטאָן מיט די פינגער איבער די פּיאַנאָ־ביינדלאַך.

— באַפעהלט איהר?

— טוט אַ געפעליגקייט.

וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ האָט קינסטליך אויסגעשפּיעלט אַ גלענצענדען און שווערען עטיוד פון גערץ'ן. עס איז אין איהר געווען זעהר אַ סך קראַפט און פלינקייט.

— אַ סילפּיד! — האָט געדראַנאָווסקי אויסגעשריען.

— אויסערגעוועהנליך! האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ באַשטעטיגט. — נו, וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ, איך בין זיך מודה, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, צום ערשטען מאָל אָנרופענדיג זי ביים נאָמען: איהר האָט מיך איבעראַשט; איהר וואָלט געדאַרפט נאָר קאָנצערטען געבען. דאָ האָבען מיר אַ מוזיקער, אַן אַלטער, שטאַמט פון דייטשען, אַ מאָדנער אַזאַ, זעהר אַ געלערנטער; ער גיט ליזאַ'ן לעקציעס; יענער וועט פון אייך פּשוט פון זינען אַראָפּ.

— ליזאַוועטאַ מיכאַילאָוונאַ איז אויך אַ מוזיקערין? —

האָט װאַרװאַרא פּאַװלאָװנא געפרעגט, לײכט אױסקערעװענדיג צו איהר דעם קאָפּ.

— יאָ, זי שפּיעלט ניט־שלעכט און האָט ליעב מוזיק; נאָר װאָס פאַר אַ באַדײטונג האָט דאָס געגען אײך? נאָר דאָ איז דאָ נאָך אײן יונגער מאַן; אָט מיט װעמען איהר דאַרפט זיך באַקענען. דאָס איז אַ קינסטלער אין דער נשמה און פאַרפאַסט אַלײן זעהר גוט. ער אַלײן קען אײך פאָלקאָמען אָפּשאַצען.

— אַ יונגער מאַן? — האָט װאַרװאַרא פּאַװלאָװנא אַ זאָג געטאָן. — װער איז ער עס? אַן אָרעמאַן עפּעס?

— אום גאָטעס װילען, דער ערשטער קאַװאַלער בײ אונז — et a Petersburg. אַ קאַמער־יונקער, װערט אױפגענומען אין דער בעסטער געזעלשאַפט. איהר האָט װעגען איהם געװיס גע־הערט: פּאַנשין, װלאַדימיר ניקאָלאַיעװיטש. ער איז דאָ צוליעב אַ רעגירונגס־אױפטראַג... אַ צוקונפטיגער מיניסטער, אום גאָ־טעס װילען!

— און אַ קינסטלער?

— אַ קינסטלער אין דער נשמה און אַזאַ ליעבענסװירדיגער. איהר װעט איהם זעהן. ער איז אָט די גאַנצע צײט זעהר אָפט בײ מיר געװעזען; איך האָב איהם אײנגעלאַדען אױף היינטיגען אָװענט; אײך האָף, אַז ער װעט קומען, — האָט מאַריאַ דמיטריעװנא צוגעלעגט מיט אַ קורצען זיפץ און אומדירעקטען ביטערען שמײכעל.

ליזאַ האָט פאַרשטאַנען דעם מײנונג פון אָט דעם שמײכעל; נאָר זי איז געװען צו װײט דערפון.

— און אַ יונגער? — האָט װאַרװאַרא פּאַװלאָװנא װידער־האָלט, לײכט אַריבערגעהענדיג פון אײן טאָן אין אַ צװײטען.

— אַ יאָהר אכט און צװאַנציג — און זעהר אַ שעהנער. Une jeune homme accompli, בנאמנות.

— אַ מאָדעל אַ בחור, קען מען זאָגען, — האָט געדאָנאָװסקי באַמערקט.

װאַרװאַרא פּאַװלאָװנא האָט פּלוצלונג אַ שפּיעל געטאָן אַ גע־רױשיגען שטראױס־װאַלס, װאָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַזאַ שטאַרקען און שנעלען טרעל, אַז געדאָנאָװסקי האָט אַזש אַ ציטער

געטאָן; אין סאמע מיט פונ׳ם וואלס איז זי פלוצלונג אריבער אין א טרויעריגען מאָטיוו און פארענדיגט מיט דער אריע פון „לוטשיא״: Fra poco... זי האָט זיך באטראכט, אז פרעהליכע מוזיק פאסט ניט צו איהר לאגע. די אריע פון „לוטשיא״ מיט׳ן טראפ אויף די סענטימענטאלע נאָטען האָט זעהר גערירט מאריא דמיטריעוונא׳ן.

— ס׳אַרא נשמה! — האָט זי שטיל א זאג געטאָן גערעאָנאָווסקי׳ן.

— א סילפיד! — האָט גערעאנאָווסקי ווידערהאָלט און אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל.

עס איז געקומען די מיטאָג־שעה. מארפא טימאָפעיעוונא איז אראָפּגעקומען אונטען. ווען די זופּ איז שוין געשטאנען אויפ׳ן טיש. זי האָט זיך זעהר טרוקען באגאנגען מיט ווארווארא פּאווּ־לאָוונא׳ן, האָט מיט האלבע ווערטער געענטפערט אויף איהרע קאָמפּ־לימענטען, אויף איהר ניט געקוקט. ווארווארא פּאווּלאָוונא האָט אליין גיך פארשטאנען אז מיט אָט דער אלטער וועט זי צו קיין טאָלק ניט קומען, און האָט אויפגעהערט צו איהר צו רעדען; דערפאר איז מאריא דמיטריעוונא געוואָרען נאָך ליעבליכער צו איהר גאסט: די אומהעפליכקייט פון דער מוהמע האָט איהר געערגערט. יעדענפאלס, מארפא טימאָפעיעוונא האָט ניט נאָר אויף איין ווארווארא פּאווּלאָוונא ניט געקוקט: זי האָט אויף ליזא׳ן אויך ניט געקוקט, הגם די אויגען האָבען געהאלטען אין איין גלאנצען. זי איז געזעסען, ווי א שטיינערנע, איינגאנצען געל, בלאס, מיט צוזאמענגעפּרעסטע ליפּען — און האָט גאָר ניט גע־געסען. ליזא האָט געשיינט צו זיין רוהיג; און באמת: עס איז עפּעס שטילער געוואָרען ביי איהר אויף דער נשמה; א מאָד־נע געפיהללאָזיגקייט, א געפיהללאָזיגקייט פון א פאר׳משפּט׳ען איז אויף איהר ארויף. ביים מיטאג האָט ווארווארא פּאווּלאָוונא גע־רעדט ווינציג: זי האָט עפּעס ווי אָנגעוואוירען איהר מוט און פארשפּרייט איבער איהר פּנים אן אויסדרוק פון עניוות׳דיגער מע־לאנכאָליע. נאָר איין גערעאנאָווסקי האָט געהאלטען אין איין אויפלעבען דעם שמועס מיט זיינע ערצעהלונגען, הגם ער האָט גע־האלטען אין איין קוקען שרעקעדיג אויף מארפא טימאָפעיעוונא׳ן

און קאביקעט — א קאביקען איז אויף איהם אַנגעפאַלען יעדען מאָל, ווען ער פלעגט זיך קלייבען אין איהר אַנוועזענהייט אַ לייגען, — נאָר זי האָט איהם ניט געשטערט, ניט איבערגעשלאָגען. נאָכ'ן מיטאָג־מאָהלצייט האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז ווארוואַרא פּאוולאָוונא איז אַ גרויסע ליעבהאָבערין פון פּרעפעראַנס; מאריא דמיטריעוונא'ן איז דאָס אַזוי געפעלען, אַז זי איז אַזש געריהרט געוואָרען און אַ קלער געטאָן פאַר זיך: „אַך, ס'אַרא שוטה פעדאָר איוואַניטש מוז זיין: ער האָט אַזאַ פרוי ניט געקענט פאַרשטעהן!"

זי האָט זיך געזעצט שפּיעלען אין קאָרטען מיט איהר און מיט געדעאנאָווסקי'ן, און מארפאַ טימאָפעיעוונא האָט אַוועקגעפיהרט ליזא'ן צו זיך אויבען, זאָגענדיג, אַז זי האָט שוין קיין פּנים ניט אויף זיך, אַז ס'טוט איהר, ווייזט אויס, וועה דער קאָפּ.

— יא, ס'טוט איהר שרעקליך וועה דער קאָפּ, — האָט מאריא דמיטריעוונא אַ זאָג געטאָן, ווענדענדיג זיך צו ווארוואַרא פּאוולאָוונא, און פארגלאָצט מיט די אויגען. — ביי מיר אַליין טרעפען זיך אַזעלכע קאָפּ־שמערצען...

— וואָס רעדט איהר! — האָט ווארוואַרא פּאוולאָוונא געענטפערט.

ליזא איז אריין אין דער מוהמעס צימער און אָהן כח זיך אראָפּגעלאָזט אויף אַ שטוהל. מארפאַ טימאָפעיעוונא האָט לאַנג, שווייגענדיג, געקוקט אויף איהר, שטילינקערהייט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר איהר אויף די קניע — און אָנגעפאַנגען, אַלץ טאַקע שווייגענדיג, צו קושען איהר אָט איין האַנט אָט אַ צווייטע. ליזא האָט זיך אַביסעל נאָכגעגעבען פאָראויס, זיך פאררויטעלט — און אָנגעפאַנגען צו וויינען, נאָר מארפאַ טימאָפעיעוונא'ן ניט אויפגעהויבען, די הענט ביי איהר ניט צוגענומען: זי האָט געפיהלט, אַז זי האָט קיין רעכט ניט זיי צונעמען ביי איהר, האָט קיין רעכט ניט צו שטערען דער אַלטער אויסצודריקען איהר חרטה, איינטייל, אויסצובעטען ביי איהר אַ מחילה פאַר'ן נעכטיגען; און מארפאַ טימאָפעיעוונא האָט זיך גאָר ניט געקענט זאַט אָנקוקען מיט אָט די אומגליקליכע, בלאַסע, קראַפטלאָזע הענט — און שטילע טרערען האָבען זיך געגאָסען פון איהרע און פון ליזא'ס אויגען; און אויף דער ברייטער שטוהל נעבען דער זאַק מיט'ן קניילכעל האָט

די קאץ מאטראס געמיאווקעט, דער לענגליכער פלאם פונ'ם לעמ־פעל האט זיך קוים־קוים געריהרט און באוועגט פאר דער איקאנא, — אין דעם צווייטען צימער, הינטער דער טיר, איז געשטאנען נאסטאסיא קארפאוונא און אויך בגנבה זיך אויסגעווישט די אויגען מיט א נאז טיכעלע איינגעדרעהט אין א קניילעכעל.

.40

און דערווייל, אונטען, אין גאסט-צימער איז אנגעגאנגען דאס שפיעל אין פרעפעראנס; מאריא דמיטריעוונא האט געהאלטען אין געווינען און איז געווען אויפגעלעגט. א דיענער איז אריין און דערלעגט, אז פאנשין איז געקומען.

מאריא דמיטריעוונא האט ארויסגעלאזט די קארטען און אנ־געפאנגען צו באוועגען זיך טומעלדיג אויפ'ן שטול; ווארווארא פאוולאוונא האט אויף איהר א קוק געטאן מיט א האלבען שמייכעל, נאכדעם האט זי געווענדט איהרע בליקען צו דער טיר. עס האט זיך באוויזען פאנשין, אין א פראק מיט הויכע ענגלישע קרא־גענדלאך פארקנעפעלט ביז אויבען. „מיר איז שווער געווען אויס־צופאלגען; נאר איהר זעהט, איך בין געקומען": אט וואס עס האט אויסגעדריקט זיין שמייכלענדער, נאר־וואס אויסגעגאלטער פנים.

— אום גאטעס ווילען, וואלדעמאר, — האט מאריא דמיט־ריעוונא אויסגעשריען: — פריהער פלעגט איהר אריינגעהן אהן אן אנמעלדונג!

פאנשין האט מאריא דמיטריעוונא'ן געענטפערט נאר מיט א בליק, העפליך זיך פארנייגט פאר איהר, נאר צום הענטעל איז ער ניט צוגעגאנגען. זי האט איהם פארגעשטעלט פאר ווארווארא פאוולאוונא'ן; ער האט א שריט אפגעטראטען, זיך פארנייגט פאר איהר אויך אזוי העפליך, נאר מיט א שאטירונג פון גראציע און אכטונג, און זיך צוגעזעצט צום קארטען־טיש. דאס פרעפעראנס־שפיעל האט זיך גיך פארענדיגט. פאנשין האט זיך נאכגעפרעגט אויף ליזאוועטא מיכאילאוונא'ן, זיך דערוואוסט, אז זי איז ניט אינגאנצען געזונט, האט ער אויסגעדריקט מיטלייד; נאכדעם

האָט ער זיך צורעדט מיט װאַרװאַרא פּאַװלאָװנאַ'ן, דיפּלאָמאַטיש אָפּגעװאױגען און אײנגעפּאַסט יעדעס װאָרט, װירדיג אױסגעהערט איהרע ענטפּערס ביז'ן סוף. נאָר די װיכטיגקײט פון זײן דיפּלאָ־מאַטישען טאָן האָט אױף װאַרװאַרא פּאַװלאָװנאַ'ן ניט געװירקט, זיך צו איהר ניט אַריבערגעטראָגען. פאַרקערט: זי האָט מיט אַ פּרעהליכער אױפמערקזאַמקײט געקוקט איהם אין פּנים אַרײן, גערעדט גאַנץ פרײ, און איהרע קלײנע נאָז־לעכער האָבען לײכט געציטערט, װי פון אײנגעהאַלטענעם געלעכטער. מאַריאַ דמיט־ריעװנאַ האָט אָנגעפאַנגען אױפצוהױבען ביז'ן הימעל איהר טאַ־לאַנט; פּאַנשין האָט מיט דרך־ארץ, װי װײט זײנע קראַגענדלאַך האָבען ערלױבט, פאַרנײגט דעם קאָפּ, ערקלערט, אַז „ער איז געװען אין דעם נאָך פריהער איבערצײגט" — און פאַרפיהרט אַ געשפּרעך אױב ניט אַזש פון מעטערניק'ן אַלײן. װאַרװאַרא פּאַװלאָװנאַ האָט האַלב־צוגעמאַכט איהרע סאַמעטענע אױגען און אַ זאָג געטאָן מיט אַ האַלבען קול: „איהר זענט דאָך אױך אַן אַרטיסט, Un confrere:"—צוגעלעגט נאָך שטילער— "Venez!", און אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ צו דער זײט פון דער פּיאַנאָ. אָט דאָס אײן אַרײנגעװאָרפען װאָרט: "Venez!" — האָט אין אַ רגע, װי דורך אַ כשוף, געענדערט דעם גאַנצען אױסזעהן פון פּאַנישינען. דער פאַרזיכטיגער שטאָלץ זײנער איז פאַרשװאונדען; ער האָט אַ שמײכעל געטאָן, לעבעדיג געװאָרען, צושפּילעט דעם פראַק און, װידערהאָלענדיג: „װאָס פאַר אַן אַרטיסט בין איך, אומשטײנס געזאָגט! אָט איהר, האָב איך געהערט, זענט אַן אמת'ע אַרטיסטין" — האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איהר צו דער פּיאַנאָ.

— צװינגט איהם אױסצוזינגען דעם ראָמאַנס — װי עס שװימט די לבנה, — האָט מאַריאַ דמיטריעװנאַ אױסגעשריען.

— איהר זינגט? — האָט װאַרװאַרא פּאַװלאָװנאַ אַ זאָג געטאָן באַלײכטענדיג איהם מיט אַ ליכטיגען און שנעלען בליק. — זעצט אײך.

פּאַנשין האָט אָנגעפאַנגען זיך אַרױסצודרעהען מיט תירוצים.

— זעצט אײך, — האָט זי װידערהאָלט, מיט עקשנות אַ קלאַפּ טוענדיג איבער דעם פאָרענטש פון שטוהל.

ער האָט זיך געזעצט, אַ הוסט געטאָן, אָפּגעצויגען די קראַ־
װענדלאַך און אויסגעזונגען זיין ראָמאַנס.

— Charmant האָט װאַרװאַרא פּאַװלאָװנא ארויסגע־
רעדט:—איהר זינגט אויסגעצייכענט, Vous avez du style, —
זינגט דאָס איבער.

זי איז ארומגעגאַנגען ארום דער פּיאַנאָ און האָט זיך גע־
שטעלט פּונקט אַנטקעגען פּאַנשינען. ער האָט איבערגעזונגען דעם
ראָמאַנס, און צוגעגעבען אַ מעלאָדראַמאַטישען ציטער צו זיין שטי־
מע. װאַרװאַרא פּאַװלאָװנא האָט אויף איהם אויפמערקזאַם גע־
קוקט, אָנגעשפּאַרט די עלענבויגענס אויף דער פּיאַנאָ און געהאַל־
טען איהרע װייסע הענט אין אַ גראַדער ליניע מיט איהרע ליפּען.
פּאַנשין האָט געענדיגט. — Charmaut, Charmaute idee,—
האָט זי געזאָגט מיט דער רוהיגער איבערצייגונג פון אַ קענער. —
זאָגט, איהר האָט עטוואס אויפגעשריבען פאַר אַ פרויען שטימע, פאַר
אַ מעצאָ־סאָפּראַנאָ?

— איך שרייב כמעט גאָר ניט, — האָט פּאַנשין געענטפערט:
— איך האָב דאָס דאָך גאָר אַזוי זיך, אין מיטען דער ארבייט...
און איהר זינגט דען?

— איך זינג.

— אָ! זינגט אונז עפּעס, — האָט מאַריאַ דמיטריעװנא
אַ זאָג געטאָן.

װאַרװאַרא פּאַװלאָװנא האָט אָפּגעשאַרט מיט דער האַנט די
האָר פון די פאַררויטעלטע באַקען און אַ טרייסעל געטאָן מיט׳ן
קאָפּ.

— אונזערע שטימען דאַרפען זיך צופּאַסען איינע צו דער
צווייטער, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, װענדענדיג זיך צו פּאַנשינען:
לאָמיר אויסזינגען אַ דועט. איהר קענט אפשר: Son geloso
אָדער La ci darem אָדער Mira la bianca luna

— איך האָב אַמאָל געזונגען Mira la bianca luna?

— האָט פּאַנשין געענטפערט: — אָבער שוין לאַנג, שוין פאַר־
געסען.

— ניש־קשה, מיר װעלען פריהער מאַכען אַ רעפּעטיציע שטי־
לערהייט. לאָזט מיך.

ווארווארא פאוולאָווגא האָט זיך געזעצט נעבען דער פיאַנאָ. נעבען איהר האָט זיך אוועקגעשטעלט פאנשין. זיי האָבען אויפ־געזונגען האלב אין דער שטיל דעם דועט, דערביי האָט ווארווארא פאוולאָווגא איהם עטליכע מאָל פארריכט, נאכדעם האָבען זיי געזונגען אין דער הויך, נאכדעם האָבען זיי צוויי מאָל ווידער־האָלט: Mira la blanca lu...u...na! די שטימע ביי ווארווארא פאוולאָווגא האָט אָנגעוואָרען די פרישקייט, נאָר זי האָט די שטימע זעהר קינסטליך באהערשט. פאנשין האָט צוערשט זיך געשראָקען און עטוואָס אראָפּ פון׳ם טאָן, נאכדעם האָט ער זיך א נעם געטאָן מיט ברען, און אויב ער האָט געזונגען ניט גאר גוט, האָט ער אבער באוועגט מיט די פלייצעס, געטרייסעלט דעם גאנצען קערפער און צייטענווייז אויפגעהויבען די האנט, ווי א עכטער זינגער. ווארווארא פאוולאָווגא האָט אויסגעשפּיעלט צוויי־דריי טאלבערגאוועראָווער זאכען און קאָקעטיש „געזאָגט" א פראנצויזישע אריעטקעלע. מאריא דמיטריעווא האָט שוין ניט געוואוסט ווי אזוי אויסצודריקען איהר פארגעניגען; זי האָט עטליכע מאָל געוואָלט שיקען נאָך ליזא׳ן; געדעאנאָווסקי האָט אויך קיין ווערטער ניט געקענט געפינען און נאָר געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, — אָבער פלוצלונג האָט ער אומערווארטעט א גענייץ געטאָן און האָט קוים צייט געהאַט צודעקען דאָס מויל מיט דער האנט. אָט דעם גענייץ האָט ווארווארא פאוולאָווגא באמערקט; זי האָט זיך פלוצלונג אויסגעדרעהט מיט׳ן רוקען צו דער פיאַנאָ, א זאָג געטאָן: assez de musique comme ca; לאָמיר פלוידערן — און פארלעגט די הענט ווי א צלם. "Oui, assez de musique;", האָט פאנשין פרעהליך ווידערהאָלט און פארבונדען מיט איהר א געשפרעך — א מונטערן, לייכטען, אויף דער פראנצויזישער שפּראך. „פּונקט ווי אין בעסטען פאריזער סאלאָן", האָט מאריא דמיטריעווגא געטראכט, הערענדיג זייערע וויציגע און לעבעדיגע רייד. פאנשין האָט באמת הנאה געהאַט; זיינע אויגען האָבען געגלאנצט, ער האָט געשמייכעלט; צוערשט האָט ער א פיהר גע־טאָן מיט דער האנט איבער׳ן פנים, געקנייטשט מיט די ברעמען און אָפּגעריסען געזיפצט, בעת ער פלעגט זיך באגעגענען מיט די בליקען פון מאריא דמיטריעווגא; נאָר שפּעטער האָט ער איג־

גאַנצען וועגען איהר פאַרגעסען און האָט זיך גאָר איבערגעגעבען צום תענוג פון האַלב־וועלטליכער און האַלב־קינסטלערישער פּלוידעריי. וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ האָט זיך ארויסגעצייגט אלס גרויסע פילאָזאָפקע: אויף אלעם האָט זי געהאַט אַ גרייטען ענטפער, וועגען קיין זאַך האָט זי זיך ניט געוואַקעלט, וועגען קיין זאַך ניט געצווייפעלט; עס איז געווען קענטיג, אַז זי האָט אָפט געשמועסט מיט קלוגע מענשען פון אלערליי שאַטירונגען. אלע איהרע געדאַנקען, געפיהלען האָבען זיך געדרעהט ארום פּאַריז. פּאַנשין האָט ארויפגעפיהרט דעם געשפּרעך אויף ליטעראַטור: לאָזט זיך אויס, אַז זי, פּונקט ווי ער, האָבען געלייענט אלץ איינע פראַנצויזישע ביכלאַך: זשאָרזש סאַנד פלעגט איהר ארייַנברענגען אין כעס, פאַר באַלזאַק'ען האָט זי געהאַט דרך־ארץ, הגם ער פלעגט זי מיעד מאַכען, אין סיו'ען און אין סקריב'ען האָט זי געזעהן די גרויסע קענער פון'ם מענשליכען האַרץ, דיומאַ'ן און פעוואַל'ן האָט זי פאַרגעטערט; אין האַרצען האָט זי העכער געהאַלטען פאַר אלעמען פאָל דע־קאָק'ן, נאָר, פאַרשטעהט זיך, זי האָט אפילו ניט דערמאָנט זיין נאָמען, אייגענטליך האָט די ליטעראַטור זי ניט זעהר אינטערעסירט. וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ האָט זעהר קונציג אויסגעמיטען אלעס, וואָס האָט געקענט אפילו אומדירעקט דערמאָנען איהר לאַגע; וועגען ליעבע איז אפילו קיין זכר ניט געווען אין איהרע רייד: אדרבא גיכער האָט אין זיי געקלונגען די שטרענגקייט צו אלערליי תאוות, ענטוישונג און הכנעה. פּאַנשין פלעגט איהר אָפּענטפערן; זי פלעגט מיט איהם ניט איינשטימען... נאָר, אַ מאָדנע זאַך! — אין דער זעלביגער צייט, בעת פון איהר מויל פלעגען ארויסגעהן שטרענגע ווערטער, אָפט גאָר האַרבע, האָט דער קלאַנג פון אָט די ווערטער געצערטעלט, און די אויגען האָבען גערעדט.... וואָס אייגענטליך אָט די שעהנע אויגען האָבען גערעדט, — איז שווער געווען צו זאָגען; נאָר דאָס זיינען געווען ניט קיין שטרענגע, אומקלאָרע און זיסע רייד. פּאַנשין האָט זיך געפלייסט צו פאַרשטעהן זייער געהיימען זינן, האָט זיך געפלייסט אליין רעדען מיט די אויגען, נאָר ער האָט געפיהלט, אַז ביי איהם קומט גאָרניט ארויס; ער האָט אנערקענט, אַז וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ, אלס עכטע אויסלענדישע באַריהמטהייט, שטעהט העכער פון איהם,

און דערפאר האָט ער זיך ניט איינגאנצען געקענט באהערשען. ווארוואַרא פּאוולאָוונא האָט געהאט אַ געוועהנהייט בעת אַ גע־שפּרעך עטוואָס צו באַריהרען דעם ארבעל פון איהר קאָמפּאַניאָן; אָט די לייכטע באריהרונגען האבען זעהר צוטומעלט וולאדימיר ניקאָלאַיעוויטשען. ווארוואַרא פּאוולאָוונא האָט באַזעסען די פּע־היגקייט זיך לייכט צוזאמענגעהן מיט אַלעמען; קיין צוויי שעה זיינען נאָך ניט אַוועקגעגאנגען און פּאַנשינען האָט זיך געדוכט, אַז ער קען זי שוין אַ יובל, און ליזא, די זעלביגע ליזא, וואָס ער האָט פונדעסטוועגען ליעב געהאט, און ביי וועמען ער האָט ערשט נעכטען אין אווענט געבעטען די האַנט, — איז פאַרשוואונדען ווי אין נעבעל. מען האָט דערלאַנגט טעה; דער געשפּרעך איז גע־וואָרען נאָך פרייער. מאַריא דמיטריעוונא האָט אַ קלונג געטאָן נאָכ׳ן קאָזאַקעל און איהם באַפעהלען זאָגען ליזא׳ן, אַז זי זאָל אַראָפּגעהן אונטען, אויב דער קאָפּ־וועהטאָג איז איהר גרינגער געוואָרען. בעת פּאַנשין האָט דערהערט ליזא׳ס נאָמען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ שמועס מכח זעלבסט־אויפּאָפּפערונג, מכח דעם, ווער עס איז מעהר פעהיג אויף קרבנות — אַ מאַן אָדער אַ פרוי. מאַריא דמיטריעוונא איז באַלד געוואָרען אויפגערעגט, אָנ־געפאנגען צו באַהויפּטען, אַז אַ פרוי איז מעהר פעהיג, ערקלערט, אַז זי וועט דאָס באַווייזען מיט צוויי ווערטער, זיך פאַרפּלאָנטערט און געענדיגט מיט אַ גאַנץ אומגעלונגענעם פאַרגלייך. ווארוואַרא פּאוולאָ האָט גענומען אַ העפט פון נאָטען ביז האַלב זיך פאַר־דעקט דערמיט, זיך אָנגעבויגען צו דער זייט פון פּאַנשינען, געקייט אַ ביסקוויט, מיט אַ רוהיג שמייכעלע אויף די ליפּען און אין׳ם בליק, האָט שטיל אַ זאָג געטאָן: "elle n'a pas invente la poudre, la bonne damme". פּאַנשין האָט זיך אַ ביסעל דערשראָקען און פאַר׳חדוש׳ט אויף דער געוואַגטקייט פון ווארוואַרא פּאוולאָוו־נא׳ן; נאָר ער האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי פיעל פאַראַכטונג צו איהם גופא עס איז געווען באַהאַלטען אין אָט דער אומערוואַר־טעטער הארץ־אויסגעסעניש, און פאַרגעסענדיג האָט ער אַלע ליעבליכ־קייטען און די איבערגעבענהייט פון מאַריא דמיטריעוונא, פאַר־געסען די מיטאָג־מאָלצייטען, מיט וועלכע זי פלעגט איהם האָדע־ווען, דאָס געלד, וואָס זי פלעגט איהם לייהען, — ער האָט טאַקע

מיט יענעם שמייכעלע און מיט יענער שטימע גענטפערט (אומ־גליקליכער!): "Je crois bien" און אפילו ניט: Je crois bien נאר "J'crois ben".

ווארווארא פאוולאָוונא האָט אויף איהם געוואָרפען א פריינד־ליכען בליק און איז אויפגעשטאנען. ליזא איז אריינגעקומען; אומ־זיסט האָט זי מארפא טימאָפעיעוונא אָפגעהאלטען: זי האָט באַ־שלאָסען אויסצוהאלטען דעם נסיון ביז'ן סוף. ווארווארא פאוו־לאָוונא איז איהר אנטקעגען געגאנגען צוזאמען מיט פאנשינען, אויף וועמעס פנים עס האָט זיך באוויעזען דער פריהערדיגער דיפ־לאָמאטישער אויסדרוק.

— וואָס מאכט איהר אין געזונד? — האָט ער א פרעג גע־טאָן ליזא'ן.

— מיר איז איצט בעסער, א דאנק, — האָט זי געענטפערט.

— און מיר האָבען זיך דאָ א ביסעל פארנומען מיט מוזיק; א שאָד, וואָס איהר האָט ניט געהערט ווארווארא פאוולאָוונא'ן. זי זינגט אויסגעצייכענט, en artiste consommee.

— קומט נאָר אהער, ma chere, — האָט זיך דערהערט מאריא דמיטריעוונא'ס שטימע.

ווארווארא פאוולאָוונא איז גלייך, מיט דער געהאָרכזאמקייט פון א קינד, פון איהר צוגעגאנגען און זיך אוועקגעזעצט אויף א קליין טאבורעטקעלע נעבען איהרע פיס. מאריא דמיטריעוונא האָט זי א רוף געטאָן צוליעב דעם, כדי צו לאָזען די טאָכטער, כאָטש אויף א רגע, אליין מיט פאנשינען: זי האָט נאָך אלץ אין האר־צען געהאָפט, אַז זי וועט זיך נאָך באדענקען. אחוץ דעם, איז איהר אריין אין קאָפּ א געדאנק, וואָס זי האָט אומבאדינגט גלייך געוואָלט ארויסזאָגען.

— ווייסט איהר, — האָט זי א שושקע געטאָן ווארווארא פאוולאָוונא'ן: — איך וועל אייך פּרובירען איבערבעטען מיט אייער מאַן; איך קען ניט קאווירען פאר ערפאָלג, אָבער איך וועל פּרובירען. פאר מיר, ווייסט איהר, האָט ער גרויס דרך ארץ.

ווארווארא פאוולאָוונא האָט פּאַמעלאך אויפגעהויבען די אוי־גען אויף מאריא דמיטריעוונא און שעהן צוזאמענגעלעגט די הענט.

— איהר וואָלט געווען מיין רעטערין, ma tante, — האָט

זי א זאָג געטאָן מיט א טרויעריגער שטימע: — איך ווייס ניט ווי אזוי אייך אָפּצודאַנקען פאַר אַלע אייערע צערטליכקייטען; נאָר איך בין צו פיעל שולדיג געגען פעדאָר איוואַניטשען; ער קען מיר ניט מוחל זיין.

— האָט איהר דען... באמת... — האָט מאַריא דמיטריעוונא אָנגעפאַנגען מיט נייגיעריגקייט...

— פרעגט מיך ניט, — האָט וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא איהר איבערגעשלאָגען און אראָפּגעלאָזט די אויגען. איך בין געווען יונג, לייכטזיניג... איבריגענס, איך וויל זיך ניט פאַרענטפערן.

— נו, פונדעסטוועגען, וואַרום ניט פּרובירען? זייט נאָר ניט פאַרצווייפעלט, — האָט מאַריא דמיטריעוונא געענטפערט און גע־וואָלט זי א גלעט טאָן איבער דער באַק, נאָר זי האָט איהר א קוק געטאָן אין פנים — און געבליבען אָפּהענגדיג. „צניעות'דיג, צניעות'דיג, — האָט זי א טראַכט געטאָן, — נאָר א רעכטער פויגעל".

— איהר זיינט קראַנק? — האָט בעת מעשה פאַנשין גע־זאָגט ליזאַ'ן.

— יאָ, איך בין ניט געזונט.

— איך פאַרשטעה אייך, — האָט ער א זאָג געטאָן נאָך א גאַנץ לאַנגען שווייגען. — יאָ, איך פאַרשטעה אייך.

— ווי?

— איך פאַרשטעה אייך, — האָט באַדייטענד ווידערהאָלט פאַנשין, וועלכער האָט פשוט ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגען.

ליזא איז צוטומעלט געוואָרען, און נאָכדעם א קלעהר געטאָן: „זאָל ער!" פאַנשין האָט אָנגענומען א געהיימניספּולען אויסזעהן און אנטשוויגען געוואָרען, מיט שטרענגקייט באַפעהלענדיג א קוק אַלע מאָל אין א זייט.

— פונדעסטוועגען, דאַכט זיך, האָט שוין געקלונגען עלף א זייגער, — האָט מאַריא דמיטריעוונא באַמערקט.

די געסט האָבען פאַרשטאַנען דעם רמז און אָנגעפאַנגען זיך צו געזעגענען. וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא האָט געמוזט צוזאָגען, אז זי וועט קומען מיטאָג עסען אויפ'ן צווייטען טאָג און מיטברענגען אדא'ן; געדעאָנאָווסקי, וואָס איז שיער ניט איינגעשלאָפען, זיצענ־

דיג אין ווינקעלע, האָט זיך ארויסגערופען צו באגלייטען זי אהיים. פּאַנשין האָט פייערליך זיך אָפּגעזעגענט מיט אַלעמען, און אויפ'ן גאַניקעל, אריינזעצענדיג ווארווארא פּאוולאָוונא'ן אין קארעטע, האָט ער איהר אַ דריק געטאָן די האנט און איהר נאָכגעשריען:

au revoir! געדעאנאָווסקי האָט זיך געזעצט מיט איהר זייט ביי זייט; דעם גאַנצען וועג האָט זי זיך אונטערהאַלטען דערמיט, וואָס זי האָט אלע מאָל אַ שטעל געטאָן, כלומרשט אומגערן, דעם שפּיץ פון איהר פיסעל אויף זיין פוס; ער פלעגט עפּעס ווערען אָפּהענדיג, מאכען איהר קאָמפּלימענטען; זי האָט געקוואלען, געמאכט אויגע־לאך צו איהם, ווען דאָס ליכט פון די גאַסען־לאָמפּען איז געפאלען אין קארעטע. דער וואלץ, וועלכען זי אליין האָט אויסגעשפּיעלט, האָט איהר געקלונגען אין קאָפּ, זי אויפגערעגט; וואו זי זאָל ניט געווען זיין, האָט זי נאָר געדארפט זיך פאָרשטעלען פייערן, אַ באָל־זאַל, דאָס שנעלע דרעהען אונטער די קלאַנגען פון מוזיק — און די נשמה האָט זיך אין איהר אָנגעצונדען, די אויגען האָבען עפּעס מאָדנע זיך פארטונקעלט, אַ שמייכעל האָט געבלאָנדזעט אויף די ליפּען, עפּעס גראציעז־וואקכישעס האָט זיך צוגאָסען איבער'ן גאַנצען קערפּער. צופאָהרענדיג אהיים איז ווארווארא פּאוולאָוונאַ לייכט ארויסגעשפּרונגען פון דער קארעטע — נאָר באריהמטהיי־טען קענען אזוי ארויסשפּרינגען — האָט זיך אויסגעקערעוועט צו געדעאנאָווסקי'ן און פּלוצלונג זיך צולאכט מיט אַ קלינגענדיגען גע־לעכטער גלייך איהם אין נאָז.

„אַ ליעבענסווירדיגע פּערזאָן, — האָט דער שטאַאטס־ראט מיטגעליעד געטראכט, קלייבענדיג זיך צו זיך אויף דער קווארטיר, וואו זיין דינער האָט אויף איהם געווארט מיט אַ גלאָז אָפּאָדעלדאק: גוט, וואָס איך בין אַ געזעצטער מענש... נאָר — פון וואָס האָט זי געלאכט?"

מארפאַ טימאָפעיעוונא איז די גאנצע נאכט איבערגעזעסען ביי ליזא'ס צוקאָפּענס.

.41

לאוורעצקי האָט פארבראכט אָנדערטהאלבען טעג אין וואַ־סיליעווסקאיא און כמעט די גאַנצע צייט זיך ארומגעשלייעט אין

דער אומגענענד. ער האָט לאַנג ניט געקענט בלייבען אויף איין פּלאַץ: די ביינקעניש האָט איהם גענאָגט; ער האָט דורכגעליטען אַלע יסורים פון אומאויפהערבאַרע האַסטיגע, און קראַפּטלאָזע אימ־פּולסען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם געפיהל, וואָס האָט ארומ־געכאַפּט זיין נשמה אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך זיין קומען אין דאָרף: ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיינע דאַמאָלסדיגע פּראָיעקטען און שטארק געוועזן אויף זיך ברוגז. וואָס האָט איהם געקענט אָפּ־רייסען דערפון, וואָס ער האָט אַנערקענט אלס זיין חוב, אַלס די איינציגע אויפגאַבע פון זיין צוקונפט? די דורשט נאָך גליק — ווידער טאַקע די דורשט נאָך גליק! „ווייזט אויס, מיכאַלעוויטש איז גערעכט", האָט ער געטראַכט. „עס האָט זיך דיר פארגלוסט אַ צווייטען מאָל פארזוכען דאָס גליק פון לעבען, — האָט ער צו זיך אליין געזאָגט: — דו האָסט פארגעסען, אַז דאָס איז גאָר אַ לוקסוס, אַן אומפארדיענטע טובה, ווען עס באזוכט דעם מענשען כאָטש נאָר איינמאָל. עס איז ניט געווען קיין פול גליק, עס איז געווען פאַלש, וועסטו זאָגען; צייג־זשע אָן דיין רעכט אויף פולען, אמת'ן גליק! קוק זיך ארום, ווער לעבט ארום דיר אין תענוג, ווער האָט הנאה? אָט פאָהרט אַ פּויער צום שניט; עס קען זיין, ער איז צופריעדען מיט זיין גורל... נו, וואָס? וואָלסטו מרוצה גע־וואָרען זיך מיט איהם בייטען? דערמאָן זיך אָן דער מאַמען דיי־נער: ווי נישטיג־קליין עס זיינען געווען איהרע פאָדערונגען, און וואָס פאר אַ גורל עס איז איהר באשערט געווען? דו, ווייזט אויס, האָסט זיך נאָר באַריהמט פאר פּאַנשינען, בעת דו האָסט איהם געזאָגט, אַז דו ביסט געקומען אין רוסלאַנד צוליעב דעם, כדי צו אַקערן ערד; דו ביסט געקומען זיך ארומצושלעפּען אויף דער על־טער מיט מיידלאַך. עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגען דיין פרייהייט, און דו האָסט אַלעס אוועקגעוואָרפען, אַלעס פארגעסען, דו האָסט זיך צויאָגט, ווי אַ אינגעל נאָך אַ שמעטערלינג"...

ליזאַ'ס געשטאַלט האָט זיך איהם נאָכאַנאַנד פאָרגעשטעלט בעת דעם נאָכדענקען; ער האָט מיט מיה איהם ארויסגעטריבען, אקו־ראַט ווי אַן אַנדער צודרינגליכען געשטאַלט, אַנדערע געלאַסען־קייטן, שעהנע און פארהאַסטע שטריכען. דער אַלטער אַנטאָן האָט באַמערקט, אַז דער פּריץ איז עפּעס ניט מיט אַלעמען; אָפּ־

זיפּצענדיג עטליכע מאָל הינטער דער טיר, און עטליכע מאָל אויפ׳ן שוועל, האָט ער באַשלאָסען צו איהם צוגעהן, איהם גע׳עצה׳ט אויס־טרינקען עטוואָס וואַרעמינקעס. לאַוורעצקי האָט אויף איהם אָנ־געשריען, איהם געהייסען אַרויסגעהן, נאָר דערנאָך האָט ער זיך פאַר איהם ענטשולדיגט; אָבער אַנטאָנען האָט דאָס נאָך ערגער געאַרט. לאַוורעצקי האָט ניט געקענט איינזיצען אין גאַסט־צימער; איהם האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אַז דער עלטער־זיידע אַנדריי קוקט פון דער לייוועגט אויף זיין שוואַכען אייניקעל. — „אַך דו! קריכער!“ האָט געדוכט, זאָגען זיינע אויף אַ זייט אויסגעדרעהטע ליפּען. „ניט שוין־זשע, — האָט ער געטראַכט, — וועל איך מיט זיך ניט מושוה ווערען, — זיך אונטערגעבען אָט דער... נאַריש־קייט?“ (שוועער־פאַרוואונדעטע אויף דער מלחמה רופען שטענדיג אָן זייערע וואונדען „נאַרישקייטען“. ווען אַ מענש זאָל זיך ניט אָבנאַרען — וואָלט ער ניט געקענט לעבען אויף דער וועלט). „וואָס בין איך דאָס באמת, אַ אינגעלע, צי וואָס? יאָ, נו: איך האָב געזעהן נאָהענט, כמעט אין די הענט געהאַלטען די מעגליכקייט פון גליק אויפ׳ן גאַנצען לעבען — איז דאָס פּלוצלונג פאַרשוואונדען; איז דאָך אין אַ לאָטעריע אויך דאָס זעלבע — ווען דאָס רעדעל זאָל זיך עטוואָס מעהר אַ דרעה טאָן, וואָלט דאָך אַ קבצן, אפילו, געוואָ־רען אַן עושר. אזוי איז עס ניט, עס איז דאָך אזוי ניט — און אַ סוף. איך וועל זיך אַ נעהם טאָן צו דער זאַך, פאַרדריקען מיט די צייהן און זיך באַפעהלען צו שווייגען; עס איז מיר ניט דאָס ער־שטע מאָל זיך צו נעהמען אין די הענט. און צוליעב וואָס בין איך געלאָפען, פאַרוואָס זיץ איך דאָ און פאַרשטעק, ווי אַ שטראוס, דעם קאָפּ אין אַ קוסט? שרעקליך צו קוקען דעם אומגליק אין די אויגען — נאַרישקייטען!“ — אַנטאָן! — האָט ער הויך אַ געשריי גע־טאָן: היים גלייך אויסריכטען אַן עקיפּאַזש. — „יאָ, — האָט ער ווידער אַ קלער געטאָן, — מען דאַרף זיך באַפעהלען צו שווייגען, מען דאַרף זיך אַריינגעהמען אין די הענט, ווי עס דאַרף צו זיין“.

אָט מיט אַזעלכע חקירות האָט לאַוורעצקי זיך געפּלייסט גרינגער מאַכען זיין צרה; נאָר געווען איז זי גרויס און שטאַרק; אפילו אַפּראַקסעיא, וואָס איז געווען ניט אזוי עובר בטל, ווי אָהן יעדער געפיהל, האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און טרויעריג

איהם באגלייט מיט די אויגען, בעת ער האָט זיך אריינגעזעצט אין עקיפּאַזש, צו פאָרען אין שטאָדט. די פערד זיינען געפלויגען ; ער איז געזעסען אומבאוועגליך און גלייך, און אומבאוועגליך געקוקט פאָראויס, אויפ'ן וועג.

## 42.

ליזא האָט מיט א נאכט פריהער אנגעשריבען לאווּרעצקי'ן, אז ער זאל קומען צו זיי אין אָווענט ; נאָר צוערשט איז ער אוועק צו זיך אויף דער קוואַרטיר. אין דער היים האָט ער געטראָפען ניט דאָס ווייב, ניט די טאָכטער ; פון דער דיענערשאפט האָט ער זיך דערוואוסט, אז זי איז אוועק צו די קאלאטינס. אָט די ידיעה האָט איהם אי איבערראשט, אי אריינגעבראכט אין כעס. „ווייזט אויס, ווארוואַרא פּאַוולאָוונא האָט באשלאָסען מיך ניט לאָזען לעבען", האָט ער געטראכט מיט א בייזקייט אויפ'ן הארצען. ער האָט אנגעפאנגען צו געהן הין און צוריק, נאָכאנאַנד אבשטויסענדיג מיט די הענט און מיט די פיס די קינדערשע שפּיעלכעלאך, וואס האָבען זיך איהם געטראָפען, ביכלאך און פארשיעדענעם פרויען־רעמאַנענט ; ער האָט א רוף געטאָן זשוסטינען און איהר באפעהלען אויפצוראמען דאס גאנצע „מיסט". Oui, monsieur, האָט זי א זאָג געטאָן מיט א גרימאַסע און אָנגעפאנגען צוראמען דאס צימער, גראציעז זיך אנגעבויגען און מיט יעדער באוועגונג איהרער מודיע געווען לאווּרעצקי'ן, אז זי רעכענט איהם פאר אן אומגעהובעלטען בער. מיט האס האָט ער געקוקט אויף איהר אבגעניצטען, נאָר אלץ נאָך „פּיקאַנטען", לעבערליכען, פאריזער פנים, אויף איהרע ווייסע האלבארבעלאך, זיידענעם פארטוך און לייכטען טשיפּיק. ענדליך, האָט ער זי אוועקגעשיקט און, נאָך א לאנגען ישוב־הדעת (ווארוואַרא פּאַוולאָוונא האָט זיך נאָך אלץ ניט אומגעקערט), האָט ער באשלאָסען אוועקצוגעהן צו די קאליטינס, — ניט צו מאַריא דמיטריעוונא'ן (ער וואלט פאר קיין זאך אין דער וועלט ניט אריינגעגאנגען אין איהר גאסט־צימער, אין יענעם גאסט־צימער, וואו זיין ווייב איז געווען), נאָר צו מאַרפאַ טימאָפעיעוונא'ן ; ער האָט זיך דערמאָנט, אז די הינטערשטע טרעפּ פון דעם דינערשאפט־גאניקעל

פיהרען גלייך צו איהר. לאַוורעצקי האָט טאַקע אזוי געטאָן. אַ צופאל האָט איהם ארויסגעהאָלפען: אויפ'ן הויף האָט ער באַגעגנט שוראָטשקאַ'ן; זי האָט איהם דורכגעפיהרט צו מארפא טימאָפעיעווּנאַ'ן. ער האָט זי געטראָפען, געגען איהר געוועהנהייט, אליין; זי איז געזעסען אין אַ ווינקעלע, מיט אַ נאַקעטען קאָפּ, איינגעהאַרבעט, מיט די הענט איבערגעקרייצט אויף דער ברוסט. די אַלטע האָט זיך זעהר איבערגעשראַקען, ווען זי האָט דערזעהן לאַוורעצקי'ן; זי האָט זיך אויפגעשטעלט פלינק און אנגעפאַנגען צו געהן הין און צוריק איבער'ן צימער, כלומר'שט זוכענדיג איהר טשיפּיק.

— אַ, אָט ביזטו, אָט, — האָט זי אנגעפאַנגען ריידען, אויסמיידענדיג זיין בליק און דרעהענדיג זיך אומזיסט און אומנישט: — נו, אַ גאָט העלף. נו, וואָס־זשע? וואס מאַכט מען! וואו ביזטו געוועזן נעכטען? נו, זי איז געקומען, יא, נו. מען מוז שוין עפּעס אזוי... ווי ס'ניט איז.

לאַוורעצקי האָט זיך אראָבגעלאָזט אויף אַ שטול.

— נו, זעץ זיך, זעץ זיך, — האָט די אַלטע פאַרגעזעצט. דו ביסט גלייך ארויפגעגאַנגען אויבען? יאָ, נו, פאַרשטעהט זיך, וואָס־זשע? ביסט אויף מיר געקומען אַ קוק טאָן? אַ דאנק.

די אַלטע האָט אַביסעל געשוויגען; לאַוורעצקי האָט ניט געוואוסט, וואס איהר צו זאגען; נאָר זי האָט איהם פאַרשטאַנען.

— ליזא... יא, ליזא איז נאָר־וואס דאָ געוועזן, — האָט מארפא טימאָפעיעווּנאַ פאָרגעזעצט, אָפּבינדענדיג און צובינדענדיג די בענדלאַך פון איהר רידיקיול. — זי איז ניט איינגאַנצען געזונט. שוראָטשקא, וואו ביזטו? קום אַהער, מאַמע מיינע, וואס קענסטו עפּעס ניט איינזיצען? מיר טוט אויך וועה דער קאָפּ. ווייזט אויס פון אָט דעם אָ, פונ'ם זינגען און פון דער מוזיק.

— פון וואס פאר אַ זינגען, מוהמעניו?

— נו, אודאי; דאָ זיינען שוין אָט די אָ, ווי רופט מען זיי אויף אייער לשון, דועטען אוועק. און אַלץ אויף איטאַליעניש; טשי־טשי און טשאַ־טשא, אמת'ע סאָראָקעס. פאַנגען זיי אָן ארויסברענגען די נאָטען, ציהען זיי פשוט ארויס די נשמה. אָט דער פאנשין און דיינע. און ווי גיך דאס אַלעס האָט זיך איינגעאר־

דענט ; שוין טאקע אויף א קרוב'ישען אופן, אָהן צערעמאָניעס. נאָר צוריק די אייגענע מעשה : א הונט אפילו זוכט זיך אויך אן אָבדאָך. מען וועט שוין ניט געהן צו גרונד, אז מענשען וועלען ניט טרייבען.

— פונדעסטוועגען, בין איך זיך מודה, דאָס האָב איך ניט ער־ווארטעט, — האָט לאוורעצקי געענטפערט : — דערצו דאַרף מען א סך עזות.

— ניין, נשמה מיינע, דאָס איז ניט קיין עזות, דאָס איז אויסרעכענונג. נאָר כאַפּט זי דער גוטער יאהר ! דו שיקסט זי, זאגט מען, קיין לאווריקי, אמת ?

— יא, איך גיב איבער אָט דעם גוט צו ווארוואַרא פּאוו־לאָוונאַ'ן.

— זי האָט געבעטען געלט ?

— דערווייל נאָך ניט.

— נו, דאָס וועט זיך ניט פארציהען. און דיך האָב איך ערשט איצטער רעכט באקוקט. ביזט געזונט ?

— געזונט.

— שוראָטשקא ! — האָט מארפא טימאָפעיעוונא פלוצלונג אויסגעשריען : — געה נאָר, זאָג ליזאוועטא מיכאילאָוונאַ'ן — ס'הייסט, ניין, פרעג ביי איהר... זי איז דאָך אונטען ?

— אונטען.

— יא, נו ; טאָ פרעג איהר : וואו, הייסט דאָס, האָט זי אהינגעטאָן מיין ביכעל ? זי וויים שוין.

— גוט.

די אַלטינקע האָט זיך ווידער אנגעפאנגען ארומצודרעהען, צועפענט די שופלאָדען פון דער שאפע. לאווערעצקי איז געזעסען אומבאוועגליך אויף זיין שטול.

פלוצלונג האָבען זיך דערהערט לייכטע טריט אויף די טרעפ — און ליזא איז אריינגעקומען.

לאווערעצקי איז אויפגעשטאַנען און זיך פארנייגט ; ליזא האָט זיך אבגעשטעלט נעבען דער טיר.

— ליזאַ, ליזאַטשקאַ, — האָט מאַרפּאַ טימאָפעיעוונאַ באַ־שעפטיגט אנגעפאַנגען צו ריידען: — וואו האָסטו אוועקגעלעגט מיין ביכעל, וואו האָסטו?

— וואָס פאַר אַ ביכעל, מוהמעניו?

— אָ, דאָס ביכעל, גאָט מיינער! איך האָב דיך, סיי ווי ניט געָרופען... נו, אַלץ איינס. וואָס טוט איהר דאַרטען אונטען? אָט איז פעדאָר איוואַניטש אויך געקומען. — וואָס מאַכט עפּעס דיין קאָפּ?

— גאָרניט.

— דו זאָגסט אַלץ: גאָרניט. וואָס איז ביי אייך אונטען — ווידער מוזיק?

— ניין, — מען שפּיעלט אין קאָרטען.

— זי קען דאָך יעדער זאַך. שוראָטשקע, איך זעה, עס גלוסט זיך דיר אַרומלויפען איבער'ן סאָד. געה.

— ניין, מאַרפּאַ טימאָפעיעוונאַ...

— חקירה ניט, איך בעט דיך, געה. נאַסטאַסיאַ קאַרפּאָווגאַ איז אוועק אין סאָד אַליין: זיי דאַרטען מיט איהר. באַרעכען די אַלטע. — שוראָטשקאַ איז אַרויסגעגאַנגען. — וואו־זשע איז מיין טשיפּיק? וואוהין איז ער טאַקע אַהינגעקומען?

— לאָזט מיך, וועל איך אַ זוך טאָן, — האָט ליזאַ אַ זאָג געטאָן.

— זיץ, זיץ; ביי מיר זיינען נאָך די פיס ניט אָבגעפאַלען. ווייזט אויס, ער איז דאַרטען ביי מיר אין שלאָף־צימער.

און וואַרפענדיג אַ קאָסען קוק אויף לאַווּרעצקי'ן, איז מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ אַבגעגאַנגען. די טיר האָט זי געהאַט איבערגעלאָזט אָפען; נאָר פּלוצלונג האָט זי זיך אומגעקערט צו איהר און זי פאַרשפּאַרט.

ליזאַ האָט זיך אָנגעלעהנט אויף דעם פאַרענטש פון'ם שטול און שטיל פאַרלעגט די הענט צו זיך אויפ'ן פּנים; לאַווּרעצקי איז געבליעבען, וואו ער איז געווען.

— אָט ווי אַזוי מיר מוזען זיך זעהן, — האָט ער ענדליך אַ זאָג געטאָן.

ליזא האָט צוגענומען די הענט פון'ם פּנים.

— יא, — האָט זי טעמפּ געענטפערט: — מיר זיינען שנעל באשטראפט געווארען.

— באשטראפט, — האָט לאווערצקי א זאָג געטאָן. — פאר־וואָס־זשע זיינט איהר דאס באשטראפט?

ליזא האָט אויף איהם אויפגעהויבען איהרע אויגען. ניט קיין וועהטאָג, ניט קיין שרעק האָבען זיי אויסגעדריקט: זיי האָבען געשיינט צו זיין קלענער און טונקעלער. איהר פּנים איז געווען בלאס; די עטוואס צועפענטע ליפּען זיינען אויך בלאס געווארען.

דאָס הארץ ביי לאווערצקי'ן האָט א ציטער געטאָן אויס רחמנות און ליעבע.

— איהר האָט מיר אנגעשריבען: אלעס איז געענדיגט, — האָט ער ארויסגעשושקעט: — יא, אלעס איז געענדיגט — איידער ס'האָט זיך נאָך אנגעפאנגען.

— דאָס דארף מען אלץ פארגעסען, — האָט ליזא א זאָג גע־טאָן: — איך בין צופריעדען, וואס איהר זייט געקומען; איך האָב אייך געוואלט שרייבען, נאָר אזוי איז בעסער. מען דארף אבער גיכער אויסנוצען אָט די מינוטען. אונזביידען בלייבט צו ערפילען אונזער חוב. איהר, פעדאָר איוואַניטש, מוזט שלום־מאכען מיט אייער ווייב.

— ליזא!

— איך בעט דאָס ביי אייך: מיט דעם אליין קען מען פאר־גלעטען... אלעס, וואס עס איז געווען. איהר וועט זיך באַטראַכטען — און וועט מיר ניט אבזאגען.

— ליזא, אום גאָטעס ווילען, — איהר פאדערט דאס אוממעג־ליכע. איך בין גרייט אלעס צו טאָן וואָס איהר וועט הייסען; נאָר איצטער שלום־ווערען מיט איהר!.. איך בין מרוצה אויף אלעס, איך האָב אלעס פארגעסען; נאָר איך קען דאך ניט צווינ־גען מיין הארץ... איך בעט אייך, דאָס איז גרויזאם!

— איך פאדער טאקע ניט פון אייך... דאס, וואס איהר זאגט; לעבט ניט מיט איהר, אויב איהר קענט ניט; נאָר ווערט שלום, — האָט ליזא געענטפערט און ווידער א הויב געטאָן די

הענט צו די אויגען. געדענקט אָן אייער טאָכטער; טהוט דאס צוליעב מיר.

— גוט, — האָט לאוורעצקי צווישען די צייהן ארויסגע־רעדט; דאס, לאמיר רעכענען, וועל איך טאָן; דערמיט וועל איך ערפילען מיין חוב. נו, און איהר — אין וואָס באשטעהט אייער חוב?

— דאָס וויים איך.

לאוורעצקי האָט פלוצלונג א ציטער געטאָן.

—איהר קלייבט זיך אפשר חתונה האָבען מיט פאנשינען?

— האָט ער א פרעג געטאָן.

ליזא האָט קוים מערקבאר א שמייכעל געטאָן.

— אָ, ניין! — האָט זי געזאָגט.

— אָך, ליזא, ליזא! — האָט לאוורעצקי אויסגעשריען: — ווי גליקליך מיר וואלטען געקאנט געווען זיין!

ליזא האָט ווידער אויף איהם א קוק געטאָן.

— אָט איצטער זעהט איהר אליין, פעדאָר איוואנאָוויטש, אז דאס גליק הענגט ניט אָפּ פון אונז, נאָר פון גאָט.

— יא, דערפאר וואָס איהר...

די טיר פון'ם צווייטען צימער האָט זיך שנעל אויפגעעפענט, און מארפא טימאָפעיעוונא איז אריינגעגאנגען מיט א טשיפיק אין דער האנט.

— קוים, מיט צרות, געפונען, — האָט זי געזאָגט און זיך געשטעלט צווישען לאוורעצקי'ן און ליזא'ן. אליין איהם פארלעגט אָט וואָס ס'הייסט די עלטער, א צרה! נאָר ווידער. די יוגענט איז אויך ניט בעסער. וואס, דו וועסט אליין פאָרען מיט'ן ווייב קיין לאווריקי? — האָט זי צוגעלעגט און זיך אויסגעקערעוועט צו פע־דאָר איוואנאָוויטש'ן.

— מיט איהר קיין לאווריקי? איך? איך וויים ניט, — האָט ער א זאָג געטאָן, צוואווארטענדיג אביסעל.

— דו וועסט ניט אראָבגעהן אונטען?

— היינט — ניט.

— נו, גוט, ווי דו פארשטעהסט; נאָר דו, ליזא, דענק איך, וואָלסט געדארפט אראָבגעהן אונטען. אָך, טאטע זיסער, איך האָב

נאר פארגעסען דעם פויגעלע פארשיטען שפייז. אַט־אַ שוין, ווארט צו, איך׳ל גלייך...

און מארפא טימאָפיעוונא איז אַרויסגעלאָפען ניט אָנטוהענ־דיג דעם טשיפּיק.

לאווריעצקי איז שנעל צוגעגאנגען צו ליזא׳ן.

— ליזא, — האָט ער אנגעפאנגען מיט א בעטענדער שטימע: — מיר צושיידען זיך אויף שטענדיג, מיין הארץ ווערט מיר צוריסען, — גיט מיר אייער האנט צום זעגענען.

ליזא האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ. איהר מיעדער, כמעט אויסגעלאָשענער בליק האָט זיך אויף איהם אבגעשטעלט...

— ניין, — האָט ליזא א זאג געטאָן און צוגענומען צוריק די אויסגעצויגענע האנט: — ניין, לאווריעצקי (דעם ערשטען מאָל האָט זי איהם אזוי גערופען), איך וועל אייך מיין האנט ניט געבען. צו וואס? געהט אוועק, איך בעט אייך. איהר ווייסט, איך האָב אייך ליעב... יא, איך האָב אייך ליעב, — האָט זי צוגעלעגט מיט מיה.

— נאר ניין... ניין.

און זי האָט צוגעטראָגען א טיכעלע צו איהרע ליפען.

— גיט מיר לכל הפחות אָט דאָס טיכעלע.

די טיר האָט א סקריפּע געטאָן... דאס טיכעלע האָט זיך א גליטש געטאָן איבער ליזא׳ס קניע. לאווריעצקי האָט דאָס אונטער־געכאַפּט, איידער ס׳האָט צייט געהאט ארונטערפאלען אויף דער פּאָדלאָגע, שנעל דאָס א שפּאר געטאָן אין א זייט־קעשענע, זיך אויסגעקערעוועט און זיך באַגעגענט מיט די אויגען מיט מארפא טימאָפעיעוונא.

— ליזאָטשקא, מיר דוכט, די מאמע רופט דיך, — האָט די אַלטע א זאג געטאָן.

ליזא איז גלייך אויפגעשטאַנען און אוועקגעגאנגען.

מארפא טימאָפעיעוונא האָט זיך ווידער אנידערגעזעצט אין איהר ווינקעלע. לאווריעצקי האָט זיך אנגעפאנגען מיט איהר צו געזעגענען.

— פעדיא, — האָט זי פּלוצלונג אזאג געטאָן.

— וואָס, מוהמעניו?

— דו ביזט אַן אָרענטליכער מאַן?

— ווי?

— איך פרעג דיך: ביזטו אַן אָרענטליכער מאַן?

— איך האָף, אַז יאָ.

— הם. גיט מיר דיין עהרען־וואָרט, אַז דו ביזט אַן אָרענטליכער מאַן.

— אָך. — נאָר צו וואָס טויג דאָס אייך?

— איך ווייס שוין, צו וואָס. און דו, זונעניו מיינער, אַז דו וועסט גוט אַ קלער טאָן, — דו ביזט דאָך ניט קיין נאַר, — וועסטו אליין פאַרשטעהן צוליעב וואָס איך פרעג דאָס ביי דיר. און איצט, אַ גוטען טאָג, טאַטעלע. אַ דאַנק, וואָס דו האָסט זיך אַראָבגעכאַפּט, און דאָס געזאָגטע וואָרט געדיינק, פעדיאַ, און גיב מיר אַ קוש. אָך, נשמה מיינע, איך ווייס, ס'איז דיר שווער; נאָר אַלעמען איז דאָך ניט גרינג. אָט נעהם מיך, פלעג איך דאָך אפילו פליגען מקנא זיין: אָט, פלעג איך טראַכטען, ווען ס'איז גוט צו לעבען אויף דער וועלט; נאָר איין מאָל, ביי־נאַכט האָב איך דערהערט ווי אַ פליג מאַטערט זיך אין די לאַפּקעס פון אַ שפּין, — ניין, טראַכט איך, אויף זיי איז אויך דאָ אַ רוט. וואָס זאָל מען טאָן, פעדיאַ; און דאָס וואָרט דיינס זאָלסטו, פינדעסטוועגען געדיינקען.

— געה, געה.

לאַווערעצקי איז אַרויסגעגאַנגען פון'ם אונטערשטען גאַניקעל און איז שוין צוגעקומען ביז צום טויער... אַ לאַקיי האָט איהם אָנגעיאָגט.

— מאַריאַ דמיטריעוונא האָט באַפעהלען צו בעטען אייך אַריינגעהן צו איהר, — האָט ער דערלעגט לאַווערעצקי'ן.

— זאָג, ברודערקע, אַז איך קען ניט איצטער... — האָט פעדאָר איוואַניטש אָנגעפאַנגען.

— זיי האָבען באַפעהלען זעהר בעטען, — האָט דער לאַקיי פאַרגעזעצט: — זיי האָבען באַפוילען זאָגען, אַז זיי זיינען אַליין.

— זיינען דען די געסט אוועקגעפאָרען? — האָט לאַווערעצקי געפרעגט.

— יא, — האָט דער לאַקיי געענטפערט און נאַריש א שמייכעל געטאָן.

לאַווורעצקי האָט א קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס און איז אוועק נאָך איהם.

.43

מאַריא דמיטריעווגא איז געזעסען אליין ביי זיך אין קאַבינעט, אויף א וואָלטער־שטול, און געשמעקט אָדעקאָלאָן; א גלאָז וואַסער מיט פלער־דע׳אָראַנזש איז געשטאַנען נעבען איהר אויף א טישעלע. זי איז געווען אומרוהיג און האָט זיך עפּעס ווי געשראָקען.

לאַווורעצקי איז אריינגעקומען.

— איהר האָט מיך געוואָלט זעהן, — האָט ער קאַלט א זאָג געטאָן, און זיך פאַרנייגט.

— יא, — האָט מאַריא דמיטריעווגא געענטפערט און אבגעטרונקען אביסעל וואַסער. — איך האָב זיך דערוואוסט, אז איהר זייט פאַרבייגעגאַנגען גלייך צו דער מוהמע; איך האָב אייך געהייסען בעטען צו זיך: איך דאַרף מיט אייך עפּעס איבעררייידען. זיצט, איך בעט אייך.

מאַריא דמיטריעווגא האָט אבגעכאַפּט דעם אָטעם.

— איהר ווייסט, — האָט זי פאַרטגעזעצט: — אייער פרוי איז געקומען צופאַהרען.

— דאָס איז מיר באַקאַנט, — האָט לאַווורעצקי א זאָג געטאָן.

— יא, נו, דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגען: זי איז צו מיר געקומען, און איך האָב זי אויפגענומען; אָט וועגען וואָס איך וויל זיך מיט אייך פאַרשטענדיגען, פעדאָר איוואַניטש. איך האָב, דאַנקען גאָט, זיך פאַרדיענט אַלגעמיינע אַכטונג, און קיין אומאַנשטענדיגעס וועל איך ניט טאָן פאַר קיין זאַך אין דער וועלט. הגם איך האָב פאָראויסגעזעהן, אז דאָס וועט זיין פאַר אייך אומאַנגענעהם, דאָך האָב איך זיך ניט באַשלאָסען איהר ניט אויפצונעהמען, פעדאָר איוואַניטש; זי איז מיר א קרובה — צוליעב אייך: געהט אריין אין מיין לאַגע, וואָס פאַר א רעכט האָב איך געהאַט זי ניט אויפנעהמען אין מיין הויז — זאָגט אליין?

— איהר באַאומרוהיגט זיך אומזיסט, מאַריאַ דמיטריעוונאַ, — האָט לאַוורעצקי געענטפערט: — איהר האָט זעהר גוט געטאָן; איך בין לחלוטין ניט אין כעס. איך בין גאָר ניט גענייגט צונעהמען ביי וואַרוואַרע פּאַוולאָוונאַ'ן די מעגליכקייט זיך צו זעהן מיט איה־רע באַקאַנטע; היינט בין איך צו אייך ניט אַריינגעקומען נאָר דערפאַר, וואָס איך האָב זיך ניט געוואָלט באַגעגענען מיט איהר — אָט דאָס איז אַלעס.

— אַך, ווי אַנגענעהם מיר איז דאָס צו הערען פון אייך, פעד־דאָר איוואַניטש, — האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ אויסגעשריען: — אַלענפאַלס איך האָב שטענדיג דאָס ערוואַרטעט פון אייערע איי־דעלע געפיהלען. און וואָס איך בין אויפגערעגט, איז גאָר קיין חדוש ניט: איך בין א פרוי און א מוטער. און אייער פרוי... זיכער, איך קען צווישען אייך און איהר ניט משפט'ן — דאָס האָב איך געזאָגט איהר אַליין; נאָר זי איז אַזאַ ליעבליכע דאַמע, אַז אויסער פאַרגעניגען קען זי גאָר ניט פאַרשאַפען.

לאַוורעצקי האָט א שמייכעל געטאָן און זיך א שפּיעל געטאָן מיט'ן הוט.

— און אָט וואָס נאָך איך האָב אייך געוואָלט זאָגען, פעדאָר איוואַניטש, — האָט מאַריאַ דמיטריעוונאַ פאַרגעזעצט, ליכט באַ־וועגענדיג זיך צו איהם: — ווען איהר וואָלט געזעהן, ווי זי האַלט זיך צניעות'דיג, ווי ווירדיג! — ווירקליך, דאָס איז שוין אפילו ריהרענד. און ווען איהר וואָלט געהערט ווי זי רופט זיך אָפּ פון אייך! איך, זאָגט זי, בין געגען איהם אינגאַנצען שולדיג; איך, זאָגט זי, האָב איהם ניט געקענט אַבשאַצען, זאָגט זי; דאָס, זאָגט זי, איז א מלאך, ניט קיין מענש; ווירקליך, אַזוי טאַקע זאָגט זי: א מלאך. און ווי זי האָט חרטה... איך האָב נאָך, גאָט זאָל מיר טאַקע אַזוי העלפען, אַזאַ חרטה ניט געזעהען!

— און וואָס, מאַריאַ דמיטריעוונאַ, — האָט לאַוורעצקי גע־ענטפערט: — ערלויבט מיר זיין נייגעריג: מען זאָגט, וואַרוואַראַ פּאַוולאָוונאַ האָט ביי אייך געזונגען; בעת איהר חרטה האָט זי געזונגען, — אָדער ווי?..

— אַך, ווי איז אייך קיין שאַנד ניט אַזוי צו רייד'ען! זי האָט געזונגען און געשפּיעלט נאָר צוליעב דעם, כדי זי זאָל מיר טאָן א

געפעליגקייט, ווייל איך האב איהר געהאלטען אין איין בעטען, כמעט איהר באפעהלען. איך זעה, אז עס איהר שווער, אזוי שווער; טראכט איך, מיט וואס זאל איך זי אביסעל צושטרויען — און איך האב געהערט, אז זי האט א טאלאנט אזא אויסגעצייכענטען! — איך בעט אייך, פעדאר איוואניטש, זי איז אינגאנצען ביי זיך געפאלען, פרעגט אפילו סערגעי פעטראוויטש'ן, א צוהרג'עטע פרוי, tout a fait, וואס רעדט איהר?

לאווערעצקי האט נאר א קנייטש געטאן מיט די פלייצעס.

— און א חוץ דעם, וואס איז דאס ביי אייך פאר א מלאך'ל אט די אדאטשקא, ס'אזא שעהנהייט! — ווי ליעבליך זי איז, ס'אזא קלוגינקע; ווי זי רעדט פראנצויזיש; און רוסיש פארשטעהט זי אויך — האט מיך געשטופען מוהמעניו. און ווייסט איהר, זי זאל אויסמיידען מענשען, ווי עס מיידען אוים כמעט אלע קינדער אין איהר עלטער — קיין סמן דערפון ניטא. זי איז אזוי עהנליך צו אייך, פעדאר איוואניטש, אז ס'איז פשוט א שרעק. די אויגען, די ברעמען... אקוראט — איהר, אט ווי איהר זייט. אזעלבע קליינינקע קינדער האב איך ניט ליעב, נאר אין אייער טעכטעריל האב איך זיך פשוט פארליעבט.

— מאריא דרימטריעוונא, — האט לאווערעצקי פלוצלונג ארויסגערעדט: — ערלויבט מיר אייך פרעגען, צוליעב וואס זאגט איהר מיר דאס אלעס?

— צוליעב וואס? — מאריא דמיטריעוונא האט ווידער א שמעק געטאן דעם אדעקאלאן און אבגעטרונקען אביסעל וואסער.

— צוליעב דעם, פעדאר איוואניטש, זאג איך דאס אייך, ווייל... איך בין דאך אייער א קרובה, איך נעהם דאך אין אייך דעם נאהענטסטען אנטייל... איך וויים, איהר האט א טייער הארץ. הערט אוים mon cousin — איך בין דאך עפעס אן ערפאהרענע פרוי, און איך וועל גלאט אזוי ניט ריידען: זייט מוחל, זייט מוחל אייער פרוי. מאריא דמיטריעוונא'ס אויגען האבען זיך פלוצלונג אנגעפילט מיט טרערען. — באטראכט אליין: יונגענד, אומערפאהרענהייט... אפשר אויך, א שלעכטער ביישפיעל: ס'איז ניט געווען אזא מוטער, וואס זאל זי ארויספיהרען אויף א וועג. זייט איהר מוחל, פעדאר איוואניטש, זי איז שוין גענוג געווען געשטראפט.

די טרערען האָבען זיך א קייקעל געטאָן איבער מאריא דמיט־ריעוונא׳ס באקען; זי האט זיי ניט אבגעווישט: זי האָט ליעב געהאט צו וויינען. לאוורעצקי איז געזעסען, ווי אויף קוילען. „גאָט מיינער, — האָט ער געטראכט: — וואס איז דאס פאר א נסיון, וואס פאר א טאָג איז אויף מיר היינט געקומען!“

— איהר ענטפערט ניט, — האָט מאריא דמיטריעוונא ווידער אנגעפאנגען צו ריידען: — ווי־זשע דארף איך אייך פארשטעהן? — קענט איהר דען זיין אזוי גרויזאם? ניין, איך וויל דאס ניט גלויבען. איך פיהל, אז מיינע ווערטער האָבען אייך איבערצייגט. פעדאר איוואניטש, גאט וועט אייך באצאָהלען פאר אייער גוטס־קייט, און איהר נעהמט איצטער צו פון מיינע הענט אייער פרוי...

לאוורעצקי האָט ניט ווילענדיג זיך אויפגעהויבען פונ׳ם שטוהל; מאריא דמיטריעוונאָ איז אויך אויפגעשטאַנען, און פלינק א געה טוענדיג אונטער די פארהאנגען, האָט זי פון דארטען ארויסגעפיהרט ווארווארא פאוולאָוונאַ׳ן. א בלאסע, א האלב־לע־בעדיגע, מיט אראָבגעלאזטע אויגען, האָט זי, אזוי האָט זיך גע־דוכט, זיך אבגעזאגט פון יעדען אייגענעם געדאנק, פון יעדען ווילען — זיך איבערגעגעבען אין די הענט פון מאריא דמיטריעוונא.

לאוורעצקי האָט אָבגעטראָטען א טריט צוריק.

איהר זייט געווען דאָ! — האָט ער אויסגעשריען.

— באשולדיגט איהר ניט, — האָט מאריא דמיטריעוונא שנעל א זאָג געטאָן: — זי האָט בשום אופן ניט געוואלט בלייבען, נאָר איך האָב איהר באפעהלען צו בלייבען, איך האָב זי אוועקגעזעצט הינטער די פאָרהאנגען. זי האָט מיך פארזיכערט, אז דאס וועט אייך נאָך מעהר צובייזערען; איך האָב זי אפילו ניט געוואלט אויסהערען; איך קאָן אייך בעסער ווי זי. נעהמט־זשע פון מיינע הענט אייער פרוי; געהט, ווארינאַ, שרעקט אייך ניט, פאלט צו צו אייער מאן (זי האָט איהר א טאָרקע געטאָן פאר דער האנט) — און מיין ברכה...

— ווארט אוים, מאריאַ דמיטריעוונאַ,—האָט לאָוורעצקי איהר איבערגעשלאָגען מיט א טעמפּען, נאָר צורודערטען קול. — איהר, ווארשיינליך, האָט ליעב געפיהלפולע סצענעס (לאוורעצקי האָט קיין טעות ניט געהאט: מאריא דמיטריעוונא האָט נאָך פונ׳ם

אינסטיטוט אפגעשפּאַרט א ליידענשאפט צו טעאַטראַלע סצענעס) ; איהר אונטערהאלט זיך מיט זיי ; אנדערע אבער ליידען פון זיי. אלענפאלס, איך וועל מיט אייך ניט ריידען : אין ד ע ר סצענע זייט איהר ניט די הויפּט פּערזאָן. וואס ווילט א י ה ר פון מיר, מאַדאַם ? — האָט ער צוגעלעגט, ווענדענדיג זיך צום ווייב. — האָב איך דען פאר אייך ניט געטאָן, וואס איך האָב געקענט ? זאגט מיר ניט, אז איהר האָט ניט געפלאַנט אָט דעם רענדאַוואו ; איך וועל אייך ניט גלויבען, — און איהר ווייסט, אז איך קען אייך ניט גלויבען. וואס־זשע ווילט איהר ? איהר זייט קלוג — איהר טוט גאָר ניט אָהן קיין צוועק . איהר מוזט פארשטעהן, אז מיט אייך לעבען, ווי איך האָב געלעבט פריהער, קען איך ניט. ניט דערפאר, ווייל איך בין אויף אייך אין כעס, נאָר דערפאר, וואס איך בין געוואָרען אן אנדער מענש. איך האָב דאס אייך געזאגט אויפ׳ן צווייטען טאָג פון אייער קומען, און איהר אליין זייט, אין דער רגע, אין הארצען געווען מיט מיר איינשטימיג ; אייך איז קאַרג צו וואוינען ביי מיר אין הויז, איהר ווילט וואוינען מיט מיר אונטער איין דאך — ניט אמת !

— איך וויל איהר זאָלט מיר מוחל זיין, — האָט וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא א זאָג געטאָן, ניט אויפהויבענדיג די אויגען.

— זי וויל איהר זאָלט איהר מוחל זיין, — האָט מאַריא דמיטריעוונא ווידערהאָלט.

— און ניט צוליעב זיך, צוליעב אדא׳ן, — האָט וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא א שושקע געטאָן.

— ניט צוליעב איהר, צוליעב אייער אדא׳ן, — האָט מאַריא דמיטריעוונא ווידערהאָלט.

— אויסגעצייכענט. איהר ווילט דאָס ? — האָט לאַווּרעצקי מיט מיה ארויסגערעדט. — גוט, איך בין דארויף אויך מרוצה. מרוצה.

וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא האָט אויף איהם געוואָרפען א שנעלען בליק, און מאַריא דמיטריעוונא האָט אוסיגעשריען : „נו, א דאנקען גאָט" און נאָכאמאָל א ציה געטאָן וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא׳ן פאר דער האנט.

— נעהמט־זשע איצטער פון מיר...

— ווארט, זאָג איך אייך, — האָט לאווּרעצקי זי איבערגעשלאָ־ גען. — איך בין מרוצה וואוינען מיט אייך, ווארווארא פּאוולאָוונא, — האָט ער פאָרטגעזעצט: — דאָס הייסט, איך וועל אייך צו־ פיהרען אין לאווריקי און אפּוואוינען מיט אייך, אויף וויפיעל די כחות וועלען מיר טראָגען, און דערנאָך וועל איך אוועקפאָהרען — און זיך אָפּט אראָפּכאַפּען. איהר זעהט, איך וויל אייך ניט אָפּנאַ־ רען; נאָר פאָדערט מעהר גאָרניט. איהר אליין וואָלט זיך צו־ לאַכט, ווען איך זאָל ערפילען דעם פאַרלאַנג פון דער ווירדיגער קרובה אייערער און אייך צוגעדריקט צו מיין הארצען, אָנגעפאַנגען צו פאַרזיכערען אייך, אַז... אַז קיין פאַרגאַנגענהייט איז ניט געווען, אַז דער אָפּגעהאַקטער בוים וועט ווידער אויפבליהען. נאָר איך זעה: מען מוז זיך אונטערגעבען. איהר וועט אָט דאָס ניט אַזוי פאַרשטעהן... דאָס איז אַלץ איינס. איך ווידערהאָל, איך וועל וואוינען מיט אייך... אָדער, ניין, איך קען דאָס ניט צוזאָגען... איך וועל זיך צונויפגעהן מיט אייך, וועל אייך ווידער רעכענען אַלס מיין פרוי...

— גיט־זשע איהר, לכל הפּחות, דאַרויף אייער האַנט, — האָט אַ זאָג געטאָן מאַריאַ דמיטריעוונאַ, ביי וועלכער די טרערען זיינען שוין לאַנג אויסגעטריקענט געוואָרען. —

— איך האָב ביז איצטער ווארווארא פּאוולאָוונא׳ן ניט אָפּ־ גענאַרט, — האָט לאווּרעצקי געענטפערט: — זי וועט מיר אַזוי אויך גלויבען. איך וועל זי אָפּפיהרען אין לאווריקי; — און גע־ דיינקט, ווארווארא פּאוולאָוונא: אונזער אָפּמאַך וועט זיך רעכע־ נען אַלס געבראָכען, ווי נאָר איהר וועט פון דאָרטען ארויספאָהרען. און איצטער ערלויבט מיר אוועקגעהן.

ער האָט זיך פאַרנייגט פאַר ביידע דאַמעס און איילענדיג ארויסגעגאַנגען.

— איהר נעהמט זי ניט מיט זיך, — האָט מאַריאַ דמיט־ ריעוונאַ איהם נאָכגעשריען...

— לאָזט איהם צורוה, — האָט ווארווארא פּאוולאָוונא איהר אַ שושקע געטאָן און זי גלייך ארומגענומען, אָנגעפאַנגען איהר דאַנקען, קושען ביי איהר די הענט און רופען זי איהר רעטערין.

מאַריאַ דמיטריעוונאַ האָט נאָכגעביג צוגענומען איהרע ליעב־

ליבקייטען, נאָר אין הארצען איז זי ניט געווען צופרידען ניט מיט לאַווערעצקי'ן, ניט מיט ווארוואַרא פּאַוולאָווּנאַ'ן, ניט מיט דער גאַנ־צער צוגעגרייטער סצענע. צו ווינציג סענטימענטאַליטעט איז דאָ געווען; לויט איהר מיינונג, האָט ווארוואַרא פּאַוולאָווּנאַ זיך גע־דאַרפט געווען ווארפען צו די פיס פונ'ם מאַן.

— ווי האָט איהר דאָס מיך ניט פארשטאַנען? — האָט זי דערקלערט: — איך האָב דאָך אייך געזאָגט: פאַלט צו.

— אזוי איז בעסער, טייערע מוהמעניו; באאומרוהיגט זיך ניט — אַלעס איז אויסגעצייכענט, — האָט ווארוואַרא פּאַוולאָווּנאַ גע'טענה'ט.

— און ער איז אויך — קאַלט, ווי אייז, — האָט מאַריאַ דמיט־ריעווּנאַ באַמערקט — איהר, לאָמיר זאָגען, האָט ניט געוויינט. אָבער איך האָב דאָך פּשוט זיך באוואשען פאר איהם מיט טרערען. ער וויל אייך פארשליסען אין לאַווריקי. וואָס־זשע, צו מיר וועט איהר אויך ניט טאָרען פאָהרען? אַלע מענער זיינען געפּיהללאָז, — האָט זי אַ זאָג געטאָן צום שלום און באַדייטענד אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— דערפאר קענען פרויען אָפּשאַצען גוטסקייט און גרויסמוטיגקייט, — האָט ווארוואַרא פּאַוולאָווּנאַ אַ זאָג געטאָן און, שטי־לינקערהייד אראָפּלאָזענדיג זיך אויף די קניע פאַר מאַריאַ דמיט־ריעווּנאַ'ן, האָט זי ארומגענומען איהר פולע טאַליע מיט די הענט און זיך צוגעטוליעט צו איהר מיט'ן פּנים. אָט דער פּנים האָט שטיל געשמייכעלט. אָבער ביי מאַריאַ דמיטריעווּנאַ'ן האָבען זיך אַ לאָז געטאָן די טרערען.

און לאַווערעצקי איז אוועק צו זיך, פארשפּארט זיך אין צימער פון זיין קאַמערדינער, זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער סאָפּקע און איז אזוי איבערגעלעגען ביז אין־דער־פריה.

## 44.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז געווען זונטאָג. דער גלאָקען־קלאַנג צו די מאָרגען־תפלות האָט לאַווערעצקי'ן ניט אויפגעוועקט — ער האָט ניט צוגעמאכט קיין אויג די גאַנצע נאַכט — נאָר האָט איהם

דערמאָנט אָן אַן אַנדער זונטאָג, ווען ער איז, לויט ליזאַ'ס וואונש געגאַנגגען אין קלויסטער. ער איז איילענדיג אויפגעשטאַנען; עפּעס אַ געהיימע שטימע האָט איהם געזאָגט, אַז ער וועט זי היינט זעהן טאַקע דאָרטען. ער איז אָהן געוויש אַרויסגעגאַנגען פון'ם הויז, באַפעהלען זאָגען וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ'ן, וועלכע איז נאָך געשלאָפען, אַז ער וועט צוריק־קומען צום מיטאָג, און מיט גרויסע טריט האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן אַהין, וואוהין עס האָט איהם גערופען דער אייגענאַרטיג־טרויעריגער קלאַנג. ער איז געקומען פריה. עס איז נאָך כמעט קיינער ניט געווען אין קלויסטער; אַ דיאַק'ל האָט אויף דער בימה געלייענט מאָרגען־תפלות; פון צייט צו צייט איבערגעריסען פון הוסט, האָט זיין שטימען געהודעט, אָט פאַלענדיג, אָט זיך אָנבלאָזענדיג. לאַווערעצקי האָט זיך אוועקגעשטעלט ניט ווייט פון'ם אַריינגאַנג. די מתפללים זיינען אָנגעקומען איינציגוויז, האָבען זיך אָפּגעשטעלט, גע'צלמ'ט, געבוקט צו אַלע זייטען; זייערע טריט האָבען געקלונגען אין דער פוסטקייט און שטילקייט, קלאָר זיך אָפּגערופען אונטער די סקלעפּען. אַ שוואַכע אַלטיטשקע אין אַ זעהר אָפּגעטראָגענעם מאַנטעל מיט אַ קאַפּושאָן איז געשטאַנען אויף די קניע נעבען לאַווערעצקי'ן און געשמאַק געזאָגט די תפלות: איהר ציינלאָזער, געלער, געקנייטשטער פּנים האָט אויסגעדריקט אָנגעשטרענגטע הכנעה; די רויטע אויגען האָבען אומאָפּוועדבאַר געקוקט אַרויף אויף די הייליגע בילדער; די ביינערדיגע האַנט איז נאָכאַנאַנד אַרויסגעגאַנגען פון'ם מאַנטעל און לאַנגזאַם און קרעפטיג געמאַכט אַ גרויסען, ברייטען צלם. אַ פּויער מיט אַ געדיכטער באָרד און אַ שטרענגען פּנים, אַ צוקאַטשמעטער און צוקנייטשטער, איז אַריינגעגאַנגען אין קלויסטער מיט אַמאָל זיך אַ שטעל געטאָן אויף ביידע קניע און גלייך זיך אַ נעם געטאָן איילענדיג צו צלמ'ען זיך, און נאָך יעדען בוק צוריק פאַרוואַרפען און אַ טרייסעל געטאָן דעם קאָפּ. אַזאַ ביטערע צרה האָט זיך באַמערקט אויף זיין פּנים, אין אַלע זיינע באַוועגונגען, אַז לאַווערעצקי האָט באַשלאָסען צו איהם צוגעהן און איהם פרעגען, וואָס מיט איהם איז געשעהן. דער פּויער האָט זיך שרעקעדיג און ווילד אַ טרייסעל געטאָן, אויף איהם אַ קוק געטאָן....

„אַ זוהן איז געשטאָרבען", האָט ער אַרויסגעזאָגט בנשימה אחת,—

און אויפ׳ס ניי זיך אַ נעם געטאָן בוקען... „וואָס קאָן פאר זיי פארבייטען די טרייסט פונ׳ם קלויסטער״, האָט לאַוורעצקי א קלער געטאָן,—און אליין א פרואוו געטאָן זאָגען די תפלות; נאָר דאָס הארץ איז איהם שווער געוואָרען, פארהארטעוועט געווארען, און די געדאנקען זיינען געוועזען ווייט. ער האָט אלץ געווארט אויף ליזא׳ן, — נאָר ליזא איז ניט געקומען. דער קלויסטער האָט זיך אנגעפאנגען אָנצופילען מיט אַן עולם; זי איז אלץ ניט געווען. די מאָרגען־תפלות האָבען זיך אָנגעפאנגען, דער דיאַק האָט שוין גע־האט איבערגעלייענט די פרשה פון דעם עוואנגעליום, מען האָט א קלונג געטאָן צו ווייטערע תפלות; לאַוורעצקי האָט זיך עטוואס א רוק געטאָן פאָראויס — און פלוצלונג דערזעהן ליזא׳ן. זי איז געקומען פריהער פון איהם, נאָר ער האָט זי ניט באמערקט; צור־זאמענגעדריקט אינ׳ם ליידיגען שטיקעל פלאץ צווישען דער בימה און דער וואנט, האָט זי זיך ניט אומגעקוקט, ניט געריהט. לאַוו־רעצקי האָט פון איהר קיין אויג ניט אראָפּגענומען ביז׳ן סוף פון די מאָרגען־תפלות: דאָס האָט ער זיך מיט איהר געזעגענט. דער עולם האָט זיך אָנגעפאנגען צוגעהן, נאָר זי איז אלץ געשטאַנען; עס האָט זיך געדוכט, אז זי האָט געווארט ביז לאַוורעצקי וועט אוועקגעהן. ענדליך האָט זי זיך איבערגעצלמ׳ט צום לעצטען מאָל און איז אוועקגעגאנגען, זיך ניט אומקוקענדיג; מיט איהר איז געווען נאָר א דיענסט. לאַוורעצקי איז ארויסגעגאנגען נאָך איהר פונ׳ם קלויסטער און זי אָנגעיאָגט אין גאס; זי איז געגאנגען זעהר שנעל, מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ און אַן אראָפּגעלאָזטען טיול אויפ׳ן פּנים.

— אַ גוט מאָרגען, ליזאוועטע מיכאילאָוונא, — האָט ער א זאָג געטאָן הויך, מיט א געצוואונגענער פרייקייט: — קען מען אייך באַגלייטען?

זי האָט גארניט געזאָגט. ער האָט זיך געלאָזט געהן מיט איהר זייט ביי זייט.

— זענט איהר צופרידען מיט מיר? — האָט ער זי א פרעג געטאָן, ארונטערלאָזענדיג די שטימע. — איהר האָט געהערט, וואָס עס איז נעכטען פארגעקומען?

— יאָ, יאָ, — האָט זי שטיל ארויסגערעדט: — דאָס איז גוט.

און זי איז אוועק נאָך שנעלער.

— איהר זענט צופרידען?

ליזא האָט נאָר א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— פעדאָר איוואַניטש, — האָט זי אָנגעפאַנגען מיט א רו־היגער, נאָר שוואַכער שטימע: — איך האָב אייך געוואָלט בע־טען: קומט ניט מעהר צו אונז, פאָהרט וואָס שנעלער אָפּ; מיר וועלען זיך קענען שפּעטער זעהן, — ווען ס'ניט איז, אין א יאָהר אַרום. נאָר איצטער; טוט עס צוליעב מיר; ערפילט מיין בקשה, אום גאָטעס ווילען.

— איך בין גרייט צו פאָלגען אַלעס, ליזאַוועטא מיכאַי־לאָוונא: — נאָר מוזען מיר דען אזוי זיך צושיידען? וועט איהר מיר טאַקע ניט זאָגען אפילו קיין איין וואָרט?...

— פעדאָר איוואַניטש, אָט געהט איהר איצטער נעבען מיר... און איהר זענט שוין אזוי וויים פון מיר. און ניט איהר אליין, נאָר...

— דעררעדט, איך בעט אייך! — האָט לאַווערעצקי אויסגע־שריהען: — וואָס ווילט איהר זאָגען?

— איהר וועט דערהערען, ס'קען זיין... נאָר וואָס ס'זאָל ניט זיין, פאַרגעסט... ניין, פאַרגעסט מיך ניט, געדענקט מיך.

— איך זאָל אייך פאַרגעסען...

— גענוג, זייט געזונט. געהט מיר ניט נאָך.

— ליזא, האָט לאַווערעצקי אָנגעפאַנגען...

— זייט געזונט, זייט געזונט! — האָט זי ווידערהאָלט, ני־דעריגער אראָפּגעלאָזט דעם טול און זיך כמעט א לאָז געטאָן לוי־פען פאָראויס.

לאַווערעצקי האָט איהר נאָכגעקוקט און מיט א געזונקענעם קאָפּ זיך געלאָזט געהן צוריק איבער דער גאַס. ער האָט זיך אָנ־געשטויסען אויף לעמם'ען, וועלכער איז אויך געגאַנגען, אָנגערוקט דעם הוט אויף דער נאָז און געקוקט זיך אונטער די פיס.

זיי האָבען שווייגענד אַ קוק געטאָן איינער אויפ'ן צווייטען.

— נו, וואָס וועט איהר זאָגען? — האָט לאַווערעצקי ענדליך אַ זאָג געטאָן.

— וואָס איך וועל זאָגען? — האָט לעמם בייז געענטפערט:

— גאָרניט וועל איך זאָגן. אַלעס איז טויט, און מיר זיינען טויט (Alles ist tot und wir sind tot). איהר דאַרפט דאָך געהן רעכטס?

— רעכטס.

— און איך דאַרף לינקס. זייט געזונט.

---

אויפ'ן צווייטען אין־דער־פריה איז פעדאָר איוואניטש מיט דער פרוי אוועקגעפאָהרען קיין לאַווריקי. זי איז געפאָהרען פאָר־אויס, אין א קארעטע, מיט אדא'ן און מיט זשוסטינע'ן; ער הינטען — אין א עקיפּאַזש. דאָס שעהנינקע מיידעלע איז די גאַנ־צע צייט פונ'ם וועג ניט אַפּגעגאַנגען פונ'ם קארעטע־פענסטער; אויף אַלעס האָט זי זיך גע'חדוש'ט; אויף די פּויערים, פּויערטעס, שטיבלאַך, ברונימער, דוהעס, גלעקלאַך און אויף א מענגע קראָעס; זשוסטינע האָט זיך אויך ווי זי גע'חדוש'ט; ווארוואַרא פּאַוולאָוונאַ האָט געלאַכט פון זייערע באמערקונגען און אויסגעשרייען. זי איז געווען אין א גוטער שטימונג; פאַר'ן אוועקפאָהרען פון דער שטאָדט א... האָט זי זיך דורכגערעדט מיט איהר מאַן.

— איך פארשטעה אייער לאַגע, — האָט זי איהם געזאָגט, — און ער, לויט'ן אויסדרוק פון איהרע קלוגע אויגען, האָט געקענט קומען צום באשלוס, אז זי האָט טאַקע פאָלקאָמען פארשטאַנען זיין לאַגע, — נאָר איהר וועט מיר אָבער צוגעבען יענע גלייכקייט פון פארשטאנד, אז מיט מיר לעבט זיך גרינג; איך וועל זיך צו אייך ניט אָנבינדען, אייך ניט שטערען; איך האָב געוואָלט פארזי־כערען אדא'ס צוקונפט; מעהר דאַרף איך גאָר ניט.

— יאָ, איהר האָט דערגרייכט אַלע אייערע צוועקען, — האָט פעדאָר איוואניטש א זאָג געטאָן.

— איך פאנטאזיר איצטער נאָר פון איין זאך: אויף שטענ־דיג זיך באגראָבען ערגעץ אין א פּאַרוואָרפען ווינקעל; אייביג וועל איך געדיינקען אייערע מעשים טובים...

— פע! גענוג, — האָט ער איהר איבערגעשלאָגען.

— און איך וועל קענען אכטען אייער אומאָפּהענגיגקייט און אייער רוה, — האָט זי פארענדיגט איהר צוגעגרייטע פראַזע.

לאַווערצקי האָט זיך טיעף פארנייגט פאר איהר. ווארוואַרא

פּאַוולאָוונא האָט פאַרשטאַנען, אַז אין האַרצען דאַנקט איהר דער מאַן.

אויפ'ן צווייטען טאָג געגען אָוונט זיינען זיי אָנגעקומען קיין לאַווריקי; אין אַ וואָך אַרום, איז לאַווערעצקי אָפּגעפאָהרען קיין מאָסקווא, איבערלאָזענדיג דער פרוי אַ פינף טויזענדער אויף לעבענס-באַדערפנישען — און אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך לאַוו־רעצקי'ס אָפּפאָהרען איז געקומען פּאַנשין, וועמען וואַרוואַרא פּאַוו־לאָוונאַ האָט געבעטען ניט צו פאַרגעסען איהר איינזאַמקייט. זי האָט איהם אַזוי אויפגענומען, אַז בעסער קען מען שוין ניט, און ביז שפּעט אין דער נאַכט זיינען די הויכע צימערען פונ'ם הויז פאַרטויבט געוואָרען פון מוזיק-קלאַנגען, געזאַנג און פרעהליכע פראַנצויזישע רייד. דריי טעג איז פּאַנשין געווען דער גאַסט פון וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ'ן. בעת ער האָט זיך געזעגענט מיט איהר און קרעפטיג געדריקט איהרע שעהנע הענט, האָט ער איהר צוגע־זאָגט זעהר שנעל צוריקקומען — און טאַקע געהאַלטען וואָרט.

## 45.

ליזא האָט געהאַט אַ באַזונדער, קליין צימערעל אויפ'ן צוויי־טען עטאַזש פון איהר מוטער'ס הויז, אַ ריינס, אַ ליכטיגס, מיט אַ ווייס בעטעלע, מיט בלומען-טעפּלאַך אין די ווינקעלעך און פאַר די פענסטער, מיט אַ קליין שרייב-טישעל, אַ בערגעלע ביכער און אַ קרוציפיקס אויף דער וואַנט. אָט דאָס צימערעל האָט געהייסען דאָס קינדער-צימער; ליזאַ איז אין דעם צימער געבאָרען געוואָ־רען. קומענדיג פונ'ם קלויסטער, וואו לאַווערעצקי האָט זי געזעהן, האָט זי נאָך פאָרזיכטיגער ווי געוועהנליך צוגעקליבען ביי זיך אין צימערעל, אָפּגעקעהרט דעם שטויב פון אומעטום, איבערגע־קוקט און איבערגעבונדען מיט בלענדלאַך אַלע איהרע העפטען און בריעף פון פריינדינס, פאַרשלאָסען אַלע קעסטעלאַך, באַגאָסען די בלומען און האָט זיך צוגעריהרט מיט דער האַנט צו יעדער בלי־מעלע. דאָס אַלעס האָט זי געטאָן ניט איילענדיג, אָהן רעש, מיט עפּעס אַ הכנעה'דיגער און שטילער באַזאָרגטקייט אויפ'ן פּנים. ענדליך, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אין מיטען צימער, פּאַמעלאַך זיך

אומגעקוקט, צוגעגאנגען צום טיש, איבער וועלכען עס איז געהאנ־
גען דער קרוציפיקס זיך אראפגעלאזט אויף די קניע, אוועקגעלעגט
דעם קאפ אויף די צוזאמענגעדריקטע הענט און אזוי געבליבען
אומבאוועגליך.

מארפא טימאפעיעוונא איז אריינגעקומען און זי געטראפען
אין אט דעם צושטאנד. ליזא האט ניט באמערקט איהר אריינקו־
מען. די אלטיטשקע איז ארויס אויף די שפיץ־פינגער אויף יענער
זייט טיר און עטליכע מאל הויך א הוסט געטאן. ליזא האט זיך
פלינק אויפגעהויבען און אפגעווישט די אויגען, אויף וועלכע עס
האבען געגלאנצט ליכטיגע, נאך ניט פארגאסענע טרערען.

— און דו, זעה איך, האסט שוין ווידער צוגעראמט דיין
קלויסטער־צעלכעל, — האט מארפא טימאפעיעוונא א זאג געטאן,
און זיך נידעריג צוגעבויגען צו א טעפעל מיט יונגע ראזעס. —
ווי פיין עס שמעקט!

ליזא האט פארטראכט א קוק געטאן אויף איהר מוהמע.

— וואס פאר א ווארט האט איהר דאס ארויסגעזאגט! —
האט זי ארויסגעשושקעט.

— וואס פאר א ווארט, וואסערס? — האט מיט לעבעדיג־
קייט אויפגעכאפט די אלטיטשקע.

— וואס ווילסטו זאגען? — האט זי אנגעפאנגען צו ריידען,
ארונטערגעווארפען דעם טשיפעק און זיך צוגעזעצט אויף ליזא'ס
בעטעלע: — דאס שטייגט שוין אריבער מיינע כחות! היינט איז
שוין דער פערטער טאג, זינט איך בין ווי אין א קעסעל; איך קען
שוין מעהר ניט מאכען דעם אנשטעל, אז איך באמערק גארניט,—
איך קען ניט זעהן ווי דו ווערסט בלאס, ווי דו טריקענסט, וויינסט,
איך קען ניט, איך קען ניט!

— אבער וואס איז מיט אייך מוהמעניו? — האט ליזא
א זאג געטאן: — איך האב גארניט...

— גארניט? — האט מארפא טימאפעיעוונא אויסגעשרי־
ען: — דאס זאג אימיצען אנדערש, ניט מיר! גארניט! און
ווער איז נאר־וואס געשטאנען אויף די קניע? ביי ועמען זיינען
די וויעס נאך נאס פון טרערען? גארניט! דו גיב נאר א קוק

אויף זיך, וואָס האָסטו געמאכט פון דיין פּנים, וואוהין האָסטו אהין געטאָן דיינע אויגען? גארניט! איך ווייס דען ניט אלעס?

— דאָס וועט פאַראיבערגעהן, מוהמעניו; מיט דער צייט.

— פאַראיבערגעהן, אָבער ווען? גאָט מיינער, אַלמעכטי־נער! האָסטו איהם באמת אזוי ליעב באקומען? ער איז דאָך שוין אַן אַלטער, ליזאָטשקא. נו, איך וועל ניט לייקענען, ער איז אַ גוטער מענש, ער בייסט זיך ניט; וואָס־זשע איז דאָס אזעלכעס? מיר זיינען אַלע גוטע מענשען; די וועלט איז גרויס גענוג פאר אלערליי מענשען, אזא גוטס וועט נאָך זיין א סך.

— איך זאָג אייך, דאָס אלעס וועט פאַראיבערגעהן, דאָס אלעס איז שוין פאַראיבערגעגאַנגען.

— הער אוים ליזאָטשקא, וואָס איך וועל דיר זאָגען, — האָט מארפא טימאפעיעוונא פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן, בעת זי האָט וועקגעזעצט ליזא׳ן נעבען זיך אויפ׳ן בעט און צוגעריכט אָט איהרע האָר, אָט איהר האלדז־טיכעל. — דאָס צייגט זיך דיר נאָר אוים אזוי אויף דער הייסער מינוט, אז צו דיין צרה איז קיין הילף ניטאָ. אַך, נשמה מיינע, נאָר צום טויט איז ניטאָ קיין רפואה! דו זאָג נאָר זיך אליין: „איך וועל זיך ניט אונטערגעבען — כאַפּט איהם דער גוטער יאָהר!“ און דערנאָך וועסטו זיך אליין חדוש׳ן — ווי גיך, גוט, ס׳וועט אַוועק. דו, האָב נאָר געדולד.

— מוהמעניו, — האָט ליזא געענטפערט: — ס׳אז שוין פאַראיבערגעגאנגען, אלעס איז שוין פאַראיבערגעגאנגען.

— פאַראיבערגעגאנגען! וואָס פאר א פאַראיבערגעגאנגען! אָט האָט זיך ביי דיר דאָס נעזיל אפילו פארשפּיצט, און דו זאָגסט: פאַראיבערגעגאנגען. גוט: פאַראיבערגעגאנגען!

— יאָ, ס׳איז פאַראיבערגעגאנגען, מוהמעניו, אויב איהר וועט מיר נאָר וועלען ארויסהעלפען, — האָט ליזא ארויסגערעדט מיט אַ פּלוצליכער באַגייסטערונג און האָט זיך אַ וואָרף געמאָן מארפא טימאָפיעוונאַ׳ן אויפ׳ן האלדז. — טייערע מוהמעניו, זייט מיר אַ פריינד, העלפט מיר; זייט אויף מיר ניט אין כעס, פאַרשטעהט מיך...

— וואָס אזעלכעס, וואָס איז, מאמע מיינע? שרעק מיך

ניט, איך בעט דיך; אָט הויב איך גלייך אָן צו שרייען, קוק ניט אזוי אויף מיר; זאָג גיכער, וואָס אזעלכעס?

— איך... איך וויל... — ליזא האָט באַהאַלטען איהר פּנים אויף מארפא טימאָפעיעוונא'ס ברוסט... — איך וויל געהן אין א מאָנאַסטיר, — האָט זי טעמפּ ארויסגערעדט.

די אַלטע איז אַזש אונטערגעשפּרונגען אויפ'ן בעטעל.

— צלם זיך איבער, מאַמע מיינע, ליזאָטשקא, קום צו זיך: וואָס האָסטו דאָס, גאָט איז מיט דיר, — האָט זי ענדליך ארויס־געפּלאָפּעלט: לעג זיך צו, טייבעלע, שלאָף אביסעל איין; דאָס איז דיר אַלץ געקומען פון שלאָפלאָזיגקייט, נשמה מיינע.

ליזא האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, די באַקען איהרע האָבען געפלאַמט.

— ניין, מוהמעניו, — האָט זי א זאָג געטאָן: — רעדט ניט אזוי; איך האָב זיך באַשלאָסען, איך האָב מתפּלל געווען, איך האָב געבעטען אָן עצה ביי גאָט; אַלעס איז געענדיגט, מיין לעבען מיט אייך איז געענדיגט. אזא לעקציע איז ניט אומזיסט; און ס'איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך קלער וועגען דעם. קיין גליק צו מיר פּאַסט ניט, אפילו ווען איך האָב געהאַט האָפ־נונגען אויף גליק האָט דאָס הארץ מיר אַלץ גענאָגט. איך ווייס אַלעס, אי מיינע עבירות, אי פרעמדע, אי ווי דער טאַטעניו האָט דאָס רייכטום אָפּגעשפּאָרט; איך ווייס אַלעס. אויף דעם אַלעם מוז מען אויסבעטען, א כפּרה אויסבעטען. איהר טוט מיר באַנג, די מאַמע טוט מיר באַנג, לענאָטשקא; נאָר מען קען זיך ניט העלפען; איך פיהל, אז דאָ קען איך ניט לעבען; איך האָב זיך שוין מיט אַלעם געזעגענט, פאַר אַלעם אין הויז פארנייגט צום לעצטען מאָל; עפּעס רופט מיך אוועק; עס איבעלט מיך, עס ווילט זיך מיר זיך פארשפּארען אויף אייביג. האַלט מיך ניט אָפּ, רעדט מיך ניט אָפּ, העלפט מיר, א־ניט, וועל איך אַליין אוועק־געהן...

מארפא טימאָפעיעוונא האָט מיט שרעק אויסגעהערט איהר פּלעמעניצע.

„זי איז קראַנק, רעדט פון היץ, — האָט זי געטראַכט: — מען דארף שיקען נאָך א דאָקטאָר; אָבער נאָך וועלכען? געדעאָ־

נאָווסקי האָט ניט לאַנג צוריק געלויבט עפּעס אַ דאָקטאָר, ער לייגט אָבער אַליין — און אפשר האָט ער דאָס אַמאָל געזאָגט אַן אמת". נאָר ווען זי האָט זיך איבערציינט, אַז ליזאַ איז ניט קראַנק און רעדט ניט פון היץ, ווען אויף אַלע איהרע אָבווענדונגען האָט ליזאַ שטענדיג געענטפערט איינס און דאָס זעלבע, האָט מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ זיך דערשראָקען און ניט אויף קאַטאָוועס זיך פאַרזאָרגט.

— דו ווייסט דאָך ניט, טייבעלע דו מיינס, — האָט זי אָנגעפאַנגען איהר איינריידען: וואָס פאַר אַ לעבען עס איז אין די מאָנאַסטירען! מען וועט דיך דאָך, קינד מיינס, האָדעווען מיט גריינער קאָנאָפּליע-פּוטער, וועש וועט מען דיר אָנטאָן די גראָבסטע, און מען וועט דיך צווינגען צו געהן אין דער קעלט; דו וועסט דאָך דאָס אַלעס ניט איבערטראָגען, ליזאָטשקאַ. דאָס איז אַלץ אין דיר נאָך אַגאַפיאַ'ס שפּורען; דאָס האָט זי דיך פון וועג אַראָפּגעפיהרט נאָר זי האָט דאָך אָנגעפאַנגען דערפון, וואָס זי האָט פריהער אַ לעב געטאָן, און טאַקע אַ לעב געטאָן מיט פאַרגעניגען; טו אויך אַ לעב. לאָז מיר, לכל הפחות, שטאַרבען רוהיג, און נאָכדעם טו, וואָס דו ווילסט. און ווער האָט דאָס גאָר געזעהן, אַז פאַר אַזעלכען, פאַר אַ ציגען-בערדעל, גאָט זאָל ניט שטראָפען פאַר די רייד, פאַר אַ מאַנספאַרשוין זאָל מען געהן אין אַ מאָנאַסטיר? נו, אויב עס נאָגט דיך יאָ אַזוי, פאָר־זשע אַרונטער צו עפּעס אַ הייליגען און זיי מתפלל, אָבער טו ניט אָן אָט דעם שוואַרצען מיץ אויף דיין קאָפּ, טאַטע דו מיינער, מאַמע דו מיינע...

און מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ האָט זיך ביטער צעוויינט.

ליזאַ האָט זי געטרייסט, איהר אויסגעווישט די טרערען, אַליין געוויינט, נאָר איז געבליעבען פאַר'עקשנ'ט. אויס יאוש האָט מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ זיך געפּרואווט אַ לאָז טאָן אין גאַנג סטראַשונקעס: אַלעס דערצעהלען דער מוטער... אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען. נאָר צוליעב די פאַרשטאַרקטע בקשות פון דער אַלטער, האָט ליזאַ איינגעשטימט אָבצולעגען די פאַרווירקליכונג פון איהר פּלאַן אויף אַ האַלב יאָהר; דערפאַר האָט מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ געמוזט איהר געבען דאָס וואָרט, אַז זי וועט איהר אַליין העלפען צו קריגען די צושטימונג פון מאַריאַ דמיטריעוונאַ, אויב זי וועט אין זעקס חדשים אַרום ניט ענדערן איהר באַשלוס.

מיט'ן אָנקומען פון די ערשטע קעלטען, האָט ווארוואראַ פאוולאווא, ניט קוקענדיג אויף איהר צוזאג זיך באגראָבען אין א פארוואָרפען ווינקעל, באזאָרגענדיג זיך מיט געלט, זיך איבערגעקליבען קיין פעטערבורג, וואו זי האָט געדונגען א באשיידענע, נאָר גוטינקע קווארטיר, וואָס פנשין האָט פאר איהר אויפגעזוכט. ער האָט נאָך פאר איהר פארלאָזט א...ער גובערניע. אין דער לעצטער צייט פון זיין וואוינען אין דער שטאָדט א... האָט ער אינגאנצען פארלאָרען מאריא דמיטריעוונא'ס אויפגעלעגטקייט; ער האָט פלוצלונג אויפגעהערט זי צו באזוכען און איז כמעט ניט ארויסגעפאָהרען פון לאווריקי. ווארואווארא פאוולאָוונא האָט איהם פארשקלאפט, טאַקע פארשקלאפט: מיט קיין אנדער וואָרט קען מען ניט אויסדריקען איהר אומבאגרעניצטע, אומפארמיידליכע, אומפאראנטוואָרטליכע מאכט איבער איהם.

לאווערצקי האָט אָבגעוואוינט דעם ווינטער אין מאָסקווא, און פריהלינגס־צייט פונ'ם פאָלגענדען יאָהר איז צו איהם דערגאנגען די ידיעה, אז ליזא איז אריין אין ב...ער מאָנאסטיר, אין איינעם פון די וויטסטע געגענדען פון רוסלאנד.

## ע פ י ל אָ ג.

אכט יאָהר זיינען אוועק. עס איז ווידער געקומען דער פריהלינג... נאָר לאָמיר פריהער זאָגען עטליכע ווערטער וועגען דעם שיקזאל פון מיכאלעוויטשען, פאנשינען, מאדאם לאווערצקאיא, — און זיך מיט זיי צושיידען. מיכאלעוויטש איז, נאָך לאנגע ארומוואנדערונגען, ענדליך צוגעקומען צו זיין ווירקליכער באשעפטיגונג: ער האָט געקראָגען א שטעלע אלס עלטערער אויפזעהער אין א רעגיערונגס־אנשטאלט. ער איז זעהר צופריעדען מיט זיין גורל, און די תלמידים „פארגעטערען“ איהם, הגם זיי קרימען איהם איבער. פאנשין האָט זיך היבש א רוק געטאָן אין ראנג און פיקט זיך שוין אלס דירעקטאָר; ער געהט שוין עטוואָס איינגעבויגען: עס מוז זיין, אז דער וולאדימיר־צלם, וואָס מען האָט איהם געשענקט אויפ'ן האלז, ציהט איהם אביסעל אָפ פאָראויס. דער טשינאָווניק האָט ביי איהם גענצליך איבערגעוואויגען דעם

קינסטלער; זיין אַלץ נאָך יוגענטליכער פּנים איז געל געוואָרען. די האָר — שיטער געוואָרען, און ער זינגט שוין ניט, מאָלט ניט, נאָר געהיים באשעפטיגט ער זיך מיט ליטעראטור: ער האָט אָנ־געשריבען א קאָמעדיעלע, לויט'ן ארט פון „גלייכווערטלאך" — און אזוי ווי איצטער מוזען אלע, וואָס שרייבען, „ארויספיהרען" ווען ס'ניט איז אָדער וואָס ס'ניט איז, האָט ער אויך אין איהר ארויסגעפיהרט א קאָקעטקע און לייענט דאָס פאָר שטילינקערהייד פאר א צוויי־דריי דאמעס, אין וועמעס אויגען ער האָט געפונען חן. חתונה האָבען האָט ער, פונדעסטוועגען, ניט חתונה געהאט, הגם עס האָבען זיך געמאכט גענוג גוטע געלעגענהייטען: שולדיג אין דעם איז ווארווארא פאוולאָוונא. וואָס ס'איז שייך צו איהר, וואוינט זי, ווי פריהער, שטענדיג אין פאריז: פעדאָר איוואַ־ניטש האָט איהר געגעבען א וועקסעל אויף זיך און האָט זיך אויס־געקויפט פון איהר, פון דער מעגליכקייט פון א צווייטען אומער־ווארטעטען אָנפאל. זי איז אלט געוואָרען און גראָב געוואָרען, נאָר איז נאָך אלץ ליעבליך און גראציעז. יעדער מענש האָט זיין אי־דעאל: ווארווארא פאוולאָוונא האָט געפונען איהרען — אין די דראמאטישע ווערק פון הער דומא — דעם זוהן. זי באזוכט פלייַ־סיג דאָס טעאטער, וואו מען פיהרט אויף אויף דער ביהנע שווינד־זיכטיגע און סענטימענטאלע קאָמעדיעס; צו זיין מאדאם דאָש דוכט זיך איהר איז דאָס העכסטע פון מענשליכען וואוילזיין; זי האָט איינמאָל ערקלעהרט אז זי ווינשט ניט פאר איהר טאָכטער קיין בעסערן גורל. מען דארף האָפען, אז דער שיקזאל וועט אויס־לייזען Mademoiselle אדא'ן פון אן עהנליכען וואוילזיין: פון א רויט אָנגעשוואָלען קינד האָט זי זיך פארוואנדעלט אין א שוואכ־ברוסטיגער, בלאסינקער מיידעלע; איהרע נערוועןן זיינען שוין צור־דרעהט. די צאָהל פארעהרער פון ווארווארא פאוולאָוונא'ן האָט זיך פארקלענערט, נאָר זיי זיינען ניט פארשוואונדען; אייניגע וועט זי, מן הסתם, אָנהאלטען ביז'ן סוף פון איהר לעבען. דער היציג־סטער פון זיי איז די לעצטע צייט געווען איינער זאקורדאלא־סקו־בירניקאָוו, אן אויסגעדיענטער גווארדייסקער וואָנסען־טרעגער, א מענש פון א יאָהר אכט־און־דרייסיג, מיט אן אומגעוועהנטליכער קערפערליכער קרעפטיגקייט. די פראנצויזישע באזוכער פון מאַ־

דאָס לאַווּרעצקאַיאַ'ס סאַלאָן רופֿען איהם le gros taureau de L'Ucraine ; וואַרוואַרא פּאַוולאָוונא לאַדט איהם קיינמאָל ניט איין צו איהרע מאָדנע אָוועגטען, נאָר ער באַזוכט פֿאָלקאָם איהר גוט־פֿריינדשאַפֿט.

און אַזוי . . . איז אַוועק אכט יאָהר. ווידער האָט פֿונ'ם הימעל אַ בלאָז געטאָן מיט שיינענדען גליק פֿון פֿריהלינג; ווידער האָט ער אַ שמייכעל געטאָן אי צו דער ערד, אי צו מענשען; ווידער האָט זיך אַלעס אונטער זיין צערטלען צובליהט, פֿאַרליעבט און צוזונגען. די שטאָדט א . . . האָט זיך ווינציג געענדערט אינ'ם משך פֿון אַט די אכט יאָהר; נאָר דאָס הויז פֿון מאַריאַ דמיטריעוונא'ן איז עפּעס ווי יונגער געוואָרען: זיינע פֿריש אָפּגעפֿאַרבטע ווענט האָבען זיך באַגריסענד געוויזען, און די שויבען פֿון די צועפֿענטע פֿענסטער האָבען זיך געררויטעלט און געגלאַנצט ביים זון־אונטערגאַנג; פֿון אַט די פֿענסטער האָבען זיך געטראָגען אין גאַס פֿרעהליכע, לייכטע קלאַנגען פֿון קלינגענדע יונגע קולות, פֿון אומאויפֿהערליכען געלעכטער; דאָס גאַנצע הויז האָט ווי געזאָטען מיט לעבען און האָט זיך צוטראָגען מיט פֿרייד איבער'ן געגענד. די ווירטין פֿון דעם הויז איז שוין לאַנג געווען אין קבר: מאַריאַ דמיטריעוונא איז געשטאָרבען אין צוויי יאָהר אַרום נאָכדעם, ווי ליזאַ איז אַריין אין מאָנאַסטיר; און מאַרפֿא טימאָפֿעיעוונא האָט לאַנג ניט איבערגעלעבט איהר פּלימעניצע; זייט ביי זייט רוהען זיי אויפ'ן שטאָדטישען בית־עולם. געגאַנגען פֿון דער וועלט איז אויך נאַסטאַסיאַ קאַרפּאָוונאַ; די געטרייע אַלטיטשקע פֿלעגט אין משך פֿון עטליכע יאָהר אַלע וואָך געהן מתפּלל זיין אויפ'ן קבר פֿון איהר פֿריינדין... עס איז געקומען די צייט, און איהרע ביינער האָבען זיך אויך איינגענורעט אין דער פֿייכטער ערד. נאָר מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ס הויז איז ניט אַריין אין קיין פֿרעמדע הענט, פֿון איהר שטאַם ניט אַוועק, די נעסט איז ניט צושטערט געוואָרען: לענאָטשקאַ, וואָס איז פֿאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שלאַנקער שעהנער פֿריילין און איהר חתן — אַ פֿלאַקסהאָריגער הוסאַרען־אָפֿיציער, מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ס זוהן, וואָס האָט נאָר־וואָס חתונה געהאַט אין פּעטערבורג און איז צוזאַמען מיט דער יונגער פֿרוי געקומען אויפ'ן פֿריהלינג אין דער שטאָדט

א . . . ; זיין פרוי'ס א שוועסטער, א זעכצעהן־יאָהריגע אינסטי־טוטקע מיט רויטע באַקען און קלאָרע אויגען, שוראַטשקא, וואָס איז אויך אויסגעוואַקסען און שעהן געוואָרען — אָט וואָס פאר א יוגענט עס האָט פאַרטויבט מיט געלעכטער און מיט רייד די ווענט פון דעם קאַליטין־הויז. אַלעס האָט זיך אין דעם געענדערט, אַלעס האָט זיך צוגעפּאַסט צום געשמאַק פון די נייע איינוואוינער. באָרד־לאָזע הויף־חברה, לצים און אָפּלאַכער האָבען פאַרביטען די אַמאָ־ליגע געזעצטע זקנים; דאָרטען וואו די אָפּגעפּרעסענע ראַסקאָ פלעגט אַמאָל אַרומשפּאַצירען אַזוי ברייטלאַך, לויפען איצט משוגע'־נערוויז און שפּרינגען צוויי יאַגד־הינט; אין פערד־שטאַל האָבען זיך איצט באַוויזען מאָגערע לייכט־געהער, פייערדיגע האָלאָבליע־פערד, צוהיצטע זייטיגע פערד מיט געפלאָכטענע גריוועס, דאָנער רייט־פערד; די שטונדען פון איבערבייסען, מיטאָג און וועטשערע האָבען זיך פאַרפלאָנטערט און אויסגעמישט; ס'איז, לויט'ן אויס־דרוק פון די שכנים, אַוועק א סדרה פון אומגעהערטע איינפיהרונגען.

אין יענעם אָוועגט, וועגען וועלכען מיר האָבען אָנגעפאַנגען צו ריידען, האָבען די איינוואוינער פון דעם קאַליטין־הויז (דער עלט־סטער פון זיי, לעוואַטשקאָ'ס חתן, איז סך־הכל אַלט געוועזען פיער־און־צוואַנציג יאָהר) זיך באַשעפטיגט מיט ניט קיין קאָמפּליצירטען, נאָר משפּט'ענדיג לויט זייער העפטיגען געלעכטער, זעהר א פרעה־ליכען פאר זיי שפּיעל: זיי זיינען געלאָפען איבער די צימערן און געכאַפּט איינער דעם אַנדערן; די הינט זיינען אויך געלאָפען און געהאַווקעט, און די קאַנאַריקלעך, וואָס זיינען געהאַנגען אין די שטייגעלעך פאר די פענסטער, האָבען אויך געהאַלטען אין איין רייסען דעם האַלז און פאַרשטאַרקט דעם אַלגעמיינעם טומעל מיט דעם קלינגענדיג קנאַקען פון זייער ווילדען פּיסטשען. אינ'ם סאַ־מע ברען פון אָט דעם באַטויבענדען שפּיעל איז צו דעם טויער צוגעפאָהרען א פאַרשמירטער עקיפּאַזש, און א מענש פון א יאָהר פינף־און־פערציג, אין רייזע־קליידער, איז פון איהם אַרויסגעקראָ־כען און זיך אָפּגעשטעלט אין פאַרוואונדערונג. ער איז אָפּגע־שטאַנען א שטיקעל צייט אומבאַוועגליך, אַרומגעכאַפּט דאָס הויז מיט אַן אויפמערקזאַמען בליק, איז אַריינגעגאַנגען דורכ'ן טירעל אין הויף און פּאַמעלאַך אַרויף אויפ'ן גאַניקעל. אין פאָר־צימער

האָט איהם קיינער ניט באגעגענט; נאָר די טיר פונ'ם זאַל האָט זיך שנעל אָן עפען געטאָן; — פון איהר איז ארויסגעשפּרונגען שוראַטשקא, איגגאַנצען אַ פּאַררויטעלטע — און אין דער רגע, גלייך נאָך איהר, איז, מיט קלינגענדע געשרייען, ארויסגעלאָפען די גאַנצע יונגע כאָפּטע. זי האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט און אַנ־שוויגען געוואָרען ביים אַנבליק פונ'ם אומבאקאַנטען; נאָר די ליב־טיגע אויגען, געריכטעט אויף איהם, האָבען געקוקט פונקט אַזוי ליעבליך, די פרישע פּנים'ער האָבען ניט אויפגעהערט צו לאַכען. — מאַריא דמיטריעוונא'ס זוהן איז צוגעגאַנגען צום גאַסט, און באַ־גריסענד איהם אַ פרעג געטאָן, וואָס ער וויל.

— איך בין לאַווּרעצקי, — האָט דער גאַסט אַ זאָג געטאָן.

אַ פריינדליכער געשריי האָט זיך איהם דערטראָגען אַלס ענט־פער — און ניט דערפאַר, וואָס אָט די יוגענט האָט זיך אַזוי זעהר דערפרעהט מיט'ן קומען פונ'ם ווייטען, כמעט פאַרגעסענעם קרוב, נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס זי איז גרייט געווען צו טומלען און זיך פרעהען ביי יעדען גינסטיגען צופאַל. מען האָט לאַווּרעצקי'ן גלייך ארומגערינגעלט: לענאָטשקא, אַלס אַלטע באקאַנטע, האָט זיך די ערשטע אָנגערופען, האָט איהם פאַרזיכערט, אַז ווען נאָך אַ ביסעלע, וואָלט זי איהם געוויס געווען דערקענט, און האָט איהם פאָרגע־שטעלט די גאַנצע איבעריגע געזעלשאַפט, אָנרופענדיג יעדען, אפילו איהר חתן, ביי זייערע צערטעל־נעמען. דער גאַנצער עולם האָט זיך דורך דעם עס־צימער אַ לאָז געטאָן אין גאַסט־צימער. דער שפּאַליר איןביידע צימערען איז שוין געווען אַן אַנדערער, נאָר דאָס מעבעל איז נאָך גאַנץ געבליבען; לאַווּרעצקי האָט דערקענט די פּיאַנאָ; אפילו דער נייראַם ביים פענסטער איז אויך געשטאַנען דער זעלביגער, אין דעם זעלביגען פּלאַץ, און אויב ניט מיט דער זעלביגער ניט־פאַרענדיגטער ארבייט, ווי צוריק מיט אַכט יאָהר. איהם האָט מען אוועקגעזעצט אויף אַ ווייכער שטוהל; אַלע האָבען זיך מיט שטאָם ארום איהם ארומגעזעצט. פראַגען, אויסגעשרייען, ערצעהלונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו שיטען איינס נאָכ'ן אַנ־דערן.

— שוין לאַנג האָבען מיר אייך ניט געזעהן, — האָט לע־

נאַטשקא נאַאיוו באַמערקט: און וואַרוואַרא פּאַוולאָוונאַ'ן האָבען מיר אויך ניט געזעהן.

— ס'אַ משל! — האָט איהר ברודער איילענדיג אונטערגע־כאַפּט. — דיך האָב איך אַוועקגעפיהרט קיין פּעטערבורג, און פּע־דאָר איוואַניטש האָט אַלץ געוואוינט אין דאָרף.

— יאַ, די מאַמע איז דאָך פון יענער צייט אָן טוידט.

— און מאַרפאַ טימאָפעיעוונאַ, — האָט שוראַטשקאַ אַ זאָג געטאָן.

— און נאַסטאַסיאַ קאַרפּאָוונאַ, — האָט לענאָטשקאַ געענט־פערט: — און מאַסיאַ לעמם...

— ווי? לעמם איז אויך געשטאָרבען? — האָט לאַוורעצקי אַ פרעג געטאָן.

— יאַ, — האָט דער יונגער קאַליטין געענטפערט: — ער איז פון דאַנען אַוועקגעפאָהרען קיין אָדעס, מען זאָגט, עמיצער האָט איהם אַהין אַרויסגענאַרט; דאָרט איז ער געשטאָרבען.

— איהר ווייסט ניט, פון איהם איז איבערגעבליבען מוזיק?

— איך וויים ניט, אפשר.

אַלע זיינען אַנשוויגען געוואָרען און זיך איבערגעקוקט. אַ טרויער־וואָלקען איז אַנגעפלויגען אויף אַלע יונגע פּנים'ער.

— און מאַטראָסקאַ לעבט, — האָט פּלוצלונג לענאָטשקאַ אָנגעפאַנגען צו ריידען.

— און געדעאָנאָווסקי לעבט, — האָט איהר ברודער צוגע־געבען.

ביי געדעאָנאָווסקי'ס נאָמען האָט אַ דונער געטאָן אַ הויל־כיגער געלעכטער.

— יאַ, ער לעבט און ליגט ווי פריהער, — האָט פאַרגעזעצט מאַריאַ דמיטריעוונאַ'ס זוהן: — און שטעלט אייך פאָר, אָט אַ די בחור'טע (ער האָט אָנגעצייגט אויף דער אינסטיטוטקע, אויף זיין פרוי'ס שוועסטער) האָט נעכטען איהם אַריינגעשאָטען פעפער אין זיין טאַבאַק־קעסטעלע.

— ווי ער האָט דאָס אַביסעל געניעסט! — האָט לענאָטשקאַ אויסגעשריען, — און ווידער האָט זיך צוקלונגען אַן אומאָפּהאַלט־באַרער געלעכטער.

— מיר האָבען ניט לאַנג געהאַט אַ ידיעה וועגען ליזא'ן, — האָט דער יונגער קאַליטין אַ זאָג געטאָן, — און ווידער איז אַלעס ארום שטיל געוואָרען: — איהר איז גוט, דאָס געזונט איהרס בעסערט זיך צוביסלאַך.

— זי איז נאָך אַלץ אין דעם זעלביגען מאָנאַסטיר? — האָט לאַווערעצקי ניט אָהן אָנשטרענגונג אַ פרעג געטאָן.

— אַלץ אין דעם זעלביגען.

— זי שרייבט צו אייך?

— ניין, קיינמאָל ניט; מיר באַקומען ידיעות דורך מענשען.

עס איז געוואָרען אַ פּלוצלינגע טיעפע שטילקייט; אָט „איז אַ שטילער מלאך דורכגעפלויגען", האָבען אַלע אַ קלעהר געטאָן.

— איהר ווילט אפשר אביסעל אין סאַד? — האָט קאַליטין זיך געווענדעט צו לאַווערעצקי'ן: — ער איז איצט זעהר שעהן, הגם מיר האָבען איהם אַ ביסעל פאַרלאָזט.

לאַווערעצקי איז ארויסגעגאַנגען אין סאַד, און דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך איהם אַ וואָרף געטאָן אין די אויגען — איז געוועזען יענע באַנק, אויף וועלכער ער האָט אמאָל פאַרבראַכט מיט ליזא'ן עטליכע גליקליכע סעקונדען, וואָס האָבען זיך שוין מעהר ניט ווידערהאָלט; זי איז שוואַרץ געוואָרען, קרום געוואָרען; נאָר ער האָט זי דערקענט, און זיין נשמה האָט ארומגעכאַפּט אַ געפיהל, וואָס האָט צו זיך קיין עהנליכקייט ניט, סיי אין זיסקייט סיי אין ביטערקייט — אַ געפיהל פון לעבעדיגען טרויער אויף דער פאַרשוואונדענער יוגענט, אויפ'ן גליק, וואָס ער האָט אמאָל באַזעסען. ער איז זיך דורכגעגאַנגען צוזאַמען מיט דער חברה יונגוואַרג איבער די אַלעען: די לינדען בוימער זיינען עטוואָס עלטער געוואָרען און אויסגעוואַקסען פאַר די לעצטע אכט יאָהר, נאָר זייער שאָטען איז געוואָרען געדיכטער; דערפאַר האָבען זיך אַלע קוסטען אַ הויב געטאָן, די מאַלינע־קוסטען זיינען אריין אין קראַפּט, נאָר די ניסען־בוימלאַך זיינען אינגאַנצען פאַרדאַרט געוואָרען און פון איבעראַל האָט געשמעקט מיט פרישען וואַלד, גראָז און בעז.

— אָט ווי סע איז גוט צו שפּיעלען אין „פּיער ווינקלען", — האָט לענאָטשקאַ פּלוצלונג אויסגעשריען ארויפגעהענדיג אויף אַ

גרין שטיקעל פעלד, ארומגערינגעלט מיט לינדען־בוימער: מיר זיי־נען גראד פונקט אין פיפטען.

— און פעדאר איוואניטש׳ען האסטו פארגעסען? — האט איהר ברודער באמערקט. — אדער דו רעכענסט זיך ניט?

לענאטשקא האט זיך לייכט פאררויטעלט.

— קען דען פעדאר איוואניטש, אין זיינע יאהרען... — האט זי אנגעפאנגען.

— שפיעלט, שפיעלט, — האט לאוורעצקי איילענדיג אונטער־געכאפט: — שענקט אויף מיר ניט קיין אויפמערקזאמקייט. מיר אליין וועט זיין אנגענעהמער, ווען איך וועל וויסען, אז איך שטער אייך ניט. און מיך אונטערהאלטען דארפט איהר ניט; ביי אונ־זערע ברידער, זקנים, איז פאראן א באשעפטיגונג, וואס איהר ווייסט נאך ניט און וואס קיין ערהאלונג קען ניט פארבייטען: ערמאינע־רונגען.

די יונגע מענשען האבען אויסגעהערט לאווערעצקי׳ן מיט א פריינדליכער און עטוואס שפאטישער ווירדיגקייט, — אקוראט ווי דער לעהרער וואלט פאר זיי איבערגעלייענט א לעקציע, — און פלוצלונג האבען זיי זיך פון איהם אוועקגעשאטען און ארויפגע־לאפען אויפ׳ן שטיקעל פעלד; פיער האבען זיך אוועקגעשטעלט נעבען די בוימער, איינער אין מיטען — און עס האט זיך אנגע־הויבען דאס שפיעל.

און לאווערעצקי האט זיך אומגעקעהרט אין הויז, אריינגעגאנ־גען אין עס־צימער, צוגעגאנגען צו דער פיאנא און אנגעריהרט א קלאוויש: עס האט זיך דערהערט א שוואכער נאר א ריינער קלאנג, און האט געהיים א ציטער געטאן ביי איהם אין הארצען: מיט אט דעם קלאנג האט זיך אנגעפאנגען יענע באגייסטערטע מעלאדיע, מיט וועלכער לעמם, דער פארשטארבענער לעמם, האט א לאנגע צייט צוריק, טאקע אין יענער גליקליכער נאכט, איהם אריינגע־בראכט אין אזא התפעלות. נאכדעם איז לאווערעצקי אריבערגע־גאנגען אין גאסט־צימער און לאנג פון איהם ניט ארויסגעגאנגען: אין אט דעם צימער, וואו ער האט אזוי אפט געזעהן ליזא׳ן, איז פאר איהם לעבעדיגער אויפגעשטאנען איהר געשטאלט; איהם האט זיך געדוכט, אז ער פיהלט ארום זיך די שפורען פון איהר אנווע־

זענהייט; נאָר דער טרויער וועגן איהר איז געווען אַ מיעז־מאַ־בענדער און ניט קיין לייכטער: אין איהם איז ניט געווען קיין שטיל־קייט, אָנגעפּאָכעט פון׳ם טויט. ליזא האָט נאָך ערגעץ־וואו גע־לעבט, טעמפּ, ווייט; ער האָט וועגן איהר געטראַכט, ווי וועגען אַ לעבעדיגער, און ער האָט ניט דערקענט דאָס מיידעל, וועמען ער האָט אַמאָל געליעבט, אין יענעם טונקעלען, בלאַסען, פאַנ־טאַסטישען בילד, פאַרקליידעט אין מאָנאַכען־קליידער, אַרומגע־רינגעלט מיט רויכיגע וועלען פון וויי־רויך. לאַווורעצקי וואָלט זיך אליין אויך ניט געווען דערקענט, אויב ער זאָל אויף זיך געווען קענען אזוי אַ קוק טאָן, ווי ער האָט אין געדאַנק אַ קוק געטאָן אויף ליזאַ׳ן. אין דעם משך פון אָט די אַכט יאָהר איז, ענדליך, געשעהן יענער אָפּבראָך אין זיין לעבען, וועלכע פיעלע לעבען ניט דורך, אָבער אָהן וועלכען מען קען ניט בלייבען קיין פיינער מענש ביז׳ן סוף: ער האָט ווירקליך אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען פערזענליכען גליק, וועגען זעלבסטזיכטיגע צוועקען. ער איז שטיל געוואָרען, און — צו וואָס באַהאַלטען דעם אמת? — ער איז אַלט געוואָרען ניט אויפ׳ן פּנים און קערפּער, נאָר אויך אַלט געוואָרען אין דער נשמה; איינצוהאַלטען דאָס האַרץ אַ יונגס ביז דער על־טער, ווי אַנדערע זאָגען, איז אי שווער, אי לעכערליך; צופריעדען זיין מעג שוין יענער, וועלכער האָט ניט פאַרלאָרען די גוטסקייט, די שטאַנדהאַפטיגקייט פון׳ם ווילען, דעם חשק צו טעטיגקייט. לאַווורעצקי האָט געהאַט דאָס רעכט צו זיין צופריעדען: ער איז באמת געוואָרען אַ גוטער באַלעבאָס, האָט זיך באמת אויסגעלער־רענט אַקערען ערד און האָט געהאָרעוועט ניט צוליעב זיך; ער האָט, אויף וויפיעל ער האָט נאָר געקענט, פאַרזיכערט און באַפעס־טיגט דעם וואוילשטאַנד פון זיינע פּויערים.

לאַווורעצקי איז אַרויסגעגאַנגען פון׳ם הויז אין סאָד, זיך אַני־דערגעזעצט אויף דעם, איהם באַקאַנטען, בענקעל — און אויף דעם טייערען פּלאַץ, פאַר יענעם הויז, פאַר וועלכען ער האָט צום לעצטען מאָל אומזיסט אויסגעשפּרייט זיינע הענט צום פאַרשפּראָ־כענעם בעכער, אין וועלכען עס זידט און שפּיעלט דער גאָלדענער ווייַן פון תענוג, — ער, אַן איינזאַמער, אַ הויזלאָזער וואַנדערער, אונטער די צופליהענדע פרעהליכע רופען פון׳ם יונגען דור, וואָס

האָט איהם שוין פאַרביטען, — האָט זיך אומגעקוקט אויף זיין לעבען. טרויעריג איז איהם געוואָרען אויפ'ן הארצען, נאָר ניט שווער, ניט וועהטאָגדיג: ער האָט געהאט פאַר וואס ס'זאָל איהם באַנג טאָן, שעהמען זיך — פאַר גאָרניט. „שפּיעלט זיך, פרעהט זיך, וואקסט, יונגע קרעפּטען, — האָט ער געקלעהרט, און עס איז ניט געוועזן קיין ביטערניש אין זיינע געדאנקען: דאָס לעבען שטעהט אייך ערשט פאָר, און אייך וועט זיין גרינגער צו לעבען; אייך וועט ניט אויסקומען, ווי אונז, צו זוכען אייער וועג, צו קעמפען, פאַלען און אויפשטעהן אין דער פינסטער; מיר האָבען זיך גע־זאָרגט וועגען דעם, ווי אזוי גאנץ צו בלייבען — און וויפיעל פון אונז זיינען ניט גאנץ געבליבען! — און איהר דארפט טאָן די זאַך, ארבייטען — און די ברכה פון אונזערע ברידער, זקנים, וועט זיין מיט אייך. און מיר, נאָך היינטיגען טאָג, נאָך אָט די אַלע ערפאהרונגען, בלייבט נאָר איבער אַ לעצטען מאָל זיך פאַר אייך פארנייגען — און הגם מיט טרויער, אָבער אָהן קנאה, אָהן אַלערליי פינסטערע געפיהלען, זאָגען צוליעב דעם סוף, צוליעב דעם וואר־טענדען גאָט: „לעבען זאָל די איינזאַמע עלטער! דערברען, אומ־נוצליך לעבען!“

לאוורעצקי איז שטיל אויפגעשטאנען און שטיל זיך דערוויי־טערט; קיינער האָט איהם ניט באַמערקט, קיינער ניט אָפּגעהאַל־טען; פרעהליכע געשרייען, נאָך שטארקער ווי פריהער, האָבען זיך געהערט אין סאָד הינטער דער גרינער דיקער וואנט פון די הויכע לינדען־בוימער. ער האָט זיך אריינגעזעצט אין עקיפּאַזש און געהייסען דעם קוטשער פאָהרען אהיים און ניט יאָגען די פערד.

---

„און דער סוף?“ וועט, אפשר, פרעגען דער אומבאַפריעדיג־טער לעזער. „און וואָס איז דערנאָך געוואָרען מיט לאוורעצקי'ן? מיט ליזאַ'ן?“ נאָר וואָס זאָגט מען וועגען מענשען, וואָס לעבען נאָך, אָבער וואָס זיינען שוין אויסגעשטראָכען פון דעם ערדישען פנקס, צו וואָס זאָל מען זיך צו זיי אומקערען? מען זאָגט, לאַוורעצקי האָט באַזוכט יענעם ווייטען מאָנאַסטיר, וואוהין ליזא איז אוועק — און האָט זי געזעהן. געהענדיג פון בימה צו בימה איז זי פאַרביי־געגאַנגען נאָהענט נעבען איהם, פארבייגעגאַנגען מיט אַ געמאָס־

טענעם איילענדיגען און הכנעה'דיגען טראַט פון אַ מאַנאַשקע — און האָט אויף איהם ניט אַ קוק געטאָן; נאָר די וויעס פון די אויגען, וואָס זיינען געוועזען געווענדעט צו איהם, האָבען קוים־קוים אַ ציטער געטאָן, אָבער נאָך נידעריגער האָט זי איינגעבויגען איהר אויסגעדאַרט פּנים — און די פינגער פון די צוזאַמענגעדריקטע הענט, איבערגעפלאָכטען מיט'ן שנירעל פּאַטשערקעס, האָבען זיך נאָך קרעפטיגער צוגעדריקט איינער צום צווייטען. וואָס האָבען זיי געטראַכט, וואָס האָבען זיי ביידע געפיהלט? ווער ווייסט? ווער וועט זאָגען? עס זיינען פאַראַן אַזעלכע סעקונדען אינ'ם לע־בען, אַזעלכע געפיהלען . . . אויף זיי קען מען נאָר אָנצייגען — און פאַרבייגעהן.